דאַסמאָל 228 זייט

בעזרת השם יתברך

אלישב כהן

# ליכט שטראַלן

אינטערעסאַנטע, באַלערנדע
דערציילונגען און לידער



אַרויסגעגעבן דורך

„חרדי'שע שריפטן" פאַרלאַג

ניו-יאָרק

שנת תש"ל לפ"ק

ווענן דעם „פאָרוואָרט" פונ'ם מחבר זע דעם ערשטן ספר „ליכט-שטראַלן"
וואס איז ארוים לאור.

★





מיט'ן גוטהייסונג און רעקאָמענדאַציע פון די גדולי הרבנים
הרב הגאון מפאפא שליט"א ★ הרב הגאון משאַרמאַש שליט"א

# דריטער ספר



אדרעס צו באשטעלען דאָס ספר:
— LICHT — STRALEN
150 HEWES STREET
BROOKLYN, N. Y. 11211
PHONE: 855-9414

נדפס בדפוס האחים גרויס
*Printed in U.S.A.*
*GROSS BROS. Printing Co. Inc.*
*636 11th Ave. New York, N.Y, 10036*

# דאס חשיבות פון „דער וועלט" !

מענטשן מקורבים, פארנעמען דעם אָרט
אין שטוב,ביים ווילנער גאון
זיי קרעכצן זיפצן, שטיל אָן וואָרט
זאל דער קראנקער רוען

דער עולם דאסמאל פילט שוין
און זיין האבן נישט קיין טָעות
אָט אָט פארלירט מען אזא קרוין
ס'איז אין די לעצטע שָעות

פלוצים ווערט עפעס אינטערעסאנט
דער עולם טוט זיך שטופן
דער גאון נעמט די ציצית אין האנט
און ער שעפשעט מיט די ליפן

און ווי יעדער הערן וויל
וואס זאגט דער גאון אזא צייט
ווערט אין שטוב שטיל
ס'הערט זיך די דאזיגע רייד

וועלט וועלט ! ביזט שיין און טייער
א שאד די מינוטן וואס לויפן
פאר א מעשענעם גרייצער א צווייער
קען מען א בינטל ציצית קויפן

מ׳איז מקיים דערמיט אזא מצו׳ה
אזויפיל מאל ,טאג טעגליך
דער שכר איז אָן סוף אָן קצבה
נאר אויף ״דער וועלט״ איז דאס מעגליך

ווי מ׳טוט זיך פון דעם עולם שיידן
איז נישט מעגליך מער ובשום אופן
אפילו הונדערט יאר אין גן עדן
קען מען נישט א מצו׳ קויפן

מיט די דאזיגע פאר ווערטער
געזעגנט ער זיך מיט דער וועלט
ער איז ארויף אין די הויעכע ערטער
דער גאון דער גרויסער העלד

די תלמידים האבן זיך פארנומען
די ווערטער אין הארץ איינקריצן
אז מ׳איז אויף דער וועלט געקומען
דארף מען די מינוטן אויסניצן

אויף מצות שטענדיג צו שטרעבן
פאַרן ״היינט״ און פאַרן ״נעכטן״
ווילאנג מ׳איז נאך ביים לעבן
קען מען אומבעסטן אלץ פאררעכטן



# די אָפענע „השגחה עליונה"

(אינטערעסאַנטע באַלערנדע דערציילונג פון רבינו משה סופר אַלס יונגערמאַן)

ווען רבי משה סופר איז געגאנגען אויף פרוסניץ — אויפ'ן באפעל פון זיין רבי'ן רבי נתן — אויפ'ן וועג האט ער ביי זיך באשלאסן פעסט, אז א רבנות שטעלע וועט ער ביי קיין פאל נישט אָננעמען, ער וויל נישט נעמען אויף זיך דאס אחריות פון פירן א קהילה, און נעמען א געהאלט אויף צו לעבן, פאר וועלכן ס'איז זייער שווער יוצא צו זיין, אויך האט ער מורא געהאט פאר די וואָרנונג פון די חז"ל, אז מ'זאל נישט מאכן די תורה פאר א „עטרה להתגדל בה", (א קרוין צו גרויסן זיך דערמיט פאר מענטשן) אפשר וועט ער מיט דעם דורכפאלן.

רבי משה האט געהאט א פעטער אין פראנקפורט א גרויסער עושר, ער האט געהאט א בן יחיד, וועלכער איז פלוצים שטארק קראנק געווארן ל"ע, די דאקטורים האבן שוין אויפגעגעבן אלע האָפנונגען, האט דער פעטער אויף זיך גענומען א „קבלה", אז ווען השי"ת וועט שיקן א רפואה פאר זיין זון נעמט ער אויף זיך אויסצוהאלטן זיין פלעמעניק משה, אז ער זאל קענען אומגעשטערט זיצן „על התורה ועל העבודה". און אויך האט ער איינגעלייגט טויזנט גולדן ביים פראנק-פורטער רב הער הייליגער גאון רבי פנחס האָראָוויטץ (בעל הפלאה) אז דאס זאל זיין באשטימט פאר רבי משה ווען ער וועט זיך אמאל נויטיגן אין א גרעסערע סומע געלט. ווי נאר ער האט דאס אויף זיך גענומען איז פאר זיין זון בעסער געווארן און איז ביז א פאָר טעג — אויף א וואונדערליכן אופן — פאָלקאָם געזונט געווארן, אלע דאקטורים זענען געבליבן דערשטוינט און האבן מודה געווען אז ס'איז א געטליכע האנט.

פון דעם פעטער'ס שטיצע האט זיך רבי משה אויסגעהאלטן די גאנצע צייט אין באָסקאָוויטץ. און דאס האט איהם אויך באגלייט אויף פרוסניץ. דאריבער האט ער ביי זיך באשלאסן קיין רבנות שטעלע בשום אופן נישט אָנצונעמען. דערוויל אויף צו לעבן האט ער, ער דארף נישט זארגן אויף שפעטער. ער וועט ווידמען זיין גאנץ לעבן צו די הייליגע תורה, און טאקע לערנען מיט אנדערע וויפיל ס'איז אים נאר מעגליך, אויסנוצן זיין השפעה איבער אידישע קינדער, ארויפצופירן זיי אויפ'ן דרך התורה און אמונה מיט'ן גאנצן כח, „מרביץ תורה" זיין, זאגן שיעורים פאר גרוים און קליין ווי ס'וועט זיך נאר לאזן. דאס וועט זיין זיין אויפגאבעביים לעבן. אבער אלעס אָן געלט און אָן שום טיטול און אָן פאראנטווארטליכקייט פון עפעס א אָנפירערכץ. מיט דעם פעסטן באשלוס איז ער געקומען אויף פרוסניץ.

אין פרוסניץ האט אים קיינער נישט געקענט. ער איז אוועק אין בית המדרש און געזעצט זיך לערנען. ער האט דארט געפונען צוויי

גרעסערע בחורים זיצן איבער די גמרא און גראדע האבן זיי זיך געמאַטערט אויף א שווערן תוספות. רבי משה איז צו זיי צוגעגאנגען און האט זיי ערקלערט דעם פשט אין דעם תוספות מיט א שטארקן קלארקייט. די בחורים האבן אים געבעטן ער זאל מיט זיי לערנען ווייטער. זיי האבן געעפנט מויל און אויגן אויף זיין שיינעם קלאָרן „דרך הלימוד״. דער קאפ און מוח איז זיי געעפנט געווארן. דעם צווייטן טאג האבן זיי גערופן נאך חברים צום לערנען. אויך יונגעלייט און בעלי בתים, האבן זיך צוגעטשעפעט צו זיין שיעור. ער האט מיט זיין קלאָרן לערנען און זיין כח „ההסבר״ מיט א זעלטן אנגענעמע שפראכע אריינגעבראכט א גרויסן חשק, אין די הערצער פון זיינע צוהערערס, צום לערנען. אין שטאט האט זיך פארשפרייט א קלאנג אז ס׳איז געקומען א יונגערמאן פון דייטשלאנד א גאון אין לערנען און א קלוגער און א פארשטענדליכער אין אלע זאכן.

רבי משה האט שוין געדארפט זאגן עטליכע שיעורים, פאר בחורים, יונגעלייט און פאר בעלי בתים לומדים אין די שטאט. ביז א קורצע צייט האט רבי משה זיך ערווארבן א שיינעם קרייז פון פאַרערערס און תלמידים, וועלכע האבן געטרונקען מיט דורשט א יעדעס ווארט זיינעם. און אזוי ווי ס׳איז דעמאלס אין פרוסניץ קיין רב — א מרא דאתרא — נישט געווען, האט נישט גענומען לאנג דאס די פירער פון די געמיינדע האבן אים פאָרגעשלאָגן אנצונעמען דאס רבנות פאסטן אין פרוסניץ. רבי משה האט זיי אפגעשטויסן מיטביידע הענט, עם קען אפילו נישט קומען אין באטראכט אזא זאך. ער האט אבער איינגעוויליגט צו פסק׳ענען שאלות ביז ווי זיי וועלן אויפנעמען א רב. זעלבסטפארשטענדליך אַן געהאלט און אַן שום פאראנטווארטליכקייט צו דער געמיינדע. די פירער פון די געמיינדע האבן זיך מיט אים בארַאטן אין אלע קהילה אנגעלעגנהייטן, זיי האבן דערקענט אין אים זיין גרויסע חכמה און געניטקייט, אויך די בעלי בתים און יונגע לייט אין שטאט זענען געקומען צו אים בעטן א עצה און צוגעהערט זיך צו זיינעם א ווארט מיט א ערפורכט און רעספעקט, גלייך ווי צו א גרייז־גרויען זקן. טראצדעם וואס רבי משה סופר איז דעמאלס אלט געווען אין גאנצן דריי און צוואנציג יאר, א אומפארהייראטער בחור.

* * *

די פרוסניצער געמיינדע האט נישט געקענט בלייבן אויף „לאורך ימים״ אַן א אפיציעלן רב, פאר׳ן טובה וועגן פון די געמיינדע האט זיך געפאדערט אויפצונעמען א רב א מנהיג וואס ער זאל טראגן די אחריות פון די קהילה פראבלעמען, און אויך פארטרעטן זיי כלפי די באהערדע א.א.וו., האבן זיי טאקע — אויף נישט לאנג דערויף ווי רבי משה סופר איז אהין אנגעקומען — אויפגענומען פאר א רב דעם גרויסן גאון ר׳

וואלף באָסקאוויטץ דער זון פון דעם אלטן הייליגן גאון רבי שמואל קעלן (בעל מחצית השקל) פון באסקאוויטץ.

תיכף ווי ר' וואלף באסקאוויטץ האט פארנומען די פרוסניצער רבנות שטעלע, האט ער ערהאלטן א בריף פון זיין גרויסן פאטער רבי שמואל קעלן, אז ער זאל וויסן דאס אין פרוסניץ געפינט זיך דער בחור רבי משה סופר וועלכער איז גרויס אין תורה און אין יראת שמים ווי איינער פון די גדולי הדור, און ער זאל וויסן וויזוי זיך „נוהג כבוד" זיין א קעגן אים, ער מעג זיך מיט אים באראטן אין אלע זאכן.

אזוי איז טאקע געווען. ר' וואלף באסקאוויטץ האט שטארק רעספעקטירט ר' משה'ן און אים גרויס כבוד אָנגעטאן. איבער-הויפט נאכדעם וואס ער האט אים אליין קענען געלערנט און געזען אז ער איז א „כלי שלימה" אויף אלע געביטן. ס'האט זיך פערפלאָכטן א גרויסע אהבה און ידידות צווישן זיי, און אזוי ווי ר' וואלף האט אויך געפירט א ישיבה, פלעגט ער זיינע תלמידים שיקן אויך אויסהערן דעם שיעור פון ר' משה'ן. און אויך ר' משה פלעגט זיינע תלמידים הייסן זיי זאלן גיין כאטש איינמאל אין די וואך צום שיעור פון רב ר' וואלף.

— ב —

דעמאלס אין יענע צייטן, איז געקומען א איד א גרויסער עושר א וועלטס פערזענליכקייט אויף באָסקאָוויטץ צום גרויסן גאון רבי שמואל קעלן (בעל מחצית השקל) מיט א בקשה: — היות ער האט א איינציגע טאכטער זייער א געראָטענע, און ער וויל פאר איר א שידוך א אויסנאם, וועלכער באזיצט א זעלכע מעלות וואס איז שווער צו טרעפן זיין גלייכן אין דער וועלט, הן אין תורה און יראת שמים הן אין קלוגשאפט און געשטאלט, ער איז בערייט איינצולייגן פאר אים א גרויסן נדן וויפיל ער וועט נאר בעטן, מיט איין באדינג, דאס ער זאל אננעמען א רבנות שטעלע אין א שיינע גרויסע געמיינדע וועלכעס געפינט זיך אין שכנות פון ניקלסבורג, ער האט דארט א גרויסן איינפלוס און ער קען אים דארט לאזן אויפנעמען אָן שוועריגקייטן.

דער גאון רבי שמואל קעלן האט אים געענטפערט אז אזא בחור קען ער נאר איינעם דאס איז רבי משה סופר, וועלכער געפינט זיך איצט אין פרוסניץ, דער איז גענוי דאס וואס ער וויל.

דער גביר וועלכער האט זייער הויכגעשעצט דעם גאון רבי שמואל קעלן און האט געגעבן גרויס אכט אויף זיינע רייד, איז ער תיכף אראפגעפארן אויף פרוסניץ. ער האט דארט געפונען דעם בחור רבי משה סופר, ער האט זיך מיט אים א דורכגערעדט. רבי משה האט שטארק אויסגענומען אין זיינע אויגן, אויף וויפיל ער איז געווען א מבין האט ער געזען דאס רבי שמואל קעלן'ס רייד זענען אום צו זיין ריכטיג.

מיט דעם האט ער זיך אבער נאך נישט באנוגנט. ער האט זיך פאר אים פארגעשטעלט ווער ער איז, און האט אים אויפגעדעקט זיין הארץ, דאס ער פלאַנט אים צו נעמען פאר א חתן צו זיין איינציגע טאכטער, געלט און פארמעגן וועט אים נישט פעלן, און ער האט אים איינגעלאדנט צו זיך אויף ניקלסבורג אויף א שבת. דארט וועט ער אים פארשטעלן פאר די רבנים און לומדים פון די שטאט, און מ׳וועט קענען ווארשיינדליך שליסן דעם שידוך. פון דעם באדינג אז ער דארף אננעמען א רבנות פאסטן האט ער אים הערוויל נישט געמאלדן.

רבי משה האט נישט געהאט קיין סיבה פאר וואס ער זאל נישט אננעמען די איינלאדונג, שליסליך א שידוך דארף ער דאך טאן, און די זאך זעט אוים צו זיין פאסיג אויף אויסצופירן זיינע געדאנקען, צו קענען בלייבן ביים לערנען און פארשפרייטן די הייליגע תורה אומגעשטערט.

אָנקומענדיג אויף ניקלסבורג, האט אים דער גביר פאַרגעשטעלט פאר די רבנים און לומדים אין די שטאט. זיי האבן מיט אים גערעדט אין לערנען, און ער האט ביי זיי גאר שטארק אויסגענומען. אויפ׳ן וואונטש פונ׳ם גביר האבן אים די פאַרשטאַנד פון די געמיינדע מכבד געווען א דרשה צו זאגן אין שבת קודש.

דער גביר האט געגעבן א ידיעה אין דעם שכנות׳דיגן שטאט וואו ער האט געפלאַנט אים אריינצוזעצן פאר א רב, אז איניגע פון די פאַרשטאנד זאלן אריינקומען אויף שבת אויף ניקלסבורג, און זיי האבן טאקע נאך אָנגעיאָגט אריינצוקומען אויף שבת אין דער צייט.

צו די דרשה איז געקומען די גאנצע שטאט. אין אלגעמיין איז ניקלסבורג געווען א שטאט פול מיט תלמידי חכמים לומדים. רבי משה האט געהאט א גלענצענדן ערפאלג מיט זיין דרשה. פערל און בריליאנטן האט זיך געשיט פון זיין מויל. אלע רבנים און תלמידי חכמים זענען געווען געפלעפט פון זיין אויסערגעוויינליכן גאונות און חריפות. דער גביר איז געווען אין זיבעטן הימעל, ער האט געהאלטן אויף זיכער דאס ער האט אים שוין אין האנט. די פארשטאנד פון די שכנות׳דיגע געמיינדע זענען געווען אזוי באצויבערט פון רבי משה׳ס ערפאלג, דאס זיי וואלטן אים שוין גערן תיכף דערלאנגט א „קאָנסום״.

שבת נאכמיטאג נאך מנחה ביי שלש סעודות צייט, האט דער גביר אהערגענומען רבי משה׳ן, ער איז מיט אים ארוים אויף א שפאציר א ביסל אויסער די שטאט, און דעמאלס האט ער אים אויפגעדעקט זיין פלאן, דאס ער וועט דארפן אננעמען א רבנות שטעלע אין א שיינע געמיינדע אין א שכנות׳דיגע שטאט.

רבי משה האט געפרואווט דעם גביר אָפצוווענדן פון זיינע געדאנקען: — צו וואס טויג דאס אנצונעמען א רבנות שטעלע און

נעמען אויף זיך אזא פאראנטווארטליכקייט פון צו פירן א געמיינדע אידן? ! ער קען דאך „מרביץ תורה" זיין אזוי אויך אָן דעם אחריות, אזוי ווי ער האט דאס ביז היינט געטאן.

אבער דער גביר האט זיך געהאלטן דורכאויס ביים זייניגן, ערקלערנדיג פאר רבי משה'ן, אז ער מיינט נישט דווקא דאס געהאלט פון'ם רבנות, ווייל קיין געלט וועט אים נישט פעלן, ער וועט פארשרייבן אויף זיין נאמען א היבשן חלק פון זיין פארמעגן. אבער דער נאמען „רב" און „מרא דאתרא" פון אזא שיינע שטאט וועט אים העלפן אז זיין נאָמען זאל שטייגן אין דער וועלט, און קענען גיין העכער און העכער.

רבי משה האט געזען דאס ער קען אים נישט אראפּפירן פון זיין פּלאַן, האט ער זיך מער נישט מתווכח געווען אין דער הינזיכט, ער האט געזען וואס פריער צו ענדיגן דעם געשפּרעך מיט דעם גביר, און זיי זענען זיך צוריק אריין אין שול דאווענען מעריב.

מוצאי שבת האט זיך רבי משה בארעכנט, אז אויב ער וועט שליסן דעם שידוך מיט דעם גביר, ברענגט ער אויף זיך א גרויסן נסיון, וואס ווער ווייסט צי ער וועט אים קענען עומד זיין, ווער ווייסט צי עס וועט אים נישט ברענגען דערצו דאס ער זאל אָפּקערן פון זיין פעסטן באשלוס, נישט אנצונעמען קיין רבנות שטעלע.

דעריבער האט ער באשלאסן צו אנטלויפן פון'ם נסיון ווי מ'אנטלויפט פון א פייער. ער האט נאך דעמאלס ביינאכט פארלאָזט ניקלסבורג, נישט געזעגענדיג זיך מיט דעם גביר. ער האט איבערגענעכטיגט אינ'ם נאנטסטן שטעטל, אינדערפרי איז ער געפארן ווייטער ביז פרוסניץ.

אנקומענדיג אויף פרוסניץ, האט ער זיך אוועקגעזעצט און אפגעשריבן א שיינעם בריף צום גביר אויף ניקלסבורג. געבעטן ביי אים אנטשולדיגונג, און ווידערהאָלט זיין פעסטן באשלוס, און זיינע מאָטיוון, פארוואס ער וויל נישט ביי קיין פאל אָננעמען א רבנות שטעלע, דעריבער האט ער איינגעזען אז דער שידוך איז פאר אים נישט קיין תכלית. און געוואונטשן דעם גביר, אז השי"ת זאל אים באשערן דאס ריכטיגע און ער זאל זען אסאך נחת און פרייד ביי זיין טאכטער.

דער גביר איז געווען שטארק אנטוישט פון די מעשה, ער האט אוועקגעשריבן צום גאון רבי שמואל קעלן די גאנצע געשיכטע, געשילדערט גענוי אלעם ווי ס'האט פאסירט, און ווי רבי משה סופר האט אים איבערגעלאזט אפילו אָן א „גוטן טאג".

דער גאון רבי שמואל קעלן האט געשריבן א בריף צו רבי משה סופר אויף פרוסניץ, דאס ער באדויערט וואס די זאך האט געהאט אזא אויסגאנג, און ער ענדיגט דעם בריף מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— זיי וויסן ר' משה, אויף מיר האט מען זיך פון הימעל א זעץ

געטאָן, אבער איך האב מיך ארויסגעריסן. אויף דיר וועט מען זיך זעצן, און דו וועסט דיך נישט קענען ארויסרייסן, דו וועסט מוזן ווערן אַ רב בישראל.

ווען רבי משה האט באקומען דעם בריף אין האנט אריין, האט ער גראדע געהאלטן אין מיטן לערנען א שיעור פאר זיינע תלמידים בחורים און יונגעלייט. ער האט באמערקט אז דער בריף איז פונ'ם גאון רבי שמואל קעלין דער „מחצית השקל" וועם ער האט זייער געאכטעט און הויכגעשעצט, האט ער נאך א שטיקל ווײַלע, ווען ער האט זיך אביסל אָפגערוט אין מיטן לערנען, געעפענט דעם בריף און געלייענט שנעל, ווען ער איז געקומען צו דעם אויבנדערמאָנטן לעצטן זאַץ, האט ער פלוצים אויסגעבראכן אין אַ יאָמערליך געוויין, ער האט געזאגט צו זיינע תלמידים, אז פאר קיין נסיון האט ער נישט אזוי מורא דאס ער וועט אים נישט קענען ביישטיין, אין אנבעלאנגט פון אננעמען א רבנות שטעלע, ווי ער האט מורא פאר די "קללה" פון דעם צדיק רבי שמואל קעלין, וואס ער האט אפגעפסק'נט אז ער וועט מוזן א רב ווערן.

ס'איז אינטערסאנט דא צו באמערקן, צו האבן א שטיקל באגריף אינ'ם כאראַקטער פון דעם הייליגן גאון רבי שמואל קעלין (אביסל האבן מיר אים באשריבן אין אונזער פריערדיגן ספר „ליכט שטראלן נומ. 2" אינ'ם מאמר „דער רבי מיט'ן תלמיד").

אין די קהילה פרעסבורג האט מען אמאל געוואלט אויפנעמען פאר א רב איבער די שטאט דעם גאון רבי שמואל קעלין, און מ'האט אים דאס פארשטענדיגט אין א בריף, האט ער זיי געענטפערט, אז צו זיין א רב אין פרעסבורג איז ער אבסעלוט נישט ראוי, און זיי האבן א גרויסן טעות אין אים אויב זיי דענקען אויף אים אזעלכע זאכן. אבער אזוי ווי ער וואלט זייער געהאט חשק צו געפינען זיך אין אזא הייליגע שטאט — עיר מלאה חכמים וסופרים — ווי פרעסבורג דאריבער טוט ער זיי פארשלאגן דאס מ'זאל אים אויפנעמען פאר א שולקלאַפער (א שמש) די דאזיגע שטעלע האָפט ער אז ער וועט קענען פאַלקאָם ביישטיין.

— ג —

אין פראסניץ האט געוואוינט א איד א גביר א קאפעציטעט, זיין נאמען איז געווען ר' הערש יערוויטץ. ער איז געווען א זון פונ'ם פריערדיגן פראסניצער רב הרה"ג ר' משה יערוויטץ, וועלכער איז געקומען פון גאליציע אויף פראסניץ און איז שוין א צוויי צענדליגע יארן נישט געווען אויף דעם עולם, ער איז יונגערהייט אוועק פון דער וועלט.

ר' הערש, אויבצוואר ער האט געהאט א חריפ'ישן קאפ צום

לערנען, און איז טאקע געווען אַ שיינער תלמיד חכם, האט ער אבער נישט געוואלט זיך באַפּאַסן מיט א רבנות, ער האט זיך גענומען צום האנדל, און האט טאקע שטארק מצליח געווען. ער האט געהאנדלט מיט פעלדער און וועלדער גאר אין גרויסן, געהאט פארבינדונגען מיט אלע גרויסע פריצים און גראַפן פון דער אומגעגנד, און זיין איינפלוס האט געגרייכט ביז צו די גרעסטע רעגירונג׳ס אינסטאַנצן. אויף זיינע פעלדער און וועלדער האט ער באשעפטיגט און געגעבן פרנסה פאר א סאך צענדליגע אידישע משפחות. זיין רעספעקט און אָנזען איז געווען גרויס ביי אלע שיכטן, מ׳האט אים גערופן „דער אידישער פריץ״.

אבער דאס אלעס האט אים נישט פארבלענדעט די אויגן און נישט אראפגעפירט פונ׳ם עכט פרומען תורה׳דיגן וועג. ער איז געווען א איד מיט א אידישן אויסזען, גאנצע באָרד און פיאות, און שבת האט ער זאַגאר אָנגעטאן אויפ׳ן גאַליציאנעם שטייגער א שטריימל מיט א זיידינע בעקישע, וואס דאס איז געווען א גאר זעלטענע ערשיינונג אין יענע געגענט.

ר׳ הערש איז ליידער געווען א קינדערלויזער מענטש, אבער דאך איז אין זיין שטוב געווען א גרויסער פארקער. אלע ארימע לייט וואס זענען דורכגעפארן פרוסניץ האבן שטאַציאָנירט ביי ר׳ הערש׳ן אין שטוב. יעדער רב אדער מגיד און משולח וואס איז געקומען אין שטאט איז איינגעשטאנען ביי ר׳ הערש׳ן מיט זעמטליכע פארזאָרגונג „מטה כסא שולחן ומנורה״. דער אָרימסטער בעטלער ביז׳ן גרעסטן רב איז אויפגענומען געווארן פון ר׳ הערש׳ן מיט׳ן גרעסטן כבוד און פריינטליכקייט. און האט אויך יעדן צופרידן געשטעלט מיט א ברייטע נדבה. און אויבצוואר ר׳ הערש איז געווען א שטארק פארנומענער מענטש מיט זיינע גרויסע געשעפטן, אבער צו די ארימע לייט און אורחים האט ער געהאט אלעמאל געגוג צייט. ווער שמועסט אין שבת קודש, דעמאלם האט ר׳ הערש געשוועבט אין העכערע וועלטן, ער האט זיך פארנומען און געפרייט מיט זיינע אורחים, ווי זיי וואלטן כאטש געווען גראַפן אדער מיניסטאָרן. ער האט געזונגען צוזאמען מיט זיי זמירות, און געזאגט אסאך פערל ווערטער „דברי תורה״ פון די „פרשת השבוע״, און געזען אז ס׳זאל קיינעם גארנישט פעלן.

מ׳האט דערציילט פון אים, אז אין אָנהייב נאך זיין חתונה, ער האט אנגעהויבן צופירן זיינע דרכים און געברענגט אהיים מיט זיך אַן אורח אין שטוב, האט זיין פרוי געזעצט דעם אורח — ווי דער שטייגער ביי די גבירים — אביסל אראפצו ביים טיש. און אזוי ווי ס׳איז געווארן מלחמה-צייט, האט זיך געמאכט דאס ס׳איז געקומען אויף א שבת מערערע אורחים און דורכפאָרעס אין שטאט, אזוי אז ר׳ הערש האט מיטגענומען מיט זיך אהיים א פיר פינף אורחים מיטאמאל. די בעל

הבית'טע האט זיי אויסגעסדר'ט ביים צווייטן עק פונ'ם לאנגען טיש אין עס-זאל, און זי מיט'ן מאן און נאך עטליכע משפחה לייט וועלכע האבן זיך אויפגעהאלטן ביי זיי אין שטוב, האט זי מסדר געווען — ווי דער שטייגער — ביים אויבערשטן טייל פונ'ם טיש.

ר' הערש איז אריינגעקומען אינ'ם עס-זאל, געגריסט א פרייליכן „גוט שבת", און זיך אוועקגעשטעלט אויף זיין אָרט פון אויבנאָן. פאר אים די חלות מיט'ן וויין אין דער כוס אויפ'ן זילבערנעם טעצל א.א.וו. ער נעמט זיך זינגען „שלו'ם עליכם" אין מיטן ווערט ער אויפמערקזאם אויף דעם וואס די אורחים זיצן פון אונטן, ער איז געווארן נערוועז, זיין שטים האט פארלוירן דעם פרייליכן קלונג, ער ענדיגט שנעל דעם שלו'ם עליכם, און ער נעמט די חלות מיט'ן צודעק און דעם וויין מיט'ן כוס און נאך די אנדערע כלים פון פאָרנט, ער טראָגט אלעם מיטאמאל אראפ צום צווייטן עק טיש, און ער שטעלט זיך דארט „בראש" צווישן די אורחים, און זינגט ווייטער דעם „אשת חיל" מיט „אתקינו סעודתא" מיט א אויפגעלעבטן פרייליכן קול, ווי ס'וואלט אין אים די „נשמה יתירה" ערשט איצט געווארן אויפגעלעבט, און אזוי האט ער דארט אָפגעפירט די גאנצע סעודה צוזאמען מיט די אורחים.

פון דעמאלס אָן האט שוין זיין „אשת חיל" אויך געוואוסט, דאס אַן אורח זעצט מען פון אויבן, נישט ביים עק טיש.

* * *

דער ר' הערש יערוויטץ, האט געהאט א שוועסטער א אלמנה, מ'האט איר גערופן „שרה". זי איז געווען שטארק א גערעָטענע א קלוגע א פרומע. ר' הערש האט געזארגט פאר איר מיט אלע באדערפענישן. איז ר' הערש'ן געקומען אויפ'ן געדאנק דאס דער פראנקפורטער בחור רבי משה סופר וואלט געווען א גוטער שידוך פאר איר. אויבצוואר זי איז עלטער פון אים מיט... יאָר, אבער וויסנדיג אז רבי משה זוכט א שידוך וואס ער זאל קענען בלייבן ביים לערנען, און האבן אויך די מעגליכקייט „מרביץ תורה" זיין, לערנען מיט אנדערע, און דא ביי אים וועט ער דאס האבן בשלימות, איז זייער מעגליך דאס רבי משה זאל פארקוקן אויף עטליכע יאָרן צווישנשייד — איר גענויע עלטער וועט מען אים זעלבסטפארשטענדליך נישט זאגן — און ער זאל צושטימען צום שידוך.

מ'האט דעם שידוך פאָרגעלייגט פאר רבי משה'ן. ר' הערש האט זיך פארפליכטעט צו געבן אייביגע קעסט פאר'ן פאָר פאָלק, אויסהאלטן זיי מיט אלע באדערפענישן בכבוד גדול, אזוי אז רבי משה וועט קענען פאָרזעצן זיין דרך פון „ללמוד וללמד" און „מרביץ תורה" זיין פאר תלמידים ווי נאר זיין הארץ גלוסט, ער נעמט אויף זיך ר' הערש צו דעקן די הוצאות פון זיין גאנצע ישיבה וואס ער וועט פירן.

רבי משה'ן איז דער שידוך תיכף שטארק איינגעגאנגען, וואס דארף ער דען מער ווי קענען זיצן „על התורה ועל העבודה" און אויך פאַרשפרייטן דעם תורה ליכט ביי אנדערע אומגעשטערט. איבערהויפּט לעצטנס איז אים די שטיצע פונ'ם רייכן פעטער אין פראנקפורט עפּעס פארקלענערט געווארן, און ס'קומט אָן מיט גרויסע פאַרשפּעטיגונגען, ס'האט זיך שוין געמאכט א חודש וואס עס איז אין גאנצן פארבליבן, רבי משה האט זיך געמוזט עפּעס צולייען. ס'איז דערגאנגען צו זיינע אויערן א שמועה, אז דעם פעטערס געשעפטן האבן אנגעהויבן צו גיין מיט'ן פוטער אראפּ. דאס האט טאקע רבי משה'ן א היבש ביסל באאומרואיגט. דאריבער איז אים געקומען דער פארשלאג פון דעם שידוך עפּעס ווי א „השגחה מן השמים" פונקט אין די צייט „בעתו ובזמנו". דאס וואס די „מדוברת" איז עלטער פון אים מיט א פאר יאָר, דאס אַרט אים אין גאנצן נישט, אבי ער וועט קענען ווייטער פאַרזעצן זיין דרך און נישט מוזן אָננעמען א רבנות שטעלע, וועלכעס ער וויל אזוי שטארק פארמיידן. דערצו האט ער נאך געהערט אויף איר זאגן גרויסע מעלות, דאס זי איז ממש א צדיקת פרום און קלוג.

בקיצור, רבי משה האט געגעבן זיין צושטימונג צום שידוך. רבי הערש האט אהערגעשטעלט א גרויסאַרטיגן „תנאים" מיט א סעודה ווי אויף א חתונה. די גאנצע „פּני" פון די שטאט האבן טייל גענומען אין די שמחה. רבי משה האט געזאגט א דרוש געפלאָכטן „פלפול" מיט „אגדה" וואס האט באצויבערט אלע אַנוועזנדע. צו ר' הירשנ'ס פרייד איז נישט געווען קיין שיעור, דאס ער האט ארייגבאקומען אונטער זיין באַזיץ אזא שוואגער א אומדערשעפּליכער „אוצר" פון תורה און יראת שמים, ער וועט האבן די זכי'ה אים אויסצוהאלטן און דערמעגליכן אים נאך שטייגן און שטייגן. מיילע פון די כלה „שרה" איז דאך אָפּגערעדט, איר פרייד און גליק איז גארנישט מעגליך צו שילדערן, אז זי וועט ארייגבאקומען פאר א מאן אזא תורה־ליכט, וועלכער וועט נאך זיכער פאַרשיינען די וועלט מיט זיין תורה און חכמה. זי האט געפילט אז מ'וויל איר פון הימל פאַרגיטיגן פאר די ביטערע יאָרן, וואס זי האט שוין אזוי יונגערהייט געדאַרפט פארזוכן.

* * *

ר' משה האט תיכף נאך די תנאים, אוועקגעשריבן צוויי בריפן אויף פראנקפורט. איינס, צו זיין מוטער, פארשטענדיגט איר פון דעם שידוך וואס ער האט געטאן, און געוואונשן איר א הערצליכן מזל־טוב, זי זאל זען ביי זיי אסאך נחת און פרייד. דאס צווייטע, צו זיין רבי'ן רבי נתן, אים אויך מודיע געווען פון דעם שידוך, פון וועלכן ער איז שטארק צופרידן, ער וועט קענען בלייבן ביי די הייליגע תורה און אויך לערנען מיט אנדערע.

ס׳איז פאַריבער א צוויי דריי חדשים, ס׳איז געקומען ראש חודש אלול. רבי משה סופר האט ביי זיך באַשלאסן, דאס עס איז געקומען די צייט ער זאל איצט אלס חתן בעפאר ער גייט חתונה האבן, מאכן א באזוך אין זיין געבורטס שטאט פראנקפורט ד׳מיין. זען די מוטער, דערפרייען איר אביסל דאס הארץ מיט זיין באזוך, און אויך זען זיך מיט זיין טייערן באליבטן רבי׳ן דער הייליגער רבי נתן אדלער, נעמען ביי אים א ברכה פאר די חתונה. און באזוכן אויך זיין צווייטן רבי׳ן דער הייליגער גאון רבי פנחס „בעל הפלאה״ דער רב אין פראנקפורט. און איינוועג׳ס וועט ער אויך זיך צונויפקומען מיט זיינע אלטע חברים און ידידים. ער וועט מיט זיי צוזאמען פארברענגען די הייליגע טעג ביז נאך סוכות, ביי זייער רבי׳ן רבי נתן.

רבי משה איז געגאנגען זיך געזעגנען צו זיין צוקונפטיגן שוואגער ר׳ הערש יערוויץ, דערציילט אים פון זיין פלאַן צו פארברענגען די „ימים נוראים״ ביי זיין רבי׳ן רבי נתן אין פראנקפורט.

רבי הערש איז נישט געווען אזוי שטארק אנטציקט פון דעם פלאַן. ער האט געוואוסט ווי שווער ס׳איז אים אָנגעקומען צו טרעפן א שידוך פאר זיין דערביטערטע שוועסטער די אלמנה, און ענדליך האט אים השי״ת געהאלפן צו געפונען איר אזא געראַטענעם חתן א אויסערגעוויינליכער „אוצר״ פון תורה און חכמה. איצט פאָרט ער אין די וועלט, ס׳זאל נאר נישט שאטן א בייז אויג, מ׳זאל אים נישט אין פראנקפורט וועלן אָפרעדן פונ׳ם שידוך, און ער זאל חלילה איבערלאָזן ווייטער וויסטן זיין שוועסטער א בידנע אלמנה.

אויך די כלה אליין, ווי זי האט געהערט אז איר חתן רבי משה פאָרט אוועק אויף פראנקפורט אויף א שטיק צייט, האט איר געקלאַפט דאס הארץ מיט א ווייטאג, מ׳זאל נאר נישט איר חתן — דעם תורה ליכט — וועלן אוועקרייסן פון איר חלילה. זי האט זיך געשטארקט, ס׳איז דא א פאָטער אין הימל — דער פארזארגער פון די יתומים און אלמנות — צו אים וועט זי זיך ווענדן מיט זודיגע טרערן, אז איר חתן זאל לשלו׳ צוריקקומען מיט געזונט.

רבי הערש האט פארשטאנען אז אָפרעדן רבי משה׳ן פון צו פאָרן, האט קיין זין נישט. נישט נאר וואס ער וועט נישט פועל׳ן ביי אים, נאר עס וועט נאך דערוועקן אין אים עפעס א פארדאַכט, אז עפעס איז נישט אין אָרדענונג מיט דעם שידוך, אז מ׳וויל אים אפילו נישט לאָזן מאכן א באַזוך ביי זיין מוטער. דאריבער האט רבי הערש איינגעוויליגט מיט א שווער הארץ, נאר ער האט זיך מיט אים אויסגענומען, דאס תיכף נאך די ימים טובים — נישט שפעטער ווי ראש חודש חשון — זאל ער קומען צוריק וועגן צוגרייטן זיך צו די חתונה, וועלכע ער וויל פייערן באלד דערויף אין די נאָנטע וואכן.

רבי משה איז דאך געווען א קלוגער, ער האט פון צווישן די רייד פונ'ם צוקונפטיגן שוואגער אלעס ארויסגעמערקט און דערפילט, האט ער אים געזאגט ביים געזעגענען — און געבעטן אויך איבערצוגעבן פאר די כלה די רייד — אז זיי זאלן זיין רואיג... זאלן חלילה גארנישט איבערדענקען... ער וועט מיט השי"ת הילף צו דער צייט צוריקקומען.

— ד —

אויפ'ן וועג פאַרנדיג צו פראַנקפורט ד'מיין, איז ר' משה'ן אויסגעקומען דורכצופאָרן די שטאט „קעלן" אין דייטשלאנד, דאס איז שוין נישט ווייט פון פראנקפורט. רבי משה האט דארט געהאט עטליכע באַקאַנטע וועלכע האבן זיך געפרייט מיט אים. קומענדיג דארט אין שול אריין דאווענען שחרית, האט ער באמערקט א פלאַקאַט אויף דער וואנט, א „מודעה" דאס דער אין דער... גרויסער רב פון די שטאט... אין „מעהרן" איז דאָ צוגאסט אין קעלן, און ער וועט זאגן א דרשה שבת נאכמיטאג אין די גרויסע שול, יעדער ווערט געבעטן צו קומען.

דערזעענדיג די מודעה האט רבי משה באשלאסן צו בלייבן דארט אויף שבת כדי צו זיין אַנוועזנד ביי די דרשה פון דעם אַלטן רב. פאר זיינע באַקאַנטע און ידידים האט עס שטארק א הנאה געטאן וואס זיי וועלן קענען מיט אים פארברענגען א שבת. און דער כבוד פון דעם רב דער גאסט פון מעהרן איז שטאַרק געשטיגן אין זייערע אויגן, אז רבי משה סופר באשליסט צוליב אים צו בלייבן אויף שבת, כדי צו הערן זיין דרשה.

שבת נאכמיטאג, דער רב האט געזאגט זיין דרשה. ער האט זיך אריינגעלאזט אין א שאַרפן פלפול אין א שווערע סוגיא, און מחדש געווען דערין שיינע חדושים, די צוהערערס די לומדים האבן זיך געדארפט שטארק אָנשטרענגען דעם מוח זאלן קענען מיטהאלטן.

ווי ער האט נאר פארענדיגט זיין דרשה, איז רבי משה צו אים צוגעגאנגען גלייך ביז די „בימה" וואו ער איז געשטאנען. און ערשט געבעטן ביי אים רשות, אזוי ווי די הייליגע תורה איז יעדן גלייך נעגעבן געווארן און יעדער האט רשות מפלפל צו זיין, בעט ער ביי אים אנטשולדיגונג, דאס ער האט אים וואס אָפּצופרעגן זיין שטעלונג אין דעם פלפול, און רבי משה האט אים צעוואָרפן זיין גאנצן בנין אויף וועלכן ער האט געבויט זיינע חדושים. דער רב האט זיך געאַמפּערט און פרובירט צוריק אויפצושטעלן זיינע זאכן, אבער רבי משה האט דאס אים ווייטער צעווארפן. דער רב האט פרובירט צו זאגן פרישע ווענן, נייע אויפטועכצער אין דער סוגיא, רבי משה האט אים דאס אויך אפגעפרעגט, א שווערער קאַמפף האט זיך אנטוויקלט צווישן דעם אלטן

רב אין דער בחור רבי משה, דער אַרומיגער עולם האט מיט גרויס שפּאַנונג און נייגעריגקייט נאכגעפאָלגט דעם געפעך. צום סוף איז רבי משה ארויס דער טאָטאַלער זיגער. דער רב אליין האט זיך איינגעבראכן און געמוזט מודה זיין אז רבי משה איז גערעכט.

זאנטאג האט דער רב געשיקט זיינעם א מענטש וואס האט אים באגלייט אויפ'ן וועג, זיך אינטערעסירן, ווער איז דער יונגערמאַנטשיק וועלכער האט אים שבת מיט אזא גאונות און חריפות אָפּגעפרעגט זיין גאנצע דרשה?

רבי משה האט געזאגט צו דעם מענטש:

— גייט זאגט פאר אייער רבי'ן, דאס מיר זענען איינער פון די קליינע תלמידים פונ'ם הייליגן גרויסן גאון רבי נתן אדלער. און אז ער קען נישט בייששטיין קעגן איינעם פון זיינע קליינע תלמידים, ווי האט ער זיך דערוואַגן צו זאגן די דאָזיגע רייד:

— „אזוי קומט עס פאר די שטאט באָסקאוויטץ, ווייל זיי האבן מיך נישט געוואלט אויפנעמען פאר א רב, זיי האבן אויפגענומען דעם „דייטשלענדער".

דערנאך האט רבי משה דערציילט פאר זיינע באקאנטע די פאָלגנדע געשיכטע:

— ס'איז באוואוסט דאס מיין רבי „רבי נתן אדלער" האט געהאט אין באסקאוויטץ גרויסע מחלוקת און רדיפות ער האט געהאט אסאך אויסצושטיין, די בעלי בתים זענען אים דערגאנגען די יאָרן. איינמאל, כ'האב שוין נישט געקענט צוקוקן מיין רבינ'ס צער, בין איך אליין צוגעגאנגען צו עטליכע פון זיינע „רודפים" צו די איידילערע, כ'האב זיי געזאגט מיט טרערן אין די אויגן: — וואס ווילט איר פון מיין רבי'ן, אייער רב? וואס ווילט איר פון דעם גאון און „קדוש עליון"?! וואס צאַפּט איר אים דאס בלוט?!

א ענטפער אויף מיינע רייד, האבן זיי מיר אויסגערעכנט א שורה מיט הטאים — מכלומרשט — אויפ'ן רבי'ן.

אין גרויס פארצווייפלונג, זעענדיג אז מיינע רייד האט זיי גארנישט בעאיינפלוסט, האב איך זיי פארגעשלאגן אזא זאך:

היות דאָ נישט ווייט פון באסקאוויטץ אין די שטאט..., איז דא דער און דער... רב א באוואוסטער גאון און פערזענליכקייט, אזוי ווי איר אליין ווייסט, לאָמער אריבערפאָרן צו אים — איך און עטליכע פון אייך — איר וועט פאָרלייגן אייערע טענות א קעגן רב, און איך וועל זאגן דאס מייניגע. לאָמער הערן פון אים צו איר האט רעכט, איבער די זאכן מיין רבי'ן אזוי מצער צו זיין, אדרבה זאל ער זאגן... אויב ער וועט זאגן אז איר זענט גערעכט, האב איך צו אייך קיין טענות, טאמער אבער וועט ער זאגן דאס איר זענט נישט גערעכט, דאַרפט איר

דעם רבי'ן אלע מפייס זיין, און וויסן אויף ווייטער אים אָפּצוגעבן דעם געהעריגן כבוד וואס ס'געבירט זיך צו אים.

די בעלי בתים זענען בעאיינפלוסט געווארן פון מיינע רייד, און זענען איינגעגאנגען אויף די פשרה.

דאס איז געווען מיין לעצטער פערצווייפלטער פּרואוו, מיין רבינ'ס כבוד צוריקצושטעלן און פארהיטן אים פון די פילע צער און עגמת נפש. טראַכטנדיג ביי זיך, דאס דער אַנגעזעענער אלטער רב פון די דאזיגע שטאט האט דאך זיכער געהערט פון מיין רבי'ן רבי נתן, ס'איז נישט געווען א רב אין דייטשלאנד וועלכער זאל נישט וויסן פון רבי נתן אדלער צו זאגן, זיין גרויסע קדושה און פרישות האט געשם'ט ווייט און ברייט, א חוץ זיין גרויסן גאונות. וועט ער דאך אוודאי נישט געבן זיי גערעכט, וואס זיי רודף'ן אים אזוי וועגן זייערע נאַרישע פוסטע אויפפּאַסונגען און איינרעדענישן.

מיט א שטארק פארביטערט הארץ בין איך אָנגעקומען אין די דאזיגע שטאט אריין, ס'האט מיר ווי געטאן דאס הארץ אויפ'ן „שפלות" און נידריגקייט פון די קדושה, און פונ'ם אמת. אז מיין גרויסער הייליגער רבי, וועלכער ווייסט וואס טוט זיך אין הימל מער ווי די מלאָכים, מוז איך גיין אויסקעמפן זיין גערעכטיגקייט צו א פרעמדן רב, מיט א זעלכע איינפאַכע בעלי בתים. אבער וואס קען מען טאָן, אז ס'איז נישט דא קיין ברירה, ס'איז א „עלמא דשיקרא" (א פאַלשע וועלט).

איך בין אריין צוזאמען מיט די בעלי בתים צום רב. צו ערשט האב איך געזאגט וואס כ'האב צו זאגן, כ'האב דערציילט אביסל פון דעם רדיפות וואס דער רבי האט אויסצושטיין פון די בעלי בתים, פאר גארנישט און פאר נישט.

דאַן האבן די בעלי בתים פאָרגעגעבן דאס זייעריגע, ווי משונה דער רב איז אין זייערע אויגן מיט זיינע אויסטערלישע דרכים א.א.וו. זיי האבן זיך גארנישט באנוצט מיט א איידילע דרך ארץ'דיגע שפראכע, נישט איינמאל האבן זיי דעם רבי'ן אָנגערופן מיט'ן צונאמען „דער דייטשלענדער", איך האב געוואַרט אז דער רב זאל דערויף רעאַגירן, ער זאל זיי צורעכטווייזן זיי זאלן רעדן מיט דרך ארץ, אבער דער רב האט די גאנצע צייט נאר געשוויגן.

צום ענדע ווען אלעס איז אנטשוויגן געווארן, האט זיך דער רב אנגערופן מיט די דאזיגע אויבנדערמאַנטע רייד, וועלכע איך האב געזאגט פאר זיין מענטש:

— „אזוי קומט עס פאר די שטאט באסקאוויטץ, אז זיי האבן נישט געהאט קיין שכל מיך אויפצונעמען פאר א רב, זיי האבן אויפגענומען דעם „דייטשלענדער".

איך בין געבליבן געפלעפט ווי מ'וואָלט מיך געווען אָפּגעגאָסן

מיט א טאָפּ הייסע וואַסער, און זיי די בעלי בתים האבן מיט א איראָניע צו מיר א שמייכל געטאן.

זייער ביטער אנטוישט בין איך צוריקגעקומען אויף באסקאוויטץ. אין הארץ מיינעם איז געווארן איינגעקריצט א גרויס פארדרוס אויף דעם דאזיגען רב.

איצט אז איך בין אָנגעקומען אויף „קעלן", און איך האב געזען א מודעה, אז טאקע דער רב פון די יענע שטאט אין מעהרן איז דא צוגאסט, און ער וועט האלטן שבת א דרשה, האט זיך אין מיר אָנגעצונדן א פייער פון „קנאת השם", טראַכטנדיג, איצט איז די צייט וואס איך קען אים אביסל צוריקצאָלן פאר'ן דערנידערן אזוי מיאוס מיין הייליגן רבינ'ס כבוד, דאריבער האב איך באשלאסן צו בלייבן שבת און אָפּווענדן אים זיין גאנצע דרשה, ער האלט דאך זיך אז ער איז דער „גאון הדור", זאל ער זען אז א קליינער תלמיד פונ'ם „דייטשלענדער" שטייגט אים אריבער.

איך האלט אז די זאך איז אין כלל פון „קידוש השם" — האט רבי משה פארענדיגט צו זיינע פריינט.

— ה —

ווען רבי משה איז אָנגעקומען אין פראנקפורט, האט שוין זיין רבי רבי נתן אדלער געהאט די גענויע אינפאָרמאַציע פונ'ם שידוך, וואס זיין ליבלינג תלמיד רבי משה האט געשלאסן. א ידיד זיינער האט אים שוין שריפטליך פאַרשטענדיגט, אז רבי משה'ס כלה איז א דערביטערטע אלמנה, און אויך א קיילעכדיגע יתומה קיין טאטן קיין מאמען, זי איז עלטער פון רבי משה'ן מיט... יאָר, מ'זאגט אויך אויף איר אז זי ליידט פון א שוואַך הארץ. איר'ס א רייכער ברודער האט אים אריינגעכאפט אין די פאַסטקע, צוגעזאגט אים גאָלדענע בערג. און דאס אלעם האט שוין אויך געוואוסט דער רב רבי פנחס, און זיין אלע אלטע חברים און ידידים. נאר פון רבי משה'ס מוטער האט מען עס אויסבאַהאַלטן, צו וואס מצער זיין די אלטע מאמען.

זינט די ידיעה איז געקומען, איז ביי רבי נתן אין שטוב געווען „חושך", אלעס איז ארומגעגאנגען מיט אראָפּגעלאזטע קעפּ, גלייך ווי „אבלים" רח"ל. און ווען רבי משה איז אָנגעקומען, ער האט די שוועל איבערגעטראטן ביי רבי נתן, אַנשטאט ער זאל טרעפן פריילעכע געזיכטן, האט ער באגעגנט פאַרכמורעטע פנים'ער, מיט גרויס אנשטרענגונג האט מען צוליב אים ארויסגעברענגט עפעס א ביטערן שמייכל אויף די ליפן.

רבי משה האט נישט געוואוסט וואס דא קומט פאָר, מ'האט אים געגעבן א זויערן „שלו'ם עליכם". ס'האט אויסגעזען ווי ס'וואלט געווען תשעה באב אין שטוב ווען מ'האט מורא א לאָך צו געבן. ער איז גלייך

אריינגעגאַנגען צו זיין רבי׳ן אין רבי נתן׳ס באַזונדערן חדר. רבי נתן האָט אים אויך דערלאַנגט א טרוקענעם שלו׳ם עליכם, געבעטן אים זיצן.

דער רבי ווייסט דאָך אז ס׳קומט מיר א מזל-טוב?

וואָס עפּעס א מזל טוב? — האָט רבי נתן שוין גענומען צו דערלאַנגען — אַזוי גרויס מזל האָסטו געהאַט מיט דעם שידוך?!

רבי משה איז געוואָרן בלייך ווי די וואַנט. מיט זיין קלוגן קאָפּ האָט ער שוין אַלעם תופס געווען וואָס דאָ קומט פאָר. מ׳האָט ביי זיין רבי׳ן אָנגערעדט אַלעם ביז אויף זיין כלה, און אויפ׳ן גאַנצן שידוך.

רבי — האָט רבי משה געזאָגט — דער שידוך איז דאָך פּונקט דאָס וואָס כ׳האָב געזוכט, און וואָס איך באַדאַרף.

ווי איז די אויערין וואָס הערן דאָס! — האָט רבי נתן געזאָגט — מיין ליבער תלמיד, וואָס כ׳האָב דיך מגדל געווען ווי א אייגן קינד מיט אַזויפיל כח און מי, און געלייגט אויף דיר אַזעלכע האָפנונגען, אַז די וועסט פאַרלייכטן די וועלט מיט דיין תורה, דו וועסט אַריינברענגען אידישע נשמות „תחת כנפי השכינה״, צום סוף דאַרף איך הערן אַז דו ביזט אַריינגעפאַלן אין אַזא בזיון׳דיגן שידוך, א אלמנה, עלטער פון דיר מיט אַזויפיל יאָרן, דאָס איז דער כבוד התורה?!

איך האָב נישט אָקעגן די דאָזיגע אלמנה גאָרנישט — האָט זיך רבי נתן פאַרענטפערט — דער אויבערשטער איז דער ״אבי יתומים ודיין אלמנות״ ער זאָרגט פאַר זיי. אָבער „גבולים עשה הקב״ה בעולמו״ דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די וועלט מיט א סדר, אַלעם מיט זיין נאָרמאַלן איינשטעלונג, דאָס אַז דו „משה״ זאָלסט גראָדע דאַרפן נעמען אַסאַך פון דיר עלטערע, נישט אין גאַנצן געזונטע אלמנה, דאָס איז נישט קיין נאָרמאַלער סדר, ממילא איז דאָס נישט קיין זיווג. און ווער ווייסט מיט וואָס ס׳וועט זיך ענדיגן...

הייליגער רבי — האָט רבי משה געזאָגט מיט א פאַרצווייפלטן טאָן — די כלה איז דאָך א צדיקת, יעדער רימט איר פאַר אירע גוטע מעשים. און דאָס וואָס זי איז עפּעס עלטער, וואָס איז דאָס אַזא פעלער? כ׳פאַרשטיי נישט, איז דען א נפקא מינא ווער ס׳איז עלטער איך אָבער זי? איינער מוז זיין עלטער, איך האָב דאָך נישט געקענט זוכן א כלה וואָס מיר זענען ביידע געבוירן פּונקט אין איין טאָג.

וואָס הייסט „עפּעס״ עלטער — האָט רבי נתן געפרעגט — דו ווייסט אַז זי איז עלטער פון דיר מיט... יאָר? און אַז זי איז געווען א היבשע צייט פאַרהייראַט און נישט געהאַט קיין קינדער...?

דאָס האָב איך טאַקע נישט געוואוסט — האָט רבי משה מודה געווען.

אָבער רבי — האָט זיך רבי משה באַלד צוריק געכאַפּט — דער שידוך בעצם איז פּונקט דאָס וואָס כ׳האָב געזוכט, איך וועל קענען זיצן

אומגעשעטערט „על התורה ועל העבודה", און אויך לערנען מיט אנדערע „מרביץ תורה" זיין וויפיל איך וועל נאר וועלן, און וויפיל מ'וועט מיר געבן די זכי' פון הימל. סיווי האָב איך ביי מיר אָפּגעמאַכט, אז א רב א מנהיג וויל איך בשום אופן נישט ווערן, איך בין צו דעם נישט ראוי, איך וויל נאר זיין א מלמד פאר אידישע קינדער.

איך האָב דיר פריער באַמערקט — האָט רבי נתן ווידערהוילט — אז איך האָב א קעגן די אלמנה גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן, אבער דו מיין ליבער תלמיד רבי משה, דו ביזט אָנגעברייט צו פירן אידישע קינדער, מקרב זיין הערצער צו השי"ת און צו זיין הייליגע תורה. אומזיסט וואָס דו זאָגסט אז דו ווילסט נישט זיין א מנהיג, דער עיקר וואָס מ'זאָגט אין הימל, מ'דאַרף זיך אונטערבייגן אונטער'ן „רצון השם". און אין פסוק שטייט „דרכי' דרכי נועם" — די וועגן פון די תורה זענען אָנגענעמע וועגן — די תורה פאַרלאַנגט נישט טאָן אָפּנאָרמאַלע זאַכן. דער סאָרט שידוך איז נישט פאר דיר, דו דאַרפסט נישט נעמען אַן אלמנה.

וואָס מיינט דער רבי צו זאָגן — האָט רבי משה געפרעגט דערשטוינט — אז איך זאָל איבעררייסן מיט דעם שידוך?

איך וועל דיר זאָגן — האָט רבי נתן געזאָגט — איך וועל זיך זען מיט'ן רב רבי פנחס, און מיר וועלן ביידע אין איינעם אויסאַרבעטן א וועג פון א„היתר", זאָלסט קענען איבעררייסן דעם שידוך, א אופן אז די גאַנצע זאַך איז געוועזן א „מקח טעות". און איך צוזאַמען מיט'ן רב וועלן מיר משתדל זיין צו געפינען איר — די אלמנה — א צוגעפּאַסטן שידוך, מיר וועלן מתפלל זיין, זי זאָל האָבן אסאַך נחת און פרייד אין איר לעבן, מיר וועלן זען איר מפייס זיין אויף פאַרשידענע וועגן.

אין גראָדע — האָט רבי נתן פאָרגעזעצט — האָב איך פאר דיר א גוטן צוגעפּאַסטן בכבוד'יגן שידוך, א „בת יחידה" פון א גרויסן עושר א למדן, אויך אַזאַ סאָרט שידוך וואָס דו וועסט קענען אומגעשטערט זיצן איבער די הייליגע תורה, און אויך „מרביץ תורה" זיין.

רבי משה האָט זיך זייער שלעכט געפילט, זיין רבי'נס ווערטער האָבן אים געשטאָכן און געבראָטן ווי א הייסער געגליטער שפּיז. נישט דאָס האָט אים ווי געטאָן, וואָס ער הערט אז דער שידוך איז פאר אים א בזיון'דיגע זאַך, און ס'קען זיך נישט גוט ענדיגן א.א.וו. נאר דאָס האָט אים זייער ווי געטאָן, וואָס ער האָט געוואוסט אז דאָס איז דער ערשטער און דער איינציגער פאַל אין זיין לעבן, וואָס ער וועט זיך דאַרפן א קעגנשטעלן זיין הייליגן רבינ'ס רצון. ווייל ער איז ביי זיך אנטשלאָסן אויף הונדערט פּראָצענט דעם שידוך נישט איבערצורייסן, ס'קען אַזאַ זאַך נישט קומען אפילו אין באַטראַכט. ער וועט נישט די אלמנה מצער זיין און מבייש זיין חלילה. פשוט ער קען אַזאַ זאַך נישט טאָן ביי קיין

פאַל, זאָל זיין וואס ס׳זאָל זיין... אויב מ׳וויל נישט פון הימל דעם שידוך, האט מען אין הימל געגוג דרכים דאס צונישט צו מאכן... אבער ער אליין וועט עס נישט טאָן!

דאס גאנצע נעמט זיך לכאורה פון דעם — האט רבי משה ביי זיך פארענטפערט זיין רבי׳ן — וואס זיין רבי האלט אים פאר עפּעס א אויסנאם מענטש, אבער ער איז נישט אנדערש ווי אַן אנדערער. און ער האלט זיך אויך ווייטער ביים זייניגן, אז ער וויל קיין רב און מנהיג נישט ווערן, ווייל ער ווייסט ביי זיך אז ער איז נישט ראוי צו דעם.

מיט דעם איז ער נישט פוגם דעם כבוד פון זיין רבי׳ן — האט זיך רבי משה אליין אויסגערעדט — וואס ער שטעלט זיך א קעגן דעם געדאנק. אלא מאי „משה רבינו" האט נישט געוואלט ווערן א מנהיג און גיין אויסלייזן די אידן, ווען השי"ת אליין האט אים דאס אנגעבאטן, ער האט געזאגט „מי אנכי" ווער בין איך? איך בין צו דעם נישט ראוי.

איי, דאס וואס זיין רבי זאגט, אז אין הימל וויל מען אנדערש? דער רבי ווייסט וואס טוט זיך אין הימל, אבער ער ווייסט נישט. אז מ׳וויל אין הימל אנדערש וועט מען זען, אבער ער אליין וועט צו דעם נישט צוטאן גארנישט, אדרבה ער וועט דערפון אנטלויפן מיט׳ן גאנצן כח, און דערווייל זעט ער אז ס׳פירט זיך אים אזוי ווי ער וויל. קען זיין אז ער וועט מיט תפלות און תחנונים אויספועל׳ן ביים הימל מ׳זאָל פון אים אפּלאָזן, פונקט ווי דער גרויסער גאון רבי שמואל קעלן האט דאס אויסגעפועל׳ט.

אזעלכע געדאנקען זענען רבי משה׳ן דורכגעלאפן, נאך זיצנדיג דארט אין זיין רבינ׳ס שטוב, אבער ער האט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אז ער וועט זיך נישט אריינלאזן אין וויכוחים מיט׳ן רבי׳ן, ער קען נאך חלילה עפּעס פוגם זיין אין רבי׳נס כבוד, און קען זיך נאך חלילה פארזינדיגן מיט א וואָרט, וואס ס׳וועט אים לייד טאָן איבער זיין גאנץ לעבן. דעריבער אז רבי נתן האט אים געפרעגט:

— נו, ר׳ משה וואס זאגסטו צו דער זאך, וועגן איבעררייסן דעם שידוך?

האט ער געענטפערט קורץ:

רבי איך קען נישט...

און א שטראָם פון טרערן האט זיך אים א גאָס געטאָן פון די אויגן.

וואס הייסט דו קענסט נישט? — האט רבי נתן איבערגעפרעגט — איך האב דאך דיר אלעם געענוי מסביר געווען.

רבי איך קען נישט...

— איז געקומען נאכאמאל די תשובה, מיט א געבראָכענע וויינענדיגע שטימע.

רבי נתן האט איינגעזען אז ס׳איז אלעם אומזיסט, ער וועט ביי אים נישט פועל׳ן, איז סתם צו מוטשען און דערביטערן אים, דאס ברענגט דאך נישט קיין שום נוצן. און דערצו האט רבי נתן געהאט אביסל געוויסנביסע אין דער זאך, שליסליך האט ער דאך אים געשיקט אויף פרוסניץ, ווייל ער האט „געזען" אז דארט וועט אויפשיינען זיין צוקונפט, רבי נתן האט זיך איצט געטראכט, אז זיין „זעעכץ" (רוח הקודש) האט אים נאך קיינמאל ביז איצט נישט אנטוישט. אלא מאי, דארף מען לאזן די זאך אויף די „השגחה". דאריבער האט רבי נתן מער נישט געוואלט זיך אזוי איינרייסן מיט רבי משה׳ן, איבער דעם שידוך. רבי נתן האט זיך איינגעבראכן און געענדערט דעם טאָן:

— איך זע מיין קינד רבי משה — האט רבי נתן געזאגט מיט א ווייכע ליבליכע שטימע — אז דו האלטסט דיך אזוי פעסט ביים דייניגן, נו זאל זיין אזוי צום גוטן. לכתחילה האב איך געהאלטן פאר א פליכט א קעגנשטעלן זיך דעם שידוך, און דיך צו פרובירן אפצווענדן דערפון, ווארים איך בין דאך דיר „במקום" פון א טאַטע, און ס׳איז זיך שווער פאַרצושטעלן אז אויב דיין טאטע ע"ה וואלט געלעבט וואלט ער מסכים געווען צו דעם שידוך. אבער אז איך זע דאס דו ביזט אין דער זאך אזוי איינגעשפאַרט, ווייל איך דיר נישט מצער זיין מער. איך וועל בעטן השי"ת אז ער זאל דיך פירן אויפ׳ן ריכטיגן וועג, איז דער שידוך „מן השמים", איז דאס דער ריכטיגער וועג, און ווען נישט האט מען אין הימל אסאך דרכים ווי אזוי דיך אויסצולייזן דערפון, דער עיקר זאלסט האבן אסאך נחת און גליק ביי דיין לעבן.

נו, איצט גיב איך דיר אָפּ די „ברכת מזל טוב" — האט רבי נתן אויסגעפירט — און געשטרעקט זיין האנט צו רבי משה׳ן. דער אויבערשטער זאל העלפן אז די שריט וואס דו גייסט טאן, זאל זיין מיט א גוטן מזל מיט הצלחה און סיעתא דשמיא, דער עיקר ס׳זאל ערפילט ווערן דער „רצון השם".

רבי משה׳ס צורה האט אויפגעלאָכטן פון פרייד, ווי א נייע נשמה איז אין אים אריין, הערנדיג די ווערטער פון זיין רבי׳ן. ער האט זיך שנעל איינגעבויגן און דערלאנגט אויפ׳ן רבי׳נס האנט א הייסן קוש. זיינע טרערן האבן זיך אראפגעקייקלט אויפ׳ן רבי׳נס האנט.

— הייליגער רבי! בענטשט מיך „ברכת כהנים" — האט ער געשעפשעט כליפענדיגערהייט.

רבי נתן האט זיך נישט געוויגערט. ער האט ארויף געלייגט זיין האנט אויף רבי משה׳ס קאפ און געזאגט:

„יברכך ה׳ וישמרך, יאר ה׳ פניו אליך ויחונך, ישא ה׳ פניו אליך וישם לך שלום".

ווילאנג רעכנסטו צו בלייבן דא אין פראנקפורט — האט אים

רבי נתן געפּרעגט.

— ביז אסרו חג סוכות — האָט רבי משה געענטפערט — איך האָב פאַרשפּראָכן פאַר רבי הערש׳ן — מײַן צוקונפטיגער שוואָגער — אַז אויף „ראש חודש חשון״ וועל איך זײַן אומבאַדינגט צוריק.

וואָס איז די אײַלעניש — האָט רבי נתן געזאָגט — איך מײן אַז דו ביזט שוין דאָ, זאָלסטו בלײַבן נאָך אַ פּאָר חדשים כאָטש ביז חנוכה, איך וויל דיר איבערגעבן נאָך אַ סאַך חשוב׳ע ענינים פון די פאַרבאָרגנ־הייטן פון די הײליגע תורה, ביי דער געלעגנהייט וואָס דו גייסט חתונה האָבן און אויפשטעלן דײַן נעסט פאַר זיך.

רבי משה איז געווען גליקליך צו הערן די ווערטער, און האָט געענטפערט: — איך וועל שרייבן צו רבי הערש׳ן, אַז ער זאָל מסכים זײַן איך זאָל בלײַבן ביז חנוכה ביים רבי׳ן, ער וועט זיכער אײַנשטימען דערצו.

ווען רבי משה האָט פאַרלאָזט רבי נתן׳ס צימער, האָט אים רבי נתן באַגלייט אַרויס, און ער האָט געזאָגט צו די שטוב־לײַט און זײַנע תלמידים, וועלכע האָבן זיך געפונען דאָרט:

— נו, גיט אָפּ אַ מזל טוב פאַר ר׳ משה׳ן.

הערנדיג די רייד האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז ווען רבי נתן זאָגט אַזוי איז טײַטש אַז ס׳איז אַלעס אין אָרדענונג, און ער איז שוין „נתרצה״ געוואָרן צום שידוך, און מ׳דאַרף זיך מער נישט ערגערן איבער דער זאַך. האָט זיך זיי אַלע מיטאַמאָל געענדערט די צורה, דאָס פּנים האָט זיי אויפגעלאַכטן, זיי האָבן אַלע געזאָגט רבי משה׳ן אַ פריילעכן „מזל טוב״, און געוואונשן אים אַסאַך ברכות.

רבי משה האָט זיך געאײַלט אַוועק צו גיין, ער האָט זיך פאַר זיי אַנטשולדיגט, דאָס ער איז נאָך נישט געווען ביים רב רבי פּנחס, און ער בלײַבט דאָך סײַווי דאָ ביז איבער אַלע ימים טובים, און אפשר ביז חנוכה, מ׳וועט האָבן גענוג צײַט צו פאַרברענגען צוזאַמען.

* * *

רבי משה האָט שוין ערפאַרן אין פראַנקפורט, אַז זײַן פעטער׳ס געשעפטן זענען שוין כמעט אין גאַנצן צו גרונד, ער האַלט פאַר אַ באַנקראָט. דאָס וואָס ער האָט אים נאָך געשיקט אַמאָל אַמאָל שטיצע אויף פּרוסניץ, איז שוין געווען נאָר מיט געוואַלד, און נאָך אַביסל וואָלט ער געווען שוין אין גאַנצן אויפגעהערט. רבי משה האָט געהאַט גרויס מיטלייד מיט זײַן פעטער, דער נאָבעלער מענטש, אַ פילאַנטראָפּ מיט אַ ברייט האַנט פון אַזויפיל יאָרן, ער האָט אויסגעהאַלטן אים „בדרך כבוד״ שוין אויך אַפּאָר גוטע יאָרן. און איצט איז ער געקומען אין אַזאַ שווערע לאַגע. ער האָט זיך דערמאַנט אַז ביים רב ליגט אַוועקגעלייגט טויזנט גולדן, וואָס דער פעטער האָט דאָס דעפּאָנירט פאַר זײַנעט וועגן, ווען

ער וועט זיך נויטיגן אין א גרעסערן סכום. איז אים געקומען איצט אין געדאַנק פאר רבי משה׳ן, אז ער וועט נעמען די טויזינט גולדן ביים רב און ער וועט דאס אוועקלייען דעם פעטער, אפשר וועט ער זיך קענען מיט דעם צוריקשטעלן אביסל אויף די פיס. ער — רבי משה — וועט עס סיי־וי נישט דאַרפן, דער שוואגער ר׳ הערש וועט דאך אים געבן אלץ וואס ער דאַרף. מיט דעם באשלוס איז ער געגאנגען צום רב רבי פנחס.

ווען רבי משה איז אריינגעקומען צום רב אין שטוב, האט זיך איבערגעחזר׳ט דער זעלבער שפיל ווי ביי רבי נתן.

דער רב האט זייער באַדויערט וואס ער איז אזוי אריינגעפאלן מיט א שידוך, אַן אלמנה א קיילעכדיגע יתומה, און עלטער פון אים מיט אזויפיל יאָרן.

ווען אזא בחור ווי דו טוט אזא שידוך — האט דער רב געזאגט — איז דאס בגדר פון א „חילול השם” דער „כבוד התורה” ווערט דערנידערט ביז גאָר.

רבי משה איז געווען נערוועז, ער האט ביי זיך געקלערט, מיט זיין „רבי מובהק” רבי נתן, איז ער שוין ווי ס׳איז עפעס א דורכגעקומען, איצט הייבט זיך אָן דער שפיל אויפסניי. כאטש ער האט דעם רב רבי פנחס אויך געהאלטן פאר א רבי זיינעם, האט זיך אים אבער נישט געגלוסט אריינלאזן זיך אין א פרישן דיאַלאָג. ער האט בוחר געווען צו שווייגן.

דער רב, זעענדיג דאס ער שווייגט, האט ער פאָרגעזעצט, שוין מיט א טאָן פון א פסק, ווי דער שטייגער א רב רעדט:

דו דאַרפסט דעם שידוך איבעררייסן, ס׳איז אין גאנצן א „מקח טעות”, דו וועסט בלייבן דאהי, מ׳וועט דיך ארומנעמען מיט גרויס ליבשאפט און ערפורכט, דו וועסט „מרביץ תורה” זיין פאר תלמידים, וועלכע וועלן טרונקען א יעדעס ווארט דיינעם אין דאַרשט. מיר וועלן דיר זען א פאסיגן שידוך, ס׳איז זיכער אז עס וואַרט אויף דיר א גרויסער צוקונפט.

רבי משה האט אייגעזען, אז ער מוז עפעס ענטפערן וועגן כבוד פונ׳ם רב, האט ער געזאגט:

— רבי, דער שידוך איז זייער א גוטער, א צוגעפּאסטער, די כלה איז א צדיקת, און איך וועל קענען בלייבן ביי די הייליגע תורה, און לערנען מיט אנדערע אומגעשטערט. ווייל צו ווערן א רב און נעמען א געהאַלט וויל איך בשום אופן נישט, דאס האב איך ביי מיר פעסט באשלאסן.

דער געפעך מיט׳ן רב האט נאך אָנגעדירט א שטיק צייט. רבי משה האט זיך געהאלטן פעסט, אז פון איבעררייסן דעם שידוך קען קיין רעדע נישט זיין, און דער רבי וועט זיך נאך איבערצייגן ווי גוט דער שידוך איז פאר אים, און ער וועט נאך ביי אים — מיט השי״ת הילף

— נחת זען. אבער דער רב רבי פנחס האט זיך אויך געהאלטן ביים זייניגן, ער האט זיך נישט געוואלט איינברעכן ווי רבי נתן, ער האט געפּאדערט פון רבי משה׳ן אונטערוואַרפן זיך זיין פּסק איבערצורייסן מיט׳ן שידוך, און בלייבן אין פראנקפורט.

רבי משה האט געוואלט אז דער רב זאל אים נישט מוטשן, ער זאל שוין קענען גיין, האט ער געמאַכט א באמערקונג.

— נו, איך וועל נאך זיין דא ביים רבי׳ן, איך בלייב דאך סיווי דא אין פראנקפורט א לענגערע צייט.

ווען רבי משה האט געהאלטן ביים גיין, האט ער זיך דערמאָנט און געזאגט צום רב:

— רבי, איך האב געוואלט האבן די טויזינט גולדן וואס ליגט דא דעפּאנירט פון׳ם פעטער פאר מיינעט וועגן.

דער רב רבי פנחס האט געמיינט אז ער וויל די טויזינט גולדן פאר זיך, ער נויטיגט זיך דערין, האט ער ביי זיך געקלערט אז ס׳איז בעסער ער זאל אים דאס איצט נישט געבן, אפשר וועט דאס אויך זיין א סיבה אויף צוריק צוהאלטן אים אין פראנקפורט. האט ער אים געזאגט:

— אויף וואס דארפסטו די טויזינט גולדן, דאָהי דארפסטו דאך דאס נישט, און ווען דו וועסט האלטן ביים אוועקפארן וועלן מיר דעמאלס זען.

רבי, איך דארף דאס נישט פאר מיר — האט רבי משה געזאגט — מסתמא ווייסט דער רבי אז מיין פעטער איז אין א שווערע לאגע, ס׳פעלט נישט קיין סאך דאס ער זאל באַנקראָטירן און ווערן א יורד, ר"ל. דאס הארץ טוט מיר פאר אים זייער וויי. איך בין אוודאי מחויב צו טאן וואס איך קען אים צו העלפן. האב איך ביי מיר באשלאסן די טויזינט גולדן אוועקלייגן פאר׳ן פעטער. אפשר וועט ער זיך קענען דערמיט ראטעווען. און אויב ער וועט זיך — מיט השי"ת הילף — צוריקשטעלן אויף די פיס, איז זיכער אז ער וועט מיר דאס געלט צוריק אָפּגעבן.

דער געדאנק איז דעם רב זייער געפעלן געווארן, ער האט געזאגט צו רבי משה׳ן:

— ס׳איז זייער א ריכטיגע האנדלונג פון דיר, און ס׳איז שענער ווען ער וועט עס באקומען פון מיין האנט, נישט פון דיר, דאָס וועט אים נישט אזוי קאָמפּראָמאטירן. ס׳פארשטייט זיך, דאס איך וועל אים זאגן, אז דאס איז דיין אויפטו און דיין ווילן.

דער רב האט טאקע צומאָרגנס געלאזט רופן רבי משה׳ס פעטער, און איבערגעגעבן אים די טויזינט גולדן.

* * *

רבי משה איז פון רב צוריק געגאנגען צו זיין מוטער. די

מוטער׳ס פרייד איז געווען זייער גרויס די גאנצע צייט וואס רבי משה איז געווען אינדערהיים אין פראנקפורט. זי האט זיך געשפיגלט אין איהר זון וועלכער איז אויסגעוואקסן אזוי שיין און גרויס, זעליש און פיזיש, און אז רבי משה האט איר דערציילט דאס ער האט געטאן א שידוך א רייכן, וואס וועט אים געבן די מעגליכקייט צו בלייבן ביי די הייליגע תורה, און אויך לערנען מיט אנדערע, אנדעם וואס ער זאל דארפן פון עמיצן נעמען עפעס א געצאָלט אדער געהאלט, האט דאס נאך פאַרטאָפלט איר פרייד, און זי האט צוגעשטימט צו רבי משה׳ס געדאנק, אז מ׳דארף נישט לערנען פאר מענטשנ׳ס וועגן, צו באקומען פאר תורה לערנען א געהאלט אדער א שיינעם טיטול, מ׳דארף אלעס נאר טאן פאר׳ן אויבערשטנ׳ס וועגן אליין.

רבי משה האט אוועקגעשריבן צו זיין צוקונפטיגן שוואגער ר׳ הערש יערוויץ, דאס זיין רבי רבי נתן אדלער האט אים געבעטן צו בלייבן כאטש ביז חנוכה, און ער וויל זייער שטארק דערפילן זיין פארלאנג, ווען וועט אים דען אויסקומען צו זיין נאכאמאל דא. דאריבער בעט ער אים ער זאל דערצו מסכים זיין, אז ער זאל קומען צוריק אויף פרוסניץ ערשט נאך חנוכה. רבי משה האט אויך באמערקט אין זיין בריף, אז זיי זאלן חלילה נישט איבערקלערן קיין שום זאך, ער וועט — בעזה״י — תיכף נאך חנוכה לאָזן זיך אין וועג צו פארן צוריק.

ר׳ הערש יערוויץ איז געווען א איידעלער כאראקטער, און זיין ענטפער האט זיך נישט פארזאמט צו קומען, אין וועלכן ס׳איז געשטאנען דאס ער טוט גערן צוליב זיין פארלאנג, וואס ער וויל זיך פארוויילן לענגער ביי זיין גרויסן רבי׳ן רבי נתן אדלער, און מקבל זיין פון אים גוטע לערע. און מ׳ווארט אים צוריק מיט פרייד אויף תיכף נאך חנוכה. די חתונה וועט ווארשיינליך ווערן באשטימט אויף חודש אדר הבעל״ט.

* * *

רבי משה האט זייער גוט פארברענגט די אלול טעג און די ימים טובים נעבן זיין רבי׳ן. רבי משה׳ס מוטער איז אויך געווען גליקליך צו זיין מיט איר געבענטשטן טייערן זון צוזאמען, איבער די הייליגע טעג און סוכות. זי האט געקוואָלן נחת פון זיין יעדן טריט און שריט. סוכות איז פאריבער. אין די מאָנאַטן „חשון—כסלו״ האט רבי נתן אסאך פארברענגט מיט זיין טייערן תלמיד רבי משה, ס׳רוב נעכט איז ער געווען פארשלאסן מיט אים „ביחידות״. ס׳איז אויך פאריבער חנוכה. רבי משה האט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אין וועג אריין. ער האט זיך זייער שווער געזעגנט פון די מוטער און פון זיין רבי׳ן רבי נתן. אבער נאך שווערער איז אים אָנגעקומען דאס געזע־געגען זיך פונ׳ם רב רבי פנחס. ווייל דער רב איז נאך אלץ בעשטאַנען

אויפ׳ן זייניגן אז רבי משה זאל איבעררייסן מיט׳ן שידוך אין פּרוסניץ, און זאל קומען צוריק אויף פראנקפורט. ביז ס׳איז געקומען דערצו, אז רבי נתן אליין האט געדארפט רעדן מיט׳ן רב, געבעטן אים דאס ער זאל נישט אזוי אָנציען די שטריק, מיט געוואלד גייט עס נישט.

רבי נתן האט אים דערציילט דאס ער האט אויך פּרובירט אָנהייב ווען רבי משה איז געקומען, אלעם מעגליכעס צו פּועל׳ן אָפּוועדן אים פון דעם שידוך, ער האט אבער איינגעזען אז ס׳גייט נישט, רבי משה מיט זיין גאָלדן הארץ און איידילן כאראקטער, קען פשוט נישט פּועל׳ן ביי זיך בשום אופן צו טאן אזא זאך, האט ער — רבי נתן — זיך בארעכנט, צו וואס אים מצער צו זיין אומזיסט, אז ס׳פּועלט ממילא נישט, און ער האט אים אויפגעהערט צו באַדערן. בעט ער אים — דעם רב רבי פּנחס — אויך, אז ער זאל נישט מער דרוקן אויף אים, און ער זאל אָפּגעזעגענען רבי משה׳ן לשלום.

אַנשטאָט דעם — האט רבי נתן אויסגעפירט אין זיינע רייד צום רב — וועלן מיר זיך ווענדן צום הימל און בעטן השי״ת — ממה נפשך — איז דער שידוך קיין שידוך נישט און דער זיווג קיין זיווג נישט, זאל מען פון הימל אזוי פירן אז ס׳זאל ווערן צו נישט — אָן שום פגע ומכשול. איז אבער דער שידוך „מן השמים״ — וואס קען מען וויסן דעם אויבערשטנס דרכים — זאל עס זיין צו מזל און צו ברכה, און אונזער טייערער ליבלינג רבי משה זאל האבן נחת און פרייד, און ס׳זאל אויסגעפירט ווערן זיין „אויפגאבע״ אויף דעם עולם, פאר וועלכן זיין הויעכע נשמה איז אראפּ אויף דער וועלט „צו פארלייכטן די וועלט מיט זיין תורה און חכמה״.

— ו —

ווען רבי משה איז צוריק געקומען אויף פּרוסניץ, האט זיך געפרייט מיט אים די גאנצע שטאט, און ר׳ הערש יערוויץ אוודאי און אוודאי. פון די כלה איז דאך אפּגערעדט, צו איר פרייד איז נישט געווען קיין גרעניץ. די גאנצע צייט וואס רבי משה איז געווען אין פראנקפורט, האט איר דאס הארץ עפּעס געזאגט, אז איר חתן רבי משה מאכט מיט א שווערן גערא̈נגל, איבער דעם שידוך וואס ער האט געשלאסן, און זי האט נישט אויפגעהערט צו זאגן תהלים, אז השי״ת זאל איר דעם חתן צוריקגעבן, איז ווי זי האט נאר געהערט אז דער חתן איז צוריק אין פּרוסניץ, האט זי אויפגעהויבןביידע הענט מיט א דאנק צום באשעפער, וואס ער האט זיך צוגעהערט צו איר געבעט.

* * *

אבער די גרויסע שמחה איז ליידער באלד צעשטערט געווארן.

א פאר טעג דערויף ווי דער רבי משה איז צוריקגעקומען אויף פרוסגיץ, איז פארעפנטליכט געווארן א נייער געזעץ פון די באהערדע, אז פון היינט אָן קען קיין שום אויסלענדישער בירגער נישט באזעצן זיך אין „מעהרן". ער קען דורכפאָרן און אויפהאלטן זיך א פאָר טעג, און מיט א באזונדערן ערלויבעניש פון די שטאַטס-פערוואלטונג עווענ־טועל א פאָר וואכן. אבער פון וואוינען דארט ביי קיין פאַל נישט.

לכאורה איז דער געזעץ פון „באגרעניצונגען אויף אויסלענדער" שוין געווען אין „מעהרן" פון פריער. אבער ביז אהער האט א אוים־לענדער געהאט א אומבאגרענצטע וואוין-רעכט, ער האט נאר נישט געטאָרט פונקציאָנירן אויף עפּעס א עמטליכע שטעלע, דאס גלייכן אויך נישט קיין שום קהלי'שע שטעלע ווי א רב, שוחט א.א.וו. און דאס האט מען אויך געקענט פועל'ן מיט אביסל „השתדלות", אבער איצט איז דער געזעץ ארוים אויך איבער די וואוין-רעכט פון די אויסלענדער, אין א זייער שטרענגן פאָרם, וואס מ'האט כמעט נישט געקענט אָנווענדן קיין שום השתדלות. ביי איינצעלנע אויסערגעוויינליכע פאלן האט מען געדארפט איינרייכן א ביטגעזוך צום קייסער אליין, און דער קייסער האט עס געדאפט באַשטעטיגן אלס אויסנאמס-פאַל. און דאס איז געווען פון די גאר זעלטענע זאכן.

די גזירה האט אנגערירט אסאך אידן, וואס האבן געמוזט נעמען דעם וואַנדער-שטעקן אין האנד, איבערלאזן האָב און גוטס, און צוריק גיין צו זייער שטאַם-אָרט. אין פרוסניץ האט עס אויך געטראפן א פאָר אידן. אבער דער עיקר האט עס געטראפן דעם רב ר' וואלף באסקאוויטץ, וועלכער איז געווען אַן אונגאַרישער בירגער, און רבי משה סופר'ן וואס ער איז געווען א דייטשער בירגער.

דער רב ר' וואלף איז זאָגאר געווען א געבוירענער אין מעהרן, אין די שטאט באסקאוויטץ, וואו זיין גרויסער פאטער דער גאון רבי שמואל קעלן האט נאך איצט אויך געוואוינט. אבער אזוי ווי רבי וואלף איז געווארן רב אין אלט-אויבן, אונגארן, און דארט האט ער אויפגענומען די אונגארישע בירגעררעכט, און דורכדעם אוטומאַטיש פארלוירן די מעהרן'ישע בירגעררעכט, איז ער אויך ארונטערגעפאלן דעם געזעץ. דער פראָבלעם איז לכאורה שוין אויפגעשוואומען ווען מ'האט אים אויפגענומען פאר א רב, אבער, ווי כ'האב שוין אויבן דערמאנט, אז דאס האט מען גרינג „ממתיק" געווען. אבער איצט ווי דער געזעץ איז ארוים אין דעם נייעם פאָרם, האט די פרירדיגע ערלויבעניש נישט געהאט קיין ווערדע.

ס'איז קוים דורך א צוויי וואכן, דער רב רבי וואלף האט ערהאלטן — גלייך ווי אלע אויסלענדישע — א שריפטליכע אויפפאָ־דערונג „צו נעמען דעם נייעם פאראָרדנונג צו קענטעניס, און צוגרייטן

זיך, ליקווידירן אלעס, און מקסימום ביז דריי חדשים צו פארלאזן דאס לאנד". דאס זעלבע האט אויך ערהאלטן רבי משה סופר.

די גזירה האט געטראָפן רבי משה׳ן ווי א דונער אין העלן טאג. ס׳איז שווער צו שילדערן די איבערלעבעניש וואס רבי משה האט מיטגעמאכט, אין די ערשטע פאר טעג וואס דער געזעץ איז פאר־עפנטליכט געווארן.

ס׳טייטש! אז זיין גאנצער חלום איז אויסגערינען...

פארוואס אייגנטליך האט ער דען מסכים געווען צו שליסן דעם שידוך מיט ר׳ הערש יערוויץ׳נס שוועסטער די אלמנה? פארוואס האט ער אפגעשטויסן דעם שידוך מיט דעם גרויסן גביר און למדן פון ניקלסבורג מיט זיין בת יחידה, וואס רבי שמואל קעלן האט אים געשדכנ׳ט? און פארוואס האט ער אפגעשטויסן נאך אסאך אנדערע שידוכים? אלץ וועגן דעם וואס ער איז ביי זיך געווען פעסט אנטשלאסן צו בלייבן ביי די הייליגע תורה אומגעשטערט. און ר׳ הערש יערוויץ האט אים פארשפראָכן איביגע קעסט, ער וועט קענען בלייבן ביי די הייליגע תורה, און קענען אויך פירן א ישיבה „מרביץ תורה" זיין פאר וויפיל תלמידים זיין הארץ גלוסט, אלץ אויפן חשבון פון ר׳ הערש יערוויץ, און ער וועט נישט דארפן אָננעמען א רבנות שטעלע, און נעמען אויף זיך עפעס א פאראנטווארטליכקייט, וועלכע ער וויל פאר־מיידן מיט׳ן גאנצן כח.

און איצט טראַך!!!

ער וועט דארפן תיכף נאך די חתונה פארלאזן פרוסניץ און ר׳ הערש יערוויץ׳ן, נעמען זיין ווייב — די געוועזענע אלמנה — און צוריק גיין אויף דייטשלאנד, און ווי וועט ער זיך באזעצן ווען נישט אין זיין היים שטאט פראנקפורט, און ווי אזוי וועט ער א קאָפּ אויפהייבן קעגן זיין רבי׳ן רבי נתן און דער רב רבי פנחס, וועלכע האבן אים אזוי שטארק געוואָרנט א קעגן דעם שידוך?

נאך אסאך טראכטענישן און מאטערנישן אין הארצן, איז ער ביי זיך אזוי צעבראכן געווארן, דאס ער איז געקומען צו דעם אויספיר, אז די גאנצע זאך איז אים א „עונש מן השמים" ווייל ער האט זיין רבי׳ן נישט געפאלגט. ווען זיין רבי׳ — וועלכער ווייסט וואס טוט זיך אין הימל מער ווי די מלאָכים — פלעגט זאגן א זאך, דאס איז ביי אים אלעמאל געווען ווי א „בת קול" פון הימל, נו וואס איז איצט ביי אים געווען אנדערש?! — האט ער זיך געמאכט פאָרוואורפע — אז מ׳הערט א בת קול פון הימל איז שייך צו זאגן „איך וויל נישט" אדער „איך קען נישט", וואס הייסט מ׳קען נישט, אז דער אויבערשטער הייסט?! דארף מען דען זיין מער רחמנות׳דיג ווי כביכול דער אויבערשטער אליין?! דארף מען דען האבן א אייגענעם ווילן מיט אייגענע אויסרע־

כנונגען, אנדערש ווי דער רצון פון הימל, און ווי דער חשבון אין הימל?!

די דאזיגע מחשבות האבן געקייט דאס הארץ פאר רבי משה'ן, ווי א וואָרעם וואס כאפט זיך אריין אין פלייש און קייט און נאָגט.

איבערהויפט — האט רבי משה זיך ווייטער באשולדיגט — אז דער וועלט'ס גאון רבי פנחס „בעל הפלאה" דער פוסק הדור, האט ארויסגעגעבן א „פסק" אז ער זאל דעם שידוך איבעררייסן, ווי איז געווען דער היתר זיין פסק צו איגנאָרירן?!

איך ווייס אליין נישט וואס מיט מיר איז געווען — האט רבי משה געריסן פון זיך שטיקער — און א קוואַל פון טרערן האט זיך אים געגאָסן פון די אויגן — אז מיין הייליגער רבי, זאגט ארויס א ווארט, א מיינונג, בין איך פון דעם קלוגער און כ'פארשטיי בעסער?! כ'האב דאך אזא זאך נאך קיינמאל ביז אהער נישט געטאן, נו וואס איז מיט מיר פלוצים געווארן?

דעריבער איז גאנץ פארשטענדליך — איז ער געקומען ביי זיך צום אויספיר — אז מ'האט מיר דערלאנגט א „עונש מן השמים", און פון אלע פלענער איז אויסגערינען א טייך... ר' הערש יערוויץ האט דאך בפירוש געזאגט, און מ'האט עס אויך אריינגעשריבן אין די תנאים, אז זיין פארפליכטונג אונז אויסצוהאלטן, איז דוקא נאר ווען כ'וועל זיצן נעבן אים אין פרוסניץ. און אפילו ווען מ'זאל אָננעמען דאס ער וועט מיר שיקן עפעס אויף צו לעבן, אבער אויסצוהאלטן — אין דייטש־לאנד א אנדער מדינה — א גרויסע ישיבה פון בחורים וועלכע קומען פון די פרעמד, און פירן דאס, אָפגעבן זיך מיט זיי, דאס קאן דאך שוין ר' הערש אוודאי נישט טאָן, ער האט נישט דערצו די מעגליכקייט און די פערסאָנאַל.

און אָן א ישיבה אָן לערנען תורה מיט תלמידים, וואס איז מיין גאנצער אויפטו אויף דעם עולם?

צום ענדע איז רבי משה געקומען ביי זיך צום באשלוס, אז אזוי אויף דעם אופן, אז ער קען נישט בלייבן אין פרוסניץ, און די תנאים פונ'ם שידוך קענען נישט אויסגעפירט ווערן, איז דאס גענוג א סימן אז דער שידוך איז נישט „מן השמים" און ס'איז געווען ריכטיג א „מקח טעות". ער וועט דאס אוועקשרייבן אויף פראנקפורט צו זיינע רבי'ס רבי נתן און רבי פנחס, און אויב זיי וועלן אים געבן שריפטליך, דאס זיי נעמען אויף זיך דעם אחריות פון אפלאָזן דעם שידוך, איבער־רייסן דעם קשר, וועט ער נישט צווייפלען אפילו א מינוט, ער וועט דאס טאָן.

רבי משה האט זיך גארנישט פארזוימט, ער האט שוין גענומען א בריף־פאפיר און אלעס אראפגעשריבן צו זיין רבי'ן רבי נתן, און נאך א בריף צום רב רבי פנחס, און געבעטן פון זיי א שנעלע אנטוואָרט,

דאָס זיי נעמען אויף זיך דעם אחריות אויף איבערצורייסן דעם שידוך, וועט ער זיי תיכף פּאָלגן, און ער וועט בקרוב צוריק קומען אויף פראנקפורט.

* * *

רבי משה האט ביי זיך אפגעמאכט דאס ער וועט גארנישט פארבאהאלטן פאר ר' הערש יערוויץ, ער וועט אים דערציילן זיין באשלוס, און פון די צוויי בריפן וואס ער האט אוועקגעשריבן צו זיינע צוויי רבי'ס, ר' הערש דארף דאס וויסן כדי ער זאל זיך נישט גרייטן אויף א חתונה, ביז ווילאנג ס'קומט נישט קיין ענטפער פון פראנקפורט.

רבי משה האט זיך באגעגנט מיט ר' הערש'ן אין די שול, און נאך איידער רבי משה האט צו אים גערעדט א וואָרט, איז ר' הערש צוגעקומען און געפרעגט, וואס ער איז אזוי צוגעלייגט, און גארנישט מוטיג געשטימט, ווי זיין שטייגער איז אלעמאל?

רבי משה האט געטראפן די פאסיגע געלעגנהייט, ער איז מיט אים אריין אין א זייטיג שטיבל, און האט אים אלעס דערציילט. ער האט זיך אנגעשטרענגט אים פארשטיין צו געבן, אז ער דארף אויף אים נישט קיין פאַראיבל האבן. ער האט אים דעציילט ווי ער האט געקעמפט ווי א לייב פאר דעם שידוך, זייענדיק אין פראנקפורט, ער האט זיך פשוט איינגעשטעלט דאס לעבן, א קעגנשטעלנדיג זיך זיינע ביידע רבי'ס. אבער איצט אז ס'האט זיך אזוי געפירט, און ס'איז פלוצים ארוים דער נייער געזעץ, האט ער נישט קיין אנדערן דרך, ער איז געצווינגען אזוי צו האנדלען.

אין דער אמת'ן, האט ר' הערש אויך געוואוסט פון די נייע גזירה, ממילא האט ער דאס אויך גאנץ גוט געוואוסט, אז די זאך רירט אָן רבי משה סופר'ס וואוינען אין פרוסניץ, און דעריבער טאקע האט ער אים איבערגעפרעגט אויף זיין שלעכטע שטימונג, ער האט געוואלט הערן וויאזוי רבי משה רעאגירט אויף דער זאך.

אבער אויף דעם האט ער זיך נישט גערעכנט, אז רבי משה זאל שוין קומען צו אן אויספיר צו אזעלכע ווייטליכע קאָנסעקווענצן. די זאך האט אים זייער שטארק געטראפן. ער האט פּרובירט צו פארשטעלן אים דעם וועג, און געזאגט:

— רבי משה, וואס הייסט דו וועסט איבעררייסן מיטן שידוך? דו דארפסט דאך ערשט וויסן צו די כלה וועט דיר מוחל זיין?!

הערנדיג די רייד פון ר' הערש'ן, איז רבי משה אויף דער מינוט אביסל צורודערט געווארן, ער האט נישט געקענט צו ווארט קומען, מ'האט געקענט דערקענען אז ר' הערש האט געטראפן אין פינטל אריין. ער האט זיך אבער באלד געשטארקט און געזאגט:

— וואס איז שייך, אויב זי וועט מוחל זיין? דא רעדט זיך דאך

דאס די צוויי „גדולי עולם" רבי נתן אדלער מיט רבי פנחס „בעל הפלאה", וועלן נעמען אויף זיך דעם אחריות אז איך קען איבעררייסן דעם שידוך „על פי התורה" אלס „מקח טעות" ממילא וועלנדט זיך דאס גארנישט אין די כלה'ס מוחל זיין.

דער אמת איז, אז רבי משה האט טאקע אויסערליך אזוי געענטפערט פאר ר' הערש'ן, אבער אין הארצן האט עס אים א שטארקן ציפ געטאן ר' הערשנ'ס א זאג. און ווען ער איז געבליבן פאר זיך אליין האט ער זיך געמאכט א חשבון: — לאמיר אננעמען דאס זיינע צוויי רבי'ס וועלן שרייבן אז ער זאל דעם שידוך איבעררייסן און ער וועט דאס אויספאָלגן, אבער — געוואלד און געשריגן — א אידישע טאכטער א פארביטערטע נשמה, וועט איבער איר גאנץ לעבן ארומטראָגן אויף אים א „תרעומות" א בייז הארץ, און ווער ווייסט אין וואסערע צרות זי וועט חלילה דארפן אָפפינסטערן איר לעבן, און פאר אלעמען וועט ער זיין דער שולד און דער „גורם". ווי וועט ער דאס אויסהאלטן? ווי וועט ער דאס אריבערטראגן?

רבי משה'ן האט געשווינדלט דער קאפ און געדרוקט ביים הארצן, ער האט ערשט אנגעהויבן צו באגרייפן אין וואסערע פלאָנטער ער געפינט זיך, וויאזוי ער וועט האנדלען וועט נישט טויגן.

* * *

ר' הערש האט געהאלטן דאס ער דארף די כלה אלעם דערציילן, מ'מוז איר פאָרבערייטען צו אלע אומשטענדן, ס'איז בעסער ווי ווען ס'וועט אויף איר חלילה קומען א אומגעריכטעטע פלוצים'דיגע צרה.

ער האט זי אהער גענומען, און ערקלערט פאר איר די גאנצע סיטואציע, וואס האט זיך געשאפן איבער די אויסלענדישע בירגער. און ערקלערט איר אז איר חתן רבי משה פאלט אויך ארונטער דעם געזעץ, און נאָרמאלער ווייזע קען ער נישט בלייבן וואוינען אין פרוסניץ, און אזוי ווי רבי משה האט נאר איינס פאר זיינע אויגן, צו קענען בלייבן אומגעשטערט ביי די הייליגע תורה, און קענען נאך די חתונה פירן א ישיבה מיט אסאך תלמידים, איבערצוגעבן זיי די ליכט פון די תורה, אָן דעם וואס ער זאל דארפן אָננעמען א רבנות שטעלע, און נעמען א געהאלט ביי א קהילה, און אזוי ווי לויט דעם נייעם פאַראָרדענונג קען דער פלאַן אין פרוסניץ פאר אים נישט פארווירקליכט ווערן, ער מוז צוריקפאָרן אויף דייטשלאנד, דעריבער איז פאר אים דער גאנצער שידוך וואס ער איז פארלויבט געווארן מיט דיר אונטער א פראגע צייכן, ווארים ער זאגט, אז ער קען זיך נאר פארבונדן מיט אזא שידוך וואס ער קען זיין אויבנדערמאנטן פלאן פארווירקליכן, ווען נישט איז זיין לעבן קיין לעבן נישט.

איז איצט דער מצב אזוי — האט ר' הערש פארגעזעצט — רבי

משה האט אוועק געשיקט א בריף צו זיינע צוויי גרויסע רבי'ס אין פראנקפורט, וועלכע זענען היינט די „גדולי הדור" און האט פאר זיי פאַרגעלייגט די גאנצע זאך, און אז זיי וועלן אים שרייבן דאס ער זאל דעם שידוך איבערררייסן, ווייל לויט די נייע געשאפענע סיטואציע איז דאס ווי א „מקח טעות" האט ער — רבי משה — נישט קיין אנדערן וועג ווי זיי צו פאָלגן.

איך האב דיר די זאך געמוזט דערציילן — האט ר' הערש זיך עקסיוזירט פאר איר — ווארים ס'איז בעסער אז דו זאלסט וויסן ווי די זאך האלט, ווי ווען דו זאלסט פלוצים איבערראשט ווערן מיט א נישט גוטע בשורה.

איך האב אים אפילו געזאגט — האט ר' הערש פארגעזעצט — אז ווי קען ער דענקען אויף איבעררייסן דעם שידוך, אויב דו וועסט אים נישט מוחל זיין די „תנאים"? איך האב אויף אים באמערקט אז ער איז געווארן אין גאנצן צעמישט פון דעם זאָג מיינעם, ער האט קוים געקענט צו וואָרט קומען, ווייל אין דער אמת'ן איז ער דאך זייער א איידעלער מענטש. אבער דאך זאלסט וויסן מיין טייערע שוועסטער — האט ר' הערש פאַרענדיגיט — דאס מ'דארף זיין גרייט אויף אלעמען, מיר זענען אלע אין אויבערשטנס הענט, דער אויבערשטער פירט די וועלט, און מיר דארפן אלעם וואס ער טוט מיט אונז, אננעמען באהבה.

ווער קען שילדערן דאס הארץ פון א כלה, איבערהויפט פון א צעבראָכענע געוועזנע אלמנה, וואס זי פילט, הערנדיג א זעלכע רייד?

שרה די כלה האט גארנישט געענטפערט. זי האט זיך פארשלאסן אין א באזונדערע צימער, אין משך פון א פולן גאנצן טאג איז זי פון דארט נישט ארויס און נישט געעפנט די טיר, מ'האט ארויסגעהערט איר וויינען, און איר תהלים זאגן, אז ס'האט געקענט א הארץ צו רייסן. ערשט אויפ'ן צווייטן טאג האט זי געעפנט די טיר און איז ארויס, זי איז צוגעגאנגען צו איר ברודער ר' הערש און געזאגט אים די פאָלגנדע רייד:

— טייערער ברודער, איך בין שוין באַרואיגט, איך גיב מיך איבער אינ'ם אויבערשטנ'ס האנט, ווי ער וועט פירן מיט מיר וועל איך דאס אננעמען צוליב, מיט'ן גאנצן הארץ. נאר צו דיר — געטרייער ברודער — האב איך א בקשה, זאלסט מיר פארשפרעכן אז דאס וואס איך וועל דיר איצט בעטן וועסטו מיר צוליב טאן.

וואס איז א פראגע — האט ר' הערש געזאגט — איך האב דיר ביז היינט אויך אלעמאל געטאן דיין אלע פארלאנגען, און איך וועל דיר איצט אויך זיכער צוליב טאן, אויב ס'איז נאר אין מיין מעגליכקייט און אין מיין כח דאס צו טאן.

אויב אזוי בעט איך דיר מיין ברודער — האט די כלה געזאגט —

אז ווען דו וועסט באַגעגענען רבי משה'ן אין שול, זאָלסטו אים רופן אין זייט, און זאָגן אים די ווערטער:

— מיין שוועסטער דיין כלה שרה, האָט באַפוילן, אַז אויב דיינע צוויי רבי'ס, די צוויי גרויסע צדיקים, וועלן דיר הייסן איבעררייסן דעם שידוך, און דו וועסט וועלן דאָס אויספאָלגן, זאָלסטו וויסן אַז זי איז דיר מוחל „במחילה גמורה" די „תנאים", און זי וועט נישט אויף דיר האָבן קיין שום שווער האַרץ און גאָר קיין תרעומות.

ר' הערש איז געוואָרן געפּלעפט פון די רייד, ער האָט איר געזאָגט:

— טייערע שוועסטער, פאַרוואָס זאָל איך אים דאָס זאָגן פאַראויס, דאַרף איך אים טאַקע אַזוי גרינג מאַכן דעם וועג דערצו? איך דאַרף דאָך קוקן דיין אינטערעסע.

דו האָסט דאָך מיר ברודער צוגעזאָגט צו טאָן מיין פאַרלאַנג — האָט זי אים פאַרגעהאַלטן.

ר' הערש איז געוואָרן אַ ביסל פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, זי איז דאָך גערעכט, ער האָט איר צוגעזאָגט.

יאָ ביזט גערעכט — האָט ר' הערש תיכף זיך צוריקגעכאַפּט — איך האָב דיר פאַרשפּראָכן, און איך וועל ערפילן דיין פאַרלאַנג.

ווען ר' הערש האָט פאַרנאַכט באַגעגנט רבי משה'ן אין שול, האָט ער אים אין זייט גערופן אינ'ם פּאָליש און איבערגעגעבן די כלה'ס רייד, דאָס ווען ער וועט איבעררייסן דעם שידוך אויפ'ן באַפעל פון זיינע רבי'ס, זאָל ער גאַרנישט זאָרגן, זי וועט אים מוחל זיין מיט'ן גאַנצן האַרץ, און זי וועט אויף אים נישט האָבן גאָר קיין האַס אָדער תרעומות.

רבי משה איז געווען אַזוי גערירט פון די רייד, אַז ער האָט נישט געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט, טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן, ס'האָט אים געשטיקט אין האַלז. וואָרים די מעשה האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום צווייפל אויף איר גרויסן צדקות און ריין האַרץ. ס'פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַלעמען איז רבי משה געווען צו פרידן, אַז דער „מכשול" פון איר נישט וועלן מוחל זיין, שטייט אים שוין נישט אין וועג, אינפאַלס זיינע רבי'ס וועלן אים הייסן איבעררייסן מיט'ן שידוך.

אין דער אמת'ן האָט די כלה נאָך דעם נאָך געהאַט נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט, און מיט טרערן דורכגעווייקטע קישן. אבער דאָס האָט נישט געענדערט איר אויבנדערמאַנטע שטעלונג איבער די זאַך.

* * *

ר' הערש האָט זיך באַרעכנט, אַז מיט ליידיגע הענט דאַרף ער נישט זיצן. ער דאַרף טאָן אַלעס מעגליכעס, אפשר קען מען דאָך עפּעס

ראַטעווען דעם מצב אין אנבעלאַנגט רבי משה'ן מיט זיין שוועסטער.

מיר האבן אויבן דערמאנט אז די פרוסניצער געמיינדע איז אויך געווען אין א גרויסן פארלעגנהייט איבער זייער רב רבי וואלף באסקאוויטין, וועלכער האט אויך געדארפט ביז דריי חדשים איבערלאזן פרוסניץ, צוליב דעם נייעם געזעץ.

די פאַרשטאנד האט פאררופן א דריגענדע אסיפה אויף באַראַטונג, ר' הערש יערוויץ זייענדיג פון די פארשטאנד, איז אויך געווען פון די אנוועזנדע. מ'האט פארהאנדלט איבער די שריטן וואס מ'זאל טאן, מ'זאל קענען עווענטועל דעם רב ארויסנעמען פון די גזירה.

אויבצוואר אלע האבן געזאגט, אז לויט ווי ס'הערט זיך וועט קיין אויסנאם אין דער זאך כמעט נישט זיין, איבערהויפט אין אַנהייב, און די וועלכע וועלן איינרייכן א ביטגעזוך צום קייסער, וועלן אויך באקומען א נעגאטיוון ענטפער, אדער אין גאנצן נישט קיין ענטפער, אזוי טוען די באהערדע לייט פארזיכערן.

אבער נעמענדיג אין באטראכט וואס דער רב רבי וואלף איז אייגנטליך א געבוירענער אין „מעהרן״, נאר שפעטער זייענדיג א רב אין אונגארן עטליכע יארן, איז ער געווארן א אונגארישער בירגער, און היינט איז ער שוין סיווי צוריק אין מעהרן, איז מעגליך דאס ער זאל האבן א בעזונדערן שטאטוס, איבערהויפט באַאַנענדיג פארן קייסער ווי נוצליך און נויטיג דער רב איז פאר די גאנצע געמיינדע, איז זייער מעגליך דאס דער קייסער זאל אים — אויסנאמסווייז — באוויליגן א וואוין-רעכט. אַלענפאלס פרובירן מעג מען דאך, וואס וועט מען דא דערלייגן. האט מען טאקע איינשטימיג באשלאסן דאס מ'זאל אזא ביטגעזוך ווי אומשנעלסטן איינרייכן צום קייסער.

דא האט זיך ר' הערש יערוויץ אַנגערופן:

—רבותי, מיינע געערטע הערן! ס'איז אייך מסתמא באקאנט, אז מיר האבן דעם זעלבן פראָבלעם מיט רבי משה סופר דער חתן פון מיין שוועסטער, ער פאלט אויך ארונטער דעם נייעם געזעץ פון די אויסלענדער. ווער רבי משה סופר איז ברויך איך אייך — דוכט זיך — נישט צו זאגן, יעדער ווייס וואס ער האט שוין ביז היינט — איבער די קורצע צייט, פארהעלטניסמעסיג, וואס ער געפינט זיך צווישן אונז — אויפגעטאן אין פרוסניץ, מיט'ן פארשפרייטן די תורה ליכט צווישן די יוגנט, וויפיל צענדליגער תלמידים בחורים יונגעלייט ער האט שוין מקרב געווען צו די הייליגע תורה, און אויך די עלטערע בעלי בתים צווישן אונז, טרינקען מיט דורשט זיינעם א ווארט. ממילא איז איבריג צו זאגן ווי נייטיג איז זיין פארבלייבן צווישן אונז אין פרוסניץ, דאריבער איז מיין פאַרשלאַג, אז מיר זאלן אין דעם ביטגעזוך וואס מיר רייכן איין צום קייסער וועגן אונזער רב, אויך אריינפאַסן רבי משה'ן,

צו בעטן פאר אים א וואוין־רעכט אין פרוסניץ, אויפ׳ן גרונד פון זיין געוואלדיגן נוצליכקייט פאר׳ן חינוך פון די יוגנט.

אויבצוואר ר׳ הערשנ׳ס השפעה איז געווען גרויס אין דער געמיינדע, ער איז געווען דער גרעסטער קולטוס־שטייער צאלער, אויסער זיינע פילע אינדאווידועלע שפענדונגען, דאך צוליב׳ן ערנסטקייט פון די זאך, האט זיך געטראפן איינער פון די פארשטאנד וועלכער האט געזאגט, אז כאטש דאס חשיבות פון רבי משה סופר׳ס בלייבן אין פרוסניץ איז אָן צווייפל אויך זייער גרויס, אבער אויב מ׳וועט אינ׳ם ביטגעזוך בעטן מיטאמאל פאר צוויי, איז דען נישט חושש צו זיין אויפ׳ן כלל פון די גמרא „תפסת מרובה לא תפסת" אויב מ׳וויל אסאך עררייכט מען גארנישט, אז מ׳וויל ווייניג עררייכטמען, און מ׳שטעלט דערמיט איין דעם ערפאלג פונ׳ם ביטגעזוך אויך אויפ׳ן רב.

עטליכע פון די אנוועזענדע האבן געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ, אלס צושטימונג צו דעם פארדאכט.

צום סוף האט מען באשלאסן צוליב׳ן חשיבות פון דער זאך, און צוליב די רעפּוטאַציע פון ר׳ הערש יערוויץ, צו מאכן אזא פשרה, — צו ערשט וועט אין דעם ביטגעזוך גערעדט ווערן נאר וועגן רב, און צום ענדע פונ׳ם בריף וועט מען צושרייבן די פאלגנדע ווערטער:

— „מיר וואָלטן אויך געבעטן זיין מייעסטעט, צו שענקען די אויפמערקזאַמקייט איבער דעם זייער חשוב׳ן בחור „רבי משה סופר" פון פראנקפורט, וועלכער איז ביי אונז זייער טעטיג און נוצליך אויפ׳ן געביט פון חינוך, און זיין איינפלוס אויף די יוגנט ביי אונז צום גוטן איז זייער גרויס, צו פארמעגליכן אים צו קענען פארבלייבן צווישן אונז אין פרוסניץ".

ס׳פארשטייט זיך אז די אויסזיכטן אויף אַן ערפאלג אין דער זאך אנבעלאנגט רבי משה׳ן, זענען געווען גאנץ שוואכע און אפשר מינימאַלישע, די קהילה וואלט שוין שטארק צופרידן געווען ווען מ׳זאל וויסן, אז דער קייסער וועט באוויליגן דעם רב רבי וואלף צו בלייבן אין פרוסניץ, אבער מ׳האט כאטש געקענט זיך בארואיגן דעם געוויסן אז מ׳האט געטאן אין דער זאך וואס מ׳קען טאָן, און די איבריגע איז ביים אויבערשטן אליין.

דעם בריף האט מען תיכף דעם אנדערן טאג אוועקגעשיקט אויפ׳ן אדרעס פונ׳ם קייסערליכער סעקראַטעריטעט.

ווען ר׳ הערש איז אהיים געקומען צו זיך און ער האט באגעגנט זיין שוועסטער די כלה, האט ער איר איבערגעגעבן פון דעם בריף וואס מ׳האט אוועקגעשריבן צום קייסער, אין וועלכן די געמיינדע בעט מ׳זאל באוויליגן א וואוין־רעכט פאר רבי משה סופר אין פרוסניץ, ווארים ער איז זייער נוצליך און נויטיג אויפ׳ן געביט פון חנוך און

האט א גרויסן איינפלוס אויפ'ן יוגנט.

ר' הערש האט באמערקט פאר איר, דאס זי קען אסאך אויפטאן אין דעם ענין מיט טרערן און געבעט צו השי"ת, אז ס'זאל קומען א פּאָזיטיווער ענטפער פונ'ם קייסער, און אנבעלאנגט רבי משה'ן.

— ז —

רבי משה סופר האט געוואָרט מיט אומגעדולד א ענטפער אויף זיינע בריף, וואס ער האט געשריבן צו זיין רבי'ן רבי נתן און צום רב רבי פנחס, אין אנבעלאנגט דאס איבעררייסן דעם שידוך מיט ר' הערש יערוויץ'ם שוועסטער.

ניין טאג אין אָדר האט ער אוועקגעשיקט די בריפן. נאָרמאַלער ווייזע האט געדארפט ביז צוויי וואכן זיין צוריק אַן ענטפער, איבערהויפט ער האט דאך געבעטן אין בריף אז מ'זאל מוחל זיין ווי אומשנעלסטן צו ענטפערן, ס'איז דאך אויך א זעלבספארשטענדליכע זאך דאס מיט אזא ענין קען מען זיך נישט אויפהאלטן, דאס איז דאך נאך פאר די כלה מער צער פון אלעמען, אז זי ווייסט נישט צו זי איז א כלה אדער נישט, און ר' הערש דארף וויסן צו מ'דארף זיך גרייטן צו א חתונה אדער נישט.

און א פלא, דא איז שוין פאריבער צוויי—דריי—פיר—פינף—זעקס וואָכן, און ס'איז „אין קול ואין עונה", ס'קומט נישט קיין ענטפער. רבי משה איז שוין געווען פשוט צעבראָכן פונ'ם וואַרטן. וואס קען דאס זיין? וואס נישט זיין רבי רבי נתן, און נישט דער רב רבי פנחס שרייבן נישט קיין ענטפער?

און אינטערעסאנט, פונ'ם קייסערליכן ביראוי וואלט אויך שוין לאנג געקענט קומען אַן ענטפער אויף דעם ביטגעזוך וועגן רב און וועגן רבי משה'ן, אבער פון דארט הערט מען אויך גארנישט. מיילע דער קייסער איילט זיך נישט, אבער וואס איז מיט די רבנים אין פראנקפורט, פארוואס שווייגן זיי שוין אזוי לאנג?

ס'איז נישט אנדערש — איז רבי משה געקומען ביי זיך צום אויספיר — דאס זיי האבן זיך באַרעכנט אז זיי ווילן נישט נעמען אויף זיך דעם אחריות פון זיין שידוך אפּלאָזן. און נישט אפּלאָזן ווילן זיי אים אויך נישט שרייבן, שווייגן זיי אין גאנצן.

* * *

ר' הערש האט זיך געטראפן מיט רבי משה'ן, און געפרעגט אים אביסל נערוועז, וואס איז דאס? ווילאנג איז דער שיעור צו וואַרטן, און די נשמה ארויסציען פון די אומגליקליכע צעבראָכענע כלה?!

רבי משה איז געווען אין א שטארקן פארלעגנהייט, און נאך אביסל ארייגטראכטן האט ער געזאגט צו ר' הערש'ן:

— הערט ר׳ הערש, געזעצליך האב איך רשות צו פארבלייבן דא אין פרוסניץ נאך א צירקע זעקס וואכן, די דאַזיגע גאנצע זעקס וועל איך נאך ווארטן, און אז ביז דעמאלס וועט נישט קומען קיין ענטפער פון פראנקפורט, פאַרשפרעך איך אייך אויף הונדערט פראָצענט אָן קיין שום צווייפל דאס איך וועל בעזה״י שטעלן א חופה — בשעה טובה ומוצלחת — מיט אייער שוועסטער די כלה שרה. פאר א וואך צוויי וועט מען זיכער קריגן א פארלענגערונג פאר מיין אויפענטהאלט, פון די היגע באהערדע, און תיכף נאך די „שבעת ימי המשתה״ וועלן מיר ביידע זיך לאזן אין וועג אריין אויף פראנקפורט, און וויאזוי דער אויבערשטער וועט מיך פירן וועט זיין לטובה.

ס׳איז ר׳ הערש׳ן זייער שלעכט געפאַלן, וואס רבי משה איז באשלאסן צו ווארטן נאך די גאנצע זעקס וואָכן, דערפאר אבער איז ער געווען צופרידן וואס ער הערט פון אים קלאָרע רייד, דאס ווען עס וועט ביז דעמאלס קיין ענטפער נישט זיין, וועט ער שוין מער גארנישט קלערן און וועט חתונה האבן, מיט זיין שוועסטער שרה.

ר׳ הערש האט ביי זיך געקלערט, אז דאס וואס ס׳איז נישט געקומען ביז זעקס וואכן קיין ענטפער אין אזא מין דרינגענדע אַנגעלעגנהייט, איז זיכער נישט קיין פשוט׳ע זאך, די צוויי גרויסע צדיקים ״גדולי הדור״ זענען דאך העכסט פאראנטוואָרטליכע מענטשן, ס׳איז נישט שייך צו זאגן אז זיי זענען נאַכלעסיג חלילה, אלא מאַי, קען מען גאנץ לייכט אָננעמען דאס אזוי ווי ס׳איז נישט געקומען קיין ענטפער זעקס וואכן, וועט אין די צווייטע זעקס וואכן אויך נישט קומען, און די מערכה איז געוואונען, רבי משה וועט ווערן זיין שוואגער, זיין שוועסטער וועט באקומען רבי משה׳ן פאר א מאן, וואס ווייטער וועט זיין איז דעם אויבערשטנ׳ס זאך, ווי רבי משה אליין האט זיך אויסגעדריקט.

אהיים קומענדיג, האט ר׳ הערש איבערגעגעבן פאר די כלה דעם געשפרעך מיט רבי משה׳ן און אויך זיינע געדאנקען דערביי, און ער האט נאך מוסיף געווען, אז אינצווישן האט מען דאך אויך א שאַנס, אז ס׳זאל קומען פונ׳ם קייסער א באוויליגונג אויף רבי משה׳ס בלייבן אין פרוסניץ, וואס דאס וואָלט געווען גאר גוט, ס׳וואָלט אלעם פארענטפערט געווארן. אויבצוואר נאָרמאלער ווייזע איז דער שאַנס גאנץ א קליינער, אבער אז דער אויבערשטער וויל קען אלעם פאַסירן.

בעט השי״ת — האט ר׳ הערש אויסגעפירט צו די שוועסטער — דער אויבערשטער איז נאָנט צו צעבראָכענע הערצער, און טרערן קענען אלעם דורכברעכן.

* * *

ס׳איז פאריבער נאך א וואָך... נאך א וואָך... נאך א וואך...

רבי משה וואַרט אומזיסט אויפ'ן ענטפער. פאַר ר' הערש'ן און די כלה איז יעדער טאָג און יעדע שעה יאָרן... יאָרן... לאַנגע אויסגעצויגענע יאָרן. אבער יאָרן לויפן אויך דורך. ס'איז דורך נאָך א וואָך... און נאָך א וואָך, דאס הייסט אלעם צוזאַמען פעלט שוין נאָר א וואָך צו די דריי חדשים, קיין ענטפער, נישט פון פראַנקפורט, נישט פונ'ם קייסער.

רבי משה באַשליסט, ער וואַרט נישט ווייטער, ס'איז אומזיסט, ס'איז זיכער אזוי ווי ער האט נאָך צו די זעקס וואכן געמאַכט דעם באַשייד, אז זיינע רבי'ס ווילן נישט נעמען אויף זיך דאס אחריות פון איבעררייסן דעם שידוך, שווייגן זיי.

רבי משה גיט דעם סיגנאַל פאַר ר' הירש'ן „מ'קען זיך גרייטן צו די חתונה". רבי הערש איז אין זיבעטן הימל. די כלה'ס פרייד האט א פעדער נישט בכח צו שילדערן.

מ'נעמט זיך צו די פאַרבערייטונגען.

אין מיט'ן לויפט אָפּ די דריי חדשים. ר' הערש לויפט צו די באַהערדע, בעטן א פאַרלענגערונג פאַר רבי משה'ן, דריי אדער כאָטש צוויי וואכן.

א נעכטיגן טאָג! ר' הערש האט אלעמאל געקענט פועל'ן ביי די שטאָט'ס-באַהערדע אסאך שווערערע זאכן, אבער איצט זענען זיי פארעקשנ'ט, אז מ'האט איינגערייכט א ביטגעזוך צום קייסער און ס'איז קיין ענטפער נישט געקומען, איז דאס א ערגערער אַקט ווי א געוויינליכער. מאַקסימום דריי טעג קענען זיי געבן.

דער זעלבער פּראָבלעם איז דאך אויך מיט'ן רב רבי וואלף באסקאוויטץ. די געמיינדע האט זיך פארלאזט אז אים וועט דער קייסער זיכער באַשטעטיגן א וואוין-רעכט, ער איז דאך — ווי מיר האבן אויבן געמאלדן — א געבוירנער און מעהרן, ער האט אַן אנדערן סטאַטוס. און גראדע האט די שטאָט'ס פארוואַלטונג אויך געגעבן גערעכט די געמיינדע, דאס אין דעם פאַל וועט דער קייסער זיכער באוויליגן פאַר'ן רב א וואוין-רעכט. אבער אז קיין ענטפער איז איבערהויפּט נישט געקומען, מוז דאך דער רב אויך תיכף פארלאָזן די שטאָט. איז מען געלאָפן צו די שטאָט'ס באהערדע שתדלן פאַר'ן רב א פארלענגערונג כאָטש דריי פיר וואכן.

פאַר'ן רב, אלס פּריסטער פון די געמיינדע, און א געבוירענער אין לאנד, האבן זיי געמאַכט א אויסנאַם, זיי האבן אים געגעבן אויף זייער אייגענער אחריות, פיר וואָכן פארלענגערונג.

אבער פאַר רבי משה סופר, נישט מער ווי דריי טאָג, ס'העלפט נישט קיין רעדן קיין בעטן.

ר' הערש ווייס נישט וואס זאל ער דא טאָן, ער מאַטערט זיך

דעם קאָפּ, ביז ס'פאַלט אים איין א געדאנק.
בערך א צוואַנציג מייל איז די אונגאַרישע גרענעץ, דארט האַרט ביי די גרענעץ איז דא א שטעטל „סעמניץ", ס'וואוינען דארט עטליכע צענדליגע פאמיליעס אידן, ר' הערש האט דארט עטליכע גוטע פריינט, מיט וועלכע ער האט שוין געהאנדלט. ער וועט אהין ארויסנעמען דעם חתן, און דארט וועט מען מאכן די חתונה, אין א פּאָר טאג ארום. ער וועט שוין ארויספירן אהין אַן עולם פון פרוסניץ מיט זיינע וועגענעס — ער טרייסט זיך — ס'וועט זיין א פריילינכע חתונה.
רבי משה האט געגעבן זיין צושטימונג צו ר' הערשנ'ס פלאן. אין דער אמת'ן איז ער צופרידן איבערצולאָזן די שטאט און באַהאַלטן זיך אין דעם אונגאַרישן שטעטעלע סעמניץ. ווארום אז ס'איז ביז די פאַריגע וואך נישט געקומען קיין ענטפער פון זיינע רבי'ס, איצט — אז ער האט שוין געגעבן זיין צושטימונג צו די חתונה — ציטערט ער שוין פשוט אז ס'זאל נישט פלוצים אָנקומען א בריף פון פראנקפורט. למשל ווען ס'זאל איצט קומען א בריף פון זיינע רבי'ס אז זיי הייסן אים אפלאָזן דעם שידוך אויף זייער אחריות, ער וואָלט דאך געמוזט פאָלגן, ער וואלט זיך נישט דערוואַגן א קעגנשטעלן זיך זיי, אפילו ווען ס'איז צוויי שעה פאר די חופה, ער האט זיך דאך פאַרגענומען און האט זיי געשריבן דאס ער וועט אויספאלגן זייער באפעל. וואָלט דאך דאס איצט געווען א אמת'ע טראַגעדיע, אפילו נאר פון דענקען אויף דעם קומט אים צו חליש'ן. דאריבער איז ער צופרידן צו אנטלויפן אין דעם שטעטל „סעמניץ" אויף די אונגאַרישע זייט, דארט וועט אים שוין קיין פּאָסט נישט דערגרייכן. אגב — האט זיך דער אויסרעכנונג ארויסגעוויזן פאר נישט ריכטיג, ווי איר וועט ווייטער זען.

* * *

ס'קומט דער טאג פון די חתונה. ס'איז דרייצן טאג אין סיון. די חתונה קומט פאָר ביי איינעם פון די גבירים אין סעמניץ ר' הערש'נס א אלטער ידיד, ער האט צוגעגרייט א חתונה „כיד המלך".
ר' הערש האט צוגעשטעלט גוטע וועגענעס מיט געזונטע פערד, פאר'ן עולם אין פרוסניץ, א צוואַנציג וועגענס. ער האט ערלעדיגט ביי די באַהערדע אז מ'זאל די אלע אידן אריבערלאָזן איבער די גרענעץ, ער האט גענומען אחריות אז מאָרגן וועט אלעם זיין צוריק. א גרויסער עולם פון פרוסניץ האט ארויסגערוקט. ווער קען ר' הערש יערוויצ'ן אָפּזאָגן ווען מ'האט גערופן „דער אידישער פריץ" ס'רוב אידן אין פרוסניץ האבן געדארפט אמאל צו אים אָנקומען. און אויך וועגן השיבות און אָנזען פון רבי משה סופר אין פרוסניץ. און דערצו ווייסט דאך א יעדער די אומשטענדן וואס האט געפירט דערצו צו מאכן די חתונה אינ'ם אונגאַרישן שטעטל סעמניץ, ווייל מען דאריבער די חתן כלה

משמח זיין.

מ׳גרייט זיך שוין צו גיין צו די חופּה, און די וועגענעס פון פּרוסניץ קומען נאָך. נישט אַלע וועגענעס פאָרן גלייך, איינער פאָרט שנעל, דער אַנדערער פּאַמעלעך, ס׳ווענדט זיך לויט די פערד, לויט׳ן וואָגן, און נאָך אַנדערע סיבות אויפ׳ן וועג.

מ׳גייט שוין צו מזל צו די חופּה. אידן זינגען אַ ניגון און פּאַטשן. דער מוזיק שפּילט צו. חתן כלה שטייען שוין אונטער די חופּה. דעם חתן׳ס פּנים פלאַמט און שיינט. מ׳דערקענט אַז ער שוועבט איצט מיט זיינע גדאַנקען ערגעץ אין העכערע וועלטן. ער האָט פאַרגעסן איצט אין אַלע ערדישע חשבונות. ס׳שטייט אין די ספרים, דאָס די אָבות פון׳ם חתן כלה פון גן־עדן קומען צו די חופּה. געפינט זיך דאָך איצט דאָ רבי משה׳ס פאָטער ר׳ שמואל. און זיין עלטער־זיידע נאָך וועמען ר׳ שמואל האָט געהייסן, דער גרויסער וועלט׳ס גאון און צדיק ר׳ שמואל שאָטן, און דער גרויסער גאון „קדוש עליון" רבי שמואל חיים ישעי׳ס, (פערפאַסער פון „מסורת הש״ס"). און נאָך העכער דער געטליכער מאַן וואָס ער איז געווען מער מלאך ווי מענטש דער „ילקוט שמעוני". זיי מעסטן אוודאי אָפּ מיט זייערע הימלישע אויגן דעם חתן פון קאָפּ ביז פוס, זעען זיי דאָס ער איז הייליג און ריין ווי אין טאָג וואָס ער איז געבוירן, און זיי זעען דאָס אויך אַז דער חתן איז אַ בוים וואָס די בלעטער האָבן זיך נאָך נישט פונאַנדער געעפנט, ווען די בלעטער מיט די צווייגן וועלן זיך פונאַנדער נעמען און זיך צושפּרייטן וועט עס פאַרנעמען וועלטן. זיי באַטראַכטן אויך די כלה, זיי זעען דאָס זי איז אַ הויעכע נשמה, וועלכע איז אָנגעברייט „מששת ימי בראשית" פאַר זייער איינקל רבי משה׳ס וועגן, צו העלפן אים פאַרשפּרייטן די תורה־ליכט איבער דער וועלט. זיי גיבן זייער ברכה יעדן וואָס ער באַדאַרף. פאַר׳ן חתן זאָגן זיי: — „יפוצו מעינותיך חוצה" זאָלן זיך פאַרשפּרייטן דיינע קוועלע אין דרויסן. און אויך „שלא יבש המעין ולא יקצץ האילן" דער דאָזיגער קוואַל זאָל קיינמאָל נישט איינטרוקענען און דער בוים זאָל נישט אָפּגעהאַקט ווערן. פאַר די כלה זאָגן זיי: „יהי רצון" ס׳זאָל זיין דער ווילן פון הימל, דאָס די אויפגאַבע פאַר וועלכן דו ביזט געקומען אויף דער וועלט „צו העלפן רבי משה׳ן און פאַרשפּרייטן זיין תורה־ליכט", זאָלסטו ערפילן „בהצלחה".

מ׳ענדיגט די חופּה. דער חתן האָט שוין מיט זיין פוס צעבראָכן די גלאָז (אַ זכר פאַר חורבן בית המקדש). מ׳ווינשט פון אַלע זייטן מזל־טוב.

אַ וואָגן האָט זיך עפּעס פאַרשפּעטיגט, אויף וועלכן ס׳קומען נאָך אַ אַכט־ניין געסט פון פּרוסניץ. זענען פונקט אָנגעקומען ווען חתן כלה גייען שוין אַרויס פון אונטער די חופּה.

איינער שפּרינגט אַראָפּ. ער פּאַכעט מיט אַ בריף אין די האַנט:

— כ׳האָב אַ וויכטיגן בריף פאַר׳ן חתן... לאָזט אַ דורך... כ׳האָב אַ וויכטיגן בריף פאַר׳ן חתן...

מאַכט נישט קיין ליאַרעם! — שרייען אויף אים מענטשן — גיט אַהער דעם בריף, לאָזט איצט צורו דעם חתן.

ניין! איך גיב נישט נאָר דעם חתן אין האַנט אַריין.

ר׳ הערש יערוויץ הערט אויך דעם טומל, ער בייגט זיך צו צו דעם איד און גיט אַ קוק אויפ׳ן קאָפּערט.

ס׳איז פון פראַנקפורט!

מיר קענט איר געבן דעם בריף — זאָגט ר׳ הערש צו דעם איד מיט אַ שטאַרקן האַרצקלאַפּעניש — איך בין דאָך דעם חתן׳ס אַ שוואָגער.

ניין! איך גיב נישט קיינעם נאָר דעם חתן אַליין — איז דער איד איינגעשפּאַרט — איר זעט דאָך אַז ס׳איז אַ רעגיסטרירטער בריף, מ׳האָט עס מיר געטרויט, איך האָב אונטערגעשריבן, איך האָב געגעבן מיין וואָרט אַז איך וועל עס נישט געבן נאָר דעם חתן אין האַנט אַריין.

און דער איד האָט זיך שוין צוגעשטופּט צום חתן, ער דערלאַנגט אים דעם בריף און זאָגט:

— מזל־טוב אייך חתן כלה, דאָ האָט איר חתן לעבן אַ בריף, איך ברענג דאָס פון פּרוסניץ, ס׳איז אַ וויכטיגער בריף, מיר דוכט זיך פון דייטשלאַנד.

דער חתן גיט אַ קוק, ס׳איז פון פראַנקפורט... די האַנט הויבט אים אָן צו ציטערן, קוים ער קען האַלטן דעם בריף אין האַנט.

מ׳פירט אַריין די חתן כלה אין אַ שטיבל, זיי זעצן זיך אַראָפּ, דער חתן קען זיך נישט איינהאַלטן, ער עפנט דעם בריף און לייענט מיט די אויגן:

ב״ה י״ט אדר תקמ״ז לפ״ק פה פראנקפורט ד׳מיין יצ״ו

„לכבוד אהובינו תלמידנו חיות נפשנו... רבי משה סופר שליט״א״

„שוין עטליכע טעג וואָס איך האָב ערהאַלטן דיין שרייבן, און איך האָב מיט דיר גרויס מיטלייד אין דיין „צער און עגמת נפש״. אונזער באַראַטונג צוזאַמען מיט דיין רבי׳ן רבי נתן האָט גענומען צוויי דריי טעג. און איך איל זיך שוין צו ענטפערן דיר. אַנבעלאַנגט דעם שידוך, איז אונזער מיינונג אַז דו קענסט איבעררייסן דעם „קשר השידוך״ אָן שום פּקפוק, ס׳איז געווען אַ „מקח טעות״ און ס׳איז בטל ומבוטל. איך שרייב דיר דאָ דעם פּסק מיט׳ן פולן אחריות. זאָלסט גאַרנישט איבערקלערן. און זע וואָס שנעלער צוקומען צוריק צו אונז אויף פראַנקפורט, מ׳וועט דיר אַ קעגנגיין מיט פויק און מוזיק מיר וועלן דיך אויפנעמען מיט אָפענע אַרעמ׳ס.

הנני דורש בשלומך ואברכך בכל טוב סלה. דיין רבי וואס זוכט דיין טובה".

„הק' פנחס האראוויטץ אב"ד פה ק"ק פראנקפורט ד'מיין."

רבי משה איז אויף דער מינוט געווארן בלייך ווי די וואַנט, זיין גאנצער קערפּער האט אָנגעהויבן צו ציטערן, ער איז שיעור נישט אראָפּגעפאַלן פון בענקל, ער איז געזעסן מיט פארמאַכטע אויגן און געטראַכט.

די כלה האט זיך שטארק דערשראקן פון זיין פלוצימדיגן אויסזען. ר' הערש קומט אריין. ער זעט דעם חתן'ס צורה און זיין זיצן מיט פארגלייזטע אויגן, ווערט ער אויך שטארק דערשראקן. ער זעט דאס רבי משה האלט אין האנט דעם בריף, וואס דער איד האט געברענגט פון פרוסניץ, עפּעס זאגט אים דאס הארץ נישט גוטעס, ער פּרובירט דעם בריף ארויסצונעמען פון רבי משה'ס האנט, אבער ער קען נישט, רבי משה האלט עס פעסט ווי איינגעקלאַמערט אין האנט.

מיטאמאל גיט זיך רבי משה א טרייסל, ווי איינער וואַכט אויף פון א שלאָף, ער גיט א שריי אויס:

„מאת ה' היתה זאת היא נפלאת בעינינו".

(פון ג-ט אליין איז דאס געווארן, ס'איז וואונדערליך אין אונזערע אויגן).

ער מאכט אויף די אויגן, און שמייכלט ברייט אויף אלע זייטן. זיין צורה ווערט אויפגעלעבט און קריגט פאַרבן.

ער גיט דעם בריף פאר ר' הערש'ן צו לייענען און זאגט:

— לייען, און זע די אָפענע וואונדערליכע „השגחה עליונה" פונ'ם באשעפער, וואס מ'קען אָנטאַפּן מיט דער האנט.

ר' הערש לייענט דורך דעם בריף. רבי משה זאגט אים אין די אויערן:

— זאג ר' הערש טייערער, וואסערע שמחה דארף מען האבן ווען מ'זעט אז מ'איז אויף איינעם משגיח פון הימל מיט אזא גרויסן „השגחה פרטית". זע, דער בריף איז ארויס געשיקט געווארן מיט קארגע דריי חדשים צוריק, און מלאָכים פון הימל האבן עס אויפגעהאלטן ביז היינט, און ווען דער וואָגן שפּעטיגט נישט געווען, ער קומט אָן גלייך ווי אלע וועגנעס, און דער בריף קומט אין מיין האנט אריין כאטש מיט א שעה צוויי פריער, וואס וואָלט איך געטאן?

ברויך מען נאך זען מער אָפן די „השגחה עליונה" פונ'ם גרויסן בורא?!

די גמרא זאגט: — וואס טוט דער אויבערשטער? ער איז „מזווג זיווגים".

ווי ס'זעט אויס אז די סודות פון שידוכים און זיווגים האלט דער

אויבערשטער אליין ביי זיך, ער האט עס נישט איבערגעגעבן קיינעם. גרויסע צדיקים וואס זעען וואס טוט זיך אין הימל, אבער די סודות פון שידוכים קען מען אמאל פאר זיי אויך באהאלטן.

זע נאר די צווי גרויסע הייליגע תורה־ריז'ן, מיינע רבי'ס רבי נתן און רבי פנחס, וואס „כל רז לא אנים להם", אלע סודות זענען פאר זיי אנטפלעקט, זע וואס זיי שרייבן מיר... אבער אין הימל האט מען געוואלט אנדערש.

„כך גזרה חכמתו יתברך שמו", אזוי האט דער אויבערשטער געוואָלט.

דאס אלעם האט רבי משה דער חתן געזאגט צו ר' הערש'ן שטיל אין די אויערן אריין. דערנאך האט ער א זאג געגעבן פרייליך אויפ'ן קול:

— נו איצט זאל זיין א פרייליכע חתונה, ווייל מלאָכים אין הימל פרייען זיך מיט אונז מיט.

ס'האט זיך טאקע געמאכט א פרייליכע חתונה. מ'האט שוין לאנג אזא חתונה נישט געזען. דער חתן אליין איז געווען פרייליך ביז גאר. ער האט געזאגט „דברי־תורה" וואס אלע לומדים און תלמידי חכמים האבן צוגעגעבן, אז דאס זענען רייד וואס „אוזן לא שמעתן" מ'האט נאך אזוינס נישט געהערט.

מ'האט פארבראַכט ביז שפעט נאך חצות. מערסטע טייל פון די געסט זענען נאָך די נאכט צוריקגעפאָרן אויף פרוסניץ. א קליינער טייל איז געבליבן ביז מארגן, זיי זענען נאך דערביי געווען ביי די ערשטע „שבע ברכות" סעודה, וועלכעס איז אויך געפייערט געווארן מיט גרויס שמחה.

ר' הערש האט געזען אז ס'זאל אלע זיבן טעג ווערן געפראַוועט א געהעריגע „שבע ברכות" מיט א פיינע סעודה. די סעמניצער אידן האבן אין דעם טייל גענומען.

דער חתן האט זיך מחזק געווען מיט גרויס שמחה און אויפגעלעבטקייט אלע זיבן טעג פון די „שבע ברכות".

אויבצוואר דער יצר הרע האט זיך באַמיט אים טרויעריג צו מאכן און געברענגט אויפ'ן געדאנק, אז באלד נאך די „שבעת ימי המשתה" מוז ער זיך לאזן אין וועג אריין צוזאמען מיט'ן ווייב אויף דייטשלאנד, מסתמא קיין פראנקפורט, טאָ ווי אזוי וועט ער קענען אין פנים ארייננקוקן פאר זיינע רבי'ס וועלכע זענען געווען אזוי שטארק א קעגן דעם שידוך? ער וועט זיך דאך שעמען א קאָפּ אויפצוהייבן, און ווער שמועסט פאר די חברים און באַקאַנטע. זאל ער ווידער פאָרן זיך צו באַזעצן אין א אנדער שטאט אין דייטשלאנד, איז דאך נאך שווערער, וויאזוי ס'וועט זיך אים דארט איינגעבן צו קענען כאטש טיילווייז, פארצוזעצן זיין דרך וועלכע ער האט זיך פארגענומען, צו

פארשפרייטן די תורה־ליכט ביי אידישע קינדער, אָן שום געצאָלט אדער געהאלט פון א רבנות מיט אחריות.

מיט אזעלכע געדאנקען האט זיך דער יצר הרע פרובירט אים אוממוטיג צו מאכן.

אבער רבי משה סופר האט נישט געלאזט די געדאנקען ארייננכאפן זיך אין זיין הארץ אריין, ער האט זיי פארטריבן מיט אלע כחות, און געשטארקט זיך מיט גרוים אמונה און בטחון, דאס דער גרויסער באשעפער וואס ער איז משגיח אויף אים מיט אזא באזונדערע השגחה, וועט זיכער פירן מיט אים אלעס לטובה, און ער וויל גארנישט קלערן און גארנישט זארגן. וואס אנבלאנגט די באציאונגען פון זיינע רבי'ס צו אים איבער דעם שידוך וואס ער האט געטאן, איז דאך זיכער אז זיי וועלן אליין איינזען, אז דאס איז געווען א באשערטע זאך „מן השמים", א קלאָרער באווייז איז דאך דער בריף וואס האט זיך פארשפעטיגט און געזוימט אויפ'ן וועג, אפנאָרמאלער ווייזע, באלד דריי חדשים. און ס'איז אָנגעקומען אין זיינע הענט פונקט נאך די חופה.

אדרבה — איז רבי משה סופר געקומען ביי זיך צום אויספיר — איך דארף זיין שטארק בשמחה, זעענדיג דאס גרויסע „השגחה פרטית" מיט וועלכע מ'פירט מיך פון הימל. און ער איז טאקע געווען בשמחה, אזוי אז דאס האט אויך משפיע געווען אויף די כלה, און אויף ר' הערש'ן און אויף אלע אנוועזענדע, און די סעודות פון די „שבע ברכות" זענען פאָרגעקומען אין א גאר געהויבענע פרייליכע שטימונג.

* * *

אינ'ם דריטן טאג פון די „שבעת ימי המשתה" איז ר' הערש ארייגעפארן אויף פרוסניץ, צו ערלעדיגן עפעס פון זיינע וויכטיגע זאכן. און אויך צו ערלעדיגן עפעס רעשט זאכן פונ'ם חתן כלה, אנבעלאנגט זייער פארלאָזן די שטאט אויף אייביג.

עס איז גראדע פאָרגעקומען אין די געמיינדע א וויכטיגע זיצונג, און דערוויסנדיג זיך אז ר' הערש יערוויץ איז דא אין שטאט איז ער אויך געלאדנט געווארן. די זיצונג איז פאָרגעקומען אין א שטארק געדריקטע שטימונג, איבער די לאגע פונ'ם רב, וועלכער מוז ביז צוויי דריי וואָכן אומבאדינגט פארלאָזן די שטאט און דאס לאנד, און די קהילה בלייבט אָן א רב.

איניגע האבן זיך נישט געקענט איינהאלטן, און האבן מיט פארביטערונג פאָרגעוואָרפן פאר ר' הערש'ן, אז ווי ס'זעט אויס איז די מיינונג פון די וועלכע האבן געהאלטן נישט ארייננצונעמען רבי משה סופר'ן אינ'ם ביטגעזוך צום קייסער, אלס דער כלל פון „תפסת מרובה לא תפסת" (ווען מ'בעט אסאך ערררייכט מען גארנישט) געווען דאס ריכטיגע. ווען מ'בעט געווען נאר פאר'ן רב אליין — וועלכער איז

סייווי א געבוירענער אין מעהרן — וואלט מען געווען זיכער געפועל׳ט, און דערפאר וואס מ׳האט אריינגענומען אינ׳ם ביטגעזוך אויך רבי משה סופר׳ן — וועלכער האט גאר קיין אויסנאַם פריווילעגיעס אויף צו וואוינען און מעהרן — האט מען צוליב דעם ביידע אָפּגעוואָרפן, און פרוסניץ האט פארלוירן ביידע, אי דעם רב אי רבי משה סופר׳ן.

ווען ר׳ הערש איז צוריקגעקומען אויף סעמניץ האט זיך דערקענט אויף אים א געדריקטע שטימונג. רבי משה האט אים איבערגעפרעגט אויף דעם. ר׳ הערש האט זיך נישט געקענט איינהאלטן, ער האט דערציילט פאר רבי משה׳ן זיין שווערע איבערלעבונג אין פרוסניץ ביי דער זיצונג פון די קהילה.

רבי משה האט אים שטארק אויסגערעדט און מחזק געווען, ערקלערנדיג אים, דאס די רייד וועלכע זענען ארויסגעזאגט געוואָרן ביי דער זיצונג זענען גארנישט קיין אמונה׳דיגע רייד, ווארים א יעדע זאך און א יעדער מענטש ווערט געפירט פון הימל מיט א באזונדערן „השגחה־פרטית״, און אויפ׳ן פערגאַנגענהייט וואס מ׳האט שוין אָפּגעטאן איז אוודאי נישט שייך צו זאגן, ווען מ׳וואלט אזוי געטאן וואָלט בעסער געווען״ ווארום אז מ׳האט אזוי געטאן ווי מ׳האט געטאן איז דאס געווען „מן השמים״ מ׳זאל אזוי טאן און נישט אנדערש.

זיי זענען אזוי זיכער, אז ווען מ׳וואָלט געווען געבעטן נאר פאר׳ן רב אליין, וואָלט מען געווען זיכער באַשטעטיגט?

אפשר איז אזוי דער „דעת בעלי בתים״ (בעל בתי׳שער דעת) — האט רבי משה ערקלערט — אבער א איד האט גענוג געלעגנהייטן ביי זיין לעבן איבערצייגן זיך, אז די פירונג פון הימל איז העכער פונ׳ם „דעת בעלי בתים״, און אין אסאך פאַלן אין קעגנזאַץ פון דעם.

דער עיקר איז — האט ר׳ משה מסביר געווען פאר ר׳ הערש׳ן — א איד דארף אלץ האלטן און גלייבן, אז דאס וואס ער האט אָפּגעטאן איז געווען דאס בעסטע וואס ער האט געקענט טאָן, ווארום אזוי האט מען געפירט פון הימל, און אזוי וועט זיין לטובה (א חוץ ווען די זאך וואס מ׳האט געטאן איז עפעס א חשש פון א נדנוד עבירה רח״ל) און אז ער האלט זיך אזוי פעסט, וועט ער זיכער געפירט ווערן פון הימל, אלעמאל צום גוטן.

ר׳ הערש איז שטארק בארוישט און בעאיינפלוסט געווארן פון רבי משה׳ס רייד, די ווערטער האבן טאקע אריינגעבלאָזן אין אים א פריש חיות און שמחה. ער האט ערשט אָנגעהויבן אביסל צו בעגרייפן וואס פאַרא אומשאַצבאַרן אוצר ער האט אריינבעקומען פאר א שוואגער, פון וועמעס מויל מ׳שפרודילט א זעלכע הייליגע חכמה׳דיגע רייד „דברי אלקים חיים״.

* * *

אין זיבעטן טאג פון די „שבעת ימי המשתה" איז אָנגעקומען א וואָגן פון פּרוסניץ. א צען אידן זענען דערויף געווען. דאס זענען געווען פון די געקליבענע אמת'ע גוטע פריינט וואס רבי משה סופר האט געהאט אין פּרוסניץ. זיי האבן געוואלט נאך בייוואוינען די לעצטע סעודה פון די „שבע ברכות" א ביסל פרייען זיך נאך מיט רבי משה'ן, און זיין מיט אים צו זאמען איידער ער פארלאָזט די געגנט אין גאנצן.

איינער פון די אידן האט געברענגט מיט זיך א בריף פון די געמיינדע, אין וועלכן ס'איז געווען אריינגעלייגט דער לאנג ערווארטעטער ענטפער פונ'ם קייסער אויפ'ן ביטגעזוך וואס מ'האט אריינגערייכט וועגן אויפענטהאַלט פונ'ם רב רבי וואלף, און רבי משה סופר אין פּרוסניץ. דער ענטפער איז אָנגעקומען צו די געמיינדע מיט א טאג פריער, דאס הייסט אינ'ם זעקסטן טאג פון רבי משה'ס „שבעת ימי המשתה". מיט אומגעדולד האט מען געוואָלט דעם בריף ארויסרייסן פון דעם איד'ס האנט, אבער דער איד האט דאס בשום אופן נישט געוואָלט געבן. ער האט געזאגט אז ער אליין וויל דעם בריף פאָרלייענען פאר'ן גאנצן ציבור, ביי די לעצטע „שבע ברכות" סעודה.

מיט גרויס שפּאַנונג און אומגעדולד האט מען געוואַרט ביז נאכמיטאג ווען מ'האט זיך אוועקגעזעצט צו די לעצטע סעודה פון די „שבעת ימי המשתה".

דער חתן אליין האט זיך שווער געקענט געוועלטיגן אויף זיין שטארקן נייגעריקייט, וואס אזוינס קען שטיין אין דעם בריף וואס דער איד וויל אליין פארלייענען.

מ'האָט זיך געוואַשן צו די סעודה. מ'האט קוים עפּעס טועם געווען, האט מען געפּאָדערט פון דעם איד זאל פאָרליינען דעם בריף.

דער איד האט זיך גענומען פאמעלעך צו לייענען:

— „צו די הויכגעערטע פאָרשטאנד פון דער אידישער געמיינדע אין פּרוסניץ!

אין אנבעלאנגט אייער ביטע וועגן דעם הויכגעערטן ראבינער וואלף באסקאוויץ איבער זיין וואוין-רעכט אין מעהרן, טוט אונז לייד אייך צו פארשטענדיגן, אין נאמען פון זיין מייעסטעט דער קייסער, דאס די ביטע איז אָפּגעוואָרפן. צו זיין נאַכטייל ווערט מאָטיווירט דער פאַקט, דאס דער הער ראבינער האט אייגנוויליג זיך אָפּגעזאָגט פונ'ם מעהריש'ן בירגערשאפט, און אויפגענומען די בירגער-רעכט פון א אנדער לאנד.

רעכענדיג זיך מיט די שווערע סיטואציע וואס ווערט דאדורך געשאפן פאר'ן ראבינער און פאר די געמיינדע, האט זיין מייעסטעט באוויליגט דריי יאָר צייט פאר

צייטווייליגע אויפנטהאלט רעכט פאר׳ן ראבינער, אויף צו גרייטן זיך פארלאזן דאס לאנד, און פאר די אידישע געמיינדע געגנוג צייט צו קענען באזארגן זיך מיט א פאסיגן צווייטן פירער.

און אנבעלאנגט די ביטע איבער דעם אונטעררריכטער און פעדאגוג הער משה סופר, האבן מיר דאס פארגעגנוגן אייך צו פארשטענדיגן, אז זיין מייעסטעט האט אים באוויליגט אייביגע אומבאגרעניצטע וואוין־רעכט אין גאנץ „מעהרן״ אין וועלכע שטאט זיין הארץ גלוסט.

„אונטערשריפט פונ׳ם סעקרעטאריטעט פונ׳ם קייסערליכן ביראוי״.

ס׳איז איבריג צו זאגן וואסערע גרויסע פרייד און אנגענעמע איבערראשונג דער בריף האט פאראורזאכט, ס׳האט זיך טאקע נאכדעם געמאכט א גרויסע שמחה ביי די לעצטע שבע ברכות, די כלה׳ס פרייד און ר׳ הערש׳נס איז געווען א פאלקאמע. רבי משה האט געדאנקט פאר השי״ת אויף זיינע גרויסע חסדים, איצט האט ער ערשט געזען קלאר, אז די גאנצע זאך איז פאר אים געווען א נסיון פון הימל, צי ער וועט זיך נישט פארלירן און וועט זיך מחזק זיין אין אויבערשטן מיט׳ן גאנצן הארץ.

אין אנדערן טאג האט ר׳ הערש גענומען צו גרייטן זיך אויף צוריקצופארן אויף פרוסניץ, מ׳האט אלעם איינגעפאקט די חתן כלה׳ס זאכן, און געלאזט זיך אין וועג צוריק. די סעמניצער בעלי בתים האבן זיי באגלייט א שטיק וועג. זיי זענען געווען שטארק צופרידן וואס זיי האבן געהאט די זכי׳, אז ביי זיי אין שטעטל האט זיך אפגעשפילט די דערהויבענע הייליגע שמחה פון רבי משה סופר׳ס חתונה. ס׳וועט זיי דאס לאנג בלייבן אין זכרון.

— ח —

רבי משה סופר׳ס צוריקקומען אויף פרוסניץ, צוזאמען מיט זיין חשוב׳ע רעבעצן שרה, איז געווען פאר די גאנצע שטאט א יום־טוב׳דיגע איבערלעבונג. אלע בעלי בתים, צוזאמען מיט די פארשטאנד פון די געמיינדע, זענען געקומען אים באגריסן. די וועלכע האבן ר׳ הערש׳ן געמאכט די פארוואורפע ביי די פרירדיגע זיצונג, איבער׳ן ארייננעמען רבי משה סופר׳ן צוזאמען מיט׳ן רב אינ׳ם ביטגעזוך צום קייסער, די האבן זיך איצט געשעמט פאר זייער נארישער אויפפאסונג, ווארים ס׳האט זיך ארויסגעוויזן פונקט דאס פארקערטע, אז דעם רב האט מען נישט באשטעטיגט א וואוין־רעכט, מיט׳ן באגרינדונג וואס ער האט מיט אייגנפליים אוועקגעווארפן די מהעריׄשע בירגער־רעכט. און דערקעגן רבי משה סופר׳ן האט דער קייסער אן א ווייטערעס

באַווילֿיגט וואוין רעכט. אויף דעם האט זיך קיינער נישט געראָכטן. ס'איז ארויסגעקומען קלאר רבי משה סופר'ס רייד, אז נישט קיין „דעת בעלי בתים" טוט דאָמינירן די הימלישע חשבונות. אין הימל האט מען אנדערע אויסרעכנונגען, פאר'ן מענטש'ס טובה וועגן אין קעגנווארט און אין צוקונפט. און דעמאלס שיקט מען שוין אריין אזעלכע געדאנקען אויף פאר'ן קייסער, אז ער זאל אויך אזוי דענקען און האנדלען.

ר' הערש האט מיט חשק צוגעטרעטן צו פארווירקליכן זיינע הבטחות פאר רבי משה'ן ביי די תנאים.

ר' הערש האט נעבן זיין פּאַלאַץ וואו ער האט געוואוינט, געהאט א גרויסן שיינעם גאָרטן, צירקע א מייל די קוואַדראַט, אנגעפלאַנצט פון אלע סאָרט אויפסביימער, און אויך די שענסטע סאָרט בלומען זענען דארט געוואקסן. אין מיטן דעם גארטן האט ר' הערש אויפגעבויעט פאר רבי משה וזוגתו א הערליכן גרויסן בנין, אין א צורה פון א פעסטונג. דארט אין די געביידע איז אויך געווען אהערגעריכטעט א שיינער גרויסער בית המדרש, צו קענען דארט „מרביץ תורה" זיין פאר א סאך תלמידים.

רבי משה האט אוועק געשריבן א שיינעם בריף צו ביידע רבי'ס זיינע אויף פראנקפורט, און זיך אנטשולדיגט אויפ'ן נישט אויספירן דעם פסק זייערן אַנבעלאַנגט דעם שידוך וואס ער האט געטאָן, ער האט אראפגעשריבן גענוי די אנטוויקלונגען פון דער זאך, ווי ס'האט זיך געפירט דאס דער בריף האט פארשפעטיגט און האט זיך פארוואלגערט אונטערוועגס באלד דריי חדשים, און איז צו אים אנגעקומען פונקט נאך די חופה. פון דעם אליין האט מען געקענט זען די אפענע „השגחה עליונה" אז דער שידוך איז א באשערטע זאך פון הימל. און אויך האט ער דערציילט אינ'ם בריף פון דעם קייסערליכן באווילינגונג פאר אים צו וואוינען אין פרוסניץ, וועלכעס איז אָנגעקומען אין דעם לעצטן טאג פון די „שבעת ימי המשתה" צו אלעמענס ערשטוינונג. און אז ער האט זיך שוין באַזעצט אין פרוסניץ א „ישיבת קבע". זיין שוואגער ר' הערש יערוויץ האט צוגעטרעטן אויפצובויען אים א גרויסן פּאַלאַץ, אַ הערליכעס וואוינונג מיט א שיינעם פראכטפולן בית המדרש מיט אלע איינריכטונגען און באקוועמליכקייטן אויף צו קענען „מרביץ תורה" זיין אומגעשטערט. און ער איז זייער צופרידן פון די אנטוויקלונגען, ס'איז אלעס ב"ה ווי זיין הארץ האט געוואָלט. צום ענדע פונ'ם בריף בעט ער פון זיי א ברכה „ער זאל האבן „סיעתא דשמיא" צו פארשפרייטן די תורה ליכט צווישן אידישע קינדער, און מקדש זיין זיין הייליגן נאָמען מיט אלע זיינע מעשים".

זיי האבן אים ביידע געענטפערט, אז זיי האבן חלילה נישט אויף אים אין האַרצן, פארקערט זיי זעען ווי ער ווערט געפירט פון הימל

מיט א באזונדערע „השגחה עליונה", ס'איז זיכער, אז אזוי איז געווען „דער רצון השם", און זיי בענטשן אים מיט הארצעדיגע ברכות, נחת און שמחה, הצלחה און סיעתא דשמיא אין אלע זיינע זאכן.

רבי נתן אדלער שרייבט אים מיט א באזונדערע ליבשאפט, אז ער זאל נישט מיינען דאס זיין ליבשאפט צו אים איז עפעס פארמינערט געווארן חלילה, אדרבה פארקערט נאך אסאך שטארקער פון פריער, דאס הארץ גייט אים אויס פאר בענקעניש צו אים, און ער בעט אים ער זאל אים כאטש פון צייט צו צייט שרייבן א בריפל פארשטענדיגן פון זיין וואוילבעפינדונג, און אמאל אמאל עפעס חידושי תורה, וואס ער האט מחדש געווען פאר די תלמידים, ער וועט זיך מיט דעם דערקוויקן. ער ענדיגט:

— דיין רבי וואס דענקט אין דיר שטענדיג, און בעט פאר דיר פאר אלעם גוטן. נתן אדלער

* * *

דער רב רבי וואלף באסקאוויטץ איז געווען צופרידן וואס דער קייסער האט אים געגעבן א פארלענגערונג פאר זיין אויפענטהאלט דריי יאר צייט, צו קענען זיך רואיג באזארגן א רבנות שטעלע אויף א אנדער ארט אויסער „מעהרן". אבער ער האט באשלאסן נישט צוווארטן ביז די לעצטע מינוט. ער האט שוין ארויסגעלאזט א רוף, אז ער איז בערייט אנצונעמען א רבנות שטעלע אין אונגארן. און ס'איז נאך נישט פאריבער קיין יאר, האט ער שוין באקומען א גוטן פארשלאג פון א „עיר ואם בישראל" די שטאט „באניהאד" אין אונגארן אנצונעמען דארט די רבנות שטעלע. רבי וואלף האט געהאלטן אז ער טאר די געלעגנהייט נישט אויסלאזן, אזא רבנות אין אזא חשוב'ע קהילה טרעפט זיך נישט אין א יעדן טאג, האט ער דאס רבנות אנגענומען.

די באניהאד'ער קהילה האט פארלאנגט, דאס דער רב רבי וואלף זאל ביז ענדע דעם יאר תקמ"ח שוין פארנעמען דעם „כסא הרבנות". אזוי אז ס'איז קוים פאריבער עפעס מער ווי א יאר וואס רבי משה סופר האט חתונה געהאט און צוריק באזעצט זיך אין פרוסניץ, איז שוין פרוסניץ געבליבן אן א רב.

איצט האט ערשט רבי משה סופר געהאט דאס ריכטיגע געלעגנהייט צו פארשפרייטן זיין „כח התורה" און „כח הקדושה" אין פרוסניץ, ווי זיין הארץ האט נאר געוואלט. ער האט געהאט דעם אנזען און רפוטאציע פונקט ווי א רב איבער דער שטאט. און ער ביי זיך האט זיך געטרייסט, דאס ער איז נישט קיין אפיציעלער רב, ער נעמט קיין געהאלט און ער האט נישט אויף זיך קיין שום פאראנט־ווארטליכקייט. דאס וואס ער לערנט מיט אנדערע און פסק'נט אויך שאלות, דאס טוט ער פרייוויליג אן שום אחריות.

אויסער די שיעורים וואס ער האט „קובע" געווען מיט די בעלי בתים און יונגעלייט אין די שטאט, האט ער געגרינדעט א ישיבה פאר בחורים, און ס'האבן געשטראָמט אהין בחורים אויך פון די פרעמד. די רעבעצן שרה איז געשטאנען געטריי נעבן איר הייליגן מאן, צו באדינען אים און צו העלפן אים אין דער הייליגער ארבעט, וואס ס'איז נאר מעגליך. ר' הערש, — אויסער דעם וואס ער האט אלעם אויסגעהאלטן אויף זיינע שפעזן, און פלעגט אויך געבן רבי משה'ן גרויסע סומעס טאַשן-געלט, כדי ער זאל קענען טיילן צדקה מיט א ברייטע האנט — האט ער און זיין „אשת חיל" אויך געהאלפן מיט וואס זיי האבן נאר געקענט — אין די פיזישע און טעכנישע ארבעט — צום פארשפרייטונג פון רבי משה'ס תורה-ליכט אין פרוסניץ, און אויסער פרוסניץ.

ר' הערש אַליין איז געווען גליקליך ארייננכאפן זיך אין רבי משה'ס תורה-פעסטונג דארט אינ'ם גאָרטן, אפילו אין מיטן די געשעפטן אדער פאַרנאכט נאך דער ארבעט, פארברענגט דארטן א פאר שעה, געפילט זיך ממש ווי אין „גן עדן התחתון" געגאסן פון דעם זיסן שפרודילדיגן תורה קוואל, וואס האט דערקוויקט אלע ביינער, און דערהויבן דאס הארץ און מוח, געברענגט אײנעם אין א הייליגן נשמה'דיגן עקסטאַז.

רבי משה אליין איז געשטיגן אין די „מדריגות" פון טאג צו טאג העכער און העכער. ער פלעגט אוועקזיצן ביי די גמרא צוויי טעג און איין צי, אָן עסן און אָן שלאָפן, ער האט געשוועבט אין העכערע וועלטן, אויסער די ערדישע אַטמאָספערע.

נישט מער, וואס די רעבעצן שרה פלעגט אים אין אזא צייט אויפטרייסלען פון זיין גרוים „דבקות", און צוברענגען אים עפעס צו עסן, אדער געהייסן אים אביסל שלאָפן, כדי ער זאל זיך אָנקלייבן כח אויף ווייטער פאָרצוזעצן זיין „עבודת השם". און רבי משה סופר האט געפאלגט, ווייל ער האט די רעבעצן שטארק געערט און געשעצט, ער האט געוואוסט איר געטריישאפט, און אז זי מיינט אלס ערליך און ריין פאר השי"ת וועגן.

— ט —

דער דאזיגער אידיאַלישער צושטאנד, פאר רבי משה סופר וזוגתו, האט זיך געצויגן אזוי צירקע זיבן אָר. און אויבצוואר זיי האבן קיין קינדער נישט געהאט, אבער רבי משה איז געווען אזוי ארייננגעטאן אין זיין הייליגע מיסיע פון „מרביץ תורה" זיין, דאס ער האט זיך דאריבער נישט געערגערט. ער פלעגט טרייסטן די רעבעצן מיט די דאזיגע רייד:

— שרה, מיר האבן ב"ה א סאך קינדער, די אלע אידן וואס קומען צו מיר לערנען, זענען אונזערע קינדער.

אבער אין מיטן האט זיך געשפינט א זאך, פון וועלכן רבי משה האט דערווייל קיין אנונג נישט געהאט, וועלכעס האט סוף סוף געברענגט א איבערברוך אין דעם גאנצן גלענצעדיגן צושטאנד.

ר׳ הערש יערוויץ׳נס גרויסע געשעפטן, וועלכע זענען שוין יאָרן־לאנג געגאנגען כסדר „בארג ארויף”, און מיט גרויס הצלחה, האבן פלוצים גענומען צו גיין אין א פארקערטע ריכטונג „בארג אראפ”. וואס די סיבה איז, האט ר׳ הערש אליין נישט געקענט זיך גענוי מסביר זיין, אבער דער פאקט איז געווען אז שוין באלד צוויי יאָר וואס די געשעפטן גייען אלץ אראָפצו און אראָפצו.

ר׳ הערש יערוויץ — דער גרויסער געניטענער לאנגיאָריגער סוחר — האט פרובירט אלעם מעגליכעס צו טאָן אָפצוהאלטן דאס גליטשן זיך „בארג אראפ” פון די געשעפטן, אבער ער האט עס נישט באוויזן. ער האט זיך אָנגעשטרענגט מיט אלע כחות אָפצוהאלטן ווייניגסטנס אז מ׳זאל אין דרויסן גארנישט דערקענען, ער זאל נישט פארלירן דעם אָנזען און דעם קרעדיט. אבער דאס האט אויך א גרעניץ ווי וייט מ׳קען דאס באהאַלטן. און צום באדויערן איז שוין ר׳ הערש לעצטנס אריבער דעם גרעניץ. מ׳האט שוין אנגעהויבן צו רעדן דערפון אין דער עפנטליכ־קייט, אז ר׳ הערש יערוויץ ארבעט מיט גרויס דעפיציט, און קען נישט נאכקומען זיינע פארפליכטונגען, און ס׳האלט נישט ווייט פון באנקראט.

רבי משה סופר האט דערווייל נישט געפילט און נישט געוואוסט פון גארנישט. ר׳ הערש האט געמאכט איבערמענטשליכע אנשטרענ־גונגען, אז ביי רבי משה און אין זיין תורה פעסטונג זאל גארנישט פעלן, און ס׳זאל זיך גארנישט מערקן.

אבער אז דער מצב איז געווארן אלעמאל ערגער און ערגער, האט געמוזט קומען דערצו, דאס רבי משה זאל אויך אָנהייבן עפעס צו מערקן. תחילת האט זיך דאס טאשן־געלט פארקלענערט, ביז ס׳האט אָנגעהויבן אין גאנצן צו פארבלייבן אויף לענגערע צייטן. דאס פאַרזאָרגן די באדערפענישן פון די ישיבה איז שטארק צוריקגעבליבן. און דער מאַנגל און נויט האט געגעבן זיינע צייכענעס אויף אלע געביטן.

רבי משה׳ס שארפער חוש האט שוין אלעס באנומען. איבערהויפט ר׳ הערשנ׳ס פארזאָרגט פנים האט אויך א סאך פאַרמסר׳ט. די ערשטע זאך האט רבי משה די בחורים פון די פרעמד אהיים געשיקט. און אָנגעהויבן איינצוציען די אויסגאַבן ביז א מינימום. ס׳איז געקומען דערצו דאס ער האט שוין פשוט געליטן דחקות אויף א גראָשן. ער איז געוואוינט געווען צו געבן צדקה פאר ארימע לייט מיט א ברייטע האנט, פון די גרויסע טאשן־געלטער וואס דער שוואגער פלעגט אים געבן. ער האט עס אבער שוין מער נישט געקענט, פשוט ס׳איז נישט געווען פון וואנעט, די זאך האט רבי משה׳ן שטארק געערגערט. ער האט

געהאט א ספּעציעלן טייערן טלית קטן, וואס ר׳ הערש האט אים געלאזט אויפנייען, אויף וועלכן ס׳איז געווען אַנגענייט זילבערנע קנעפּלעך ארום און ארום די זוימען, ס׳האט באטראפן אפאר צענדליגע קנעפּלעך, פלעגט רבי משה — באין ברירה — אז ס׳איז געקומען צו אים א חשוב׳ער ארימאן אראפּרייסן אזא זילבערנעם קנעפּל פון׳ם טלית קטן און אוועקגעבן דעם ארימאן, יענער האט געלייזט דערפאר א שיינע מטבע. אבער די קנעפּלעך האבן זיך אויך שוין אויסגעלאזט.

* * *

דער צושטאנד האָט אָנגעהויבן רבי משה׳ן צו שטערן פון זיין הייליגע עבודה אלץ מער און מער.

איינמאל ביינאכט, רבי משה איז געזעסן ביי זיך אליין אין זיין לערן־שטיבל, האט זיך רבי משה געמאכט א„חשבון הנפש" וואס וועט זיין דער סוף? דארף ער טאקעווארטן ביז ווילאנג ס׳וועט נישט זיין דער ביסן אריינצונעמען אין מויל?! און דארף ער טאקע זיין שוואגער ר׳ הערש׳ן ארויסנוגן די נשמה פון די ביינער, דארט ווי ער איז שוין אין אזא שווערן צווייפלהאַפטיגן מצב?!

אלא מאַי, וואס טוט מען?

זאל ער אָננעמען א רבנות שטעלע?

ניין! דאס בשום אופן נישט — האט ער ביי זיך פעסט באשלאסן — ער וועט קעמפפן קעגן דעם געדאנק ביז צו די לעצטע כוחות.

וואס דען טוט מען? עפּעס מוז מען טאָן, לאנג קען דער מצב אזוי נישט בלייבן!

ער האט זיך עפּעס דערמאנט, און די אויגן האבן אים אויפגע־לאכטן.

ער האט דאך טויזנט גולדן, וואס זיין פעטער האט אים געגעבן, און ער האט דאס צוריקגעליען פאר׳ן פעטער, איצט וועט ער דאס פון אים בעטן, ער וועט אים אוודאי געבן. מיט אזא קלאָסאַלע סומע ווי טויזנט גולדן קען מען שוין עפּעס מאכן. ער וועט דאס אוועקגעבן פאר א סוחר פון איינעם פון זיינע גוטע פריינט אין פּרוסניץ, ער וועט מיט דעם האנדלען און די העלפט ריווח וועט געהערן צו אים.

דער פּלאַן איז אים זייער געפעלן געווארן. ער האט זיך געטרייסט — ער וועט בעטן צו השי״ת אז ס׳זאל זיין דערין די ברכה, און דער האלבער ריווח זאל אים קלעקן אויף צו לעבן דערפון, ער זאל קענען ווייטער בלייבן ביי די הייליגע תורה און אויך לערנען מיט אנדערע ווי ווייט ס׳איז מעגליך. און דער עיקר, ער זאל נישט דארפן אָננעמען א רבנות פּאָסטן, צו נעמען געצאָלט פאר׳ן לערנען.

ער האט תיכף אוועקגעשריבן צום פעטער אויף פראנקפורט, און געשילדערט זיין גאנצן מצב, געבעטן ער זאל אים מוחל זיין וואס

ער איז געקומען צו אזא צושטאנד דאס ער איז אַנגעוויזן צו בעטן ביים פעטער, ער זאל אים די טויזנט גולדן אריינשיקן, ער זאל זיך קענען דערפון דערנערן דורך א מסחר.

דער פעטער וועט מיך אוודאי פארשטיין — האט רבי משה געענדיגט זיין בריף — און וועט מיר ווי אומשנעלסטן אריינשיקן די טויזנט גולדן.

די צוויי וואָכן וואס רבי משה האט געדארפט וואַרטן אויפ׳ן ענטפער אויף זיין בריף צום פעטער, איז ביי אים געווען לאנג ווי א יאָר. דער מצב דאָ ביי ר׳ הערש׳ן איז געווארן פון טאג צו טאג ערגער און אומפאַרטרעגליכער.

ענדליך אין א פרייטאג טאָג איז אנגעקומען דער ענטפער, איינער פון די שטוב מענטשן ביים פעטער שרייבט אים:

— זיי וויסן ליבער רבי משה, דאס דער פעטער איז שוין עטליכע וואָכן נישט צווישן די לעבעדיגע. ער איז נעביך געשעפטליך צוגרונד געגאנגען, ס׳איז נישט געבליבן פון זיין פארמעגן א פאָדים ווערטס, און פון גרויס צער און ערגערניש איז ער קראנק געווארן און אין פארלויף פון אפאר טאג איז ער געשטארבן. מיר האבן דיר ביז איצט נישט פארשטענדיגט, דיר נישט צו פארשאַפן צער און עגמת־נפש, אבער איצט אז דו האסט געבעטן די טויזנט גולדן, האבן מיר דיר שוין געמוזט דאס פארשטענדיגן. איך דארף דיר נישט זאגן — ליבער רבי משה — דאס דער פעטער פארדינט אז דו זאלסט אים געדענקען ביי דיינע הייליגע לימודים און תפלות, אז זיין נשמה זאל האבן א תיקון און א עלי׳, ער האט זיך אזויפיל ערליך פארדינט.

ווען רבי משה האט ערהאלטן דעם בריף, האט עס אים שטארק צובראָכן. איינס, האט אים ווי געטאָן דעם פעטער׳ס פלוצלימדיגער טויט, ער איז געווען א אמת׳ער „איש החסד", ער האט מיט אים א סאך גוטס געטאן כמה יאָרן. דאס צווייטע האט אים ווי געטאן, אז דער האָפנונג פון געבויט צו ווערן פון די טויזנט גולדן איז אויך שוין אויסגערינען.

* * *

דער שבת קודש איז אנגעקומען. רבי משה האט זיך געשטארקט. שבת דארף א איד זיין בשמחה — האט ער צו זיך געזאגט — מ׳טאר נישט ארויסווייזן דאס מינדעסטע זאָרג אדער ערגערניש. ס׳איז דא א בורא עולם וואס ער שפייזט אלעמען און זארגט פאר אלעמען, אויף אונז ליגט נאר אים צו דינען.

ער איז אהיימגעקומען פון די שול פריילעך, אויפגעלעבט. ער איז אויסגעטאן פון אלע וואָכנדיגע חשבונות. ער גריסט א „גוטן שבת" פאר זיין רעבעצן שרה, און צו זיין גרויסן ענטשטוינונג באמערקט ער

אז ס׳פעלט איר דאס טייערע שטערן־טיכל פונ׳ם קאָפּ. דאס שטערן־טיכל וואס איר ברודער ר׳ הערש האט איר געלאזט מאכן צו די חתונה, איז געווען אויסגענייט מיט געפּלאָכטענע גאלדענע פעדעמער, און געווען אויסגעלייגט מיט טייערע דימאנט־שטיינער, ס׳האט ארויסגעגעבן פון זיך א בלאַשקע ווי א קרוין פון א קייסער. דאס האט שרה נאך קיין איין שבת נישט פארפעלט אָנצוטאן. און איצט איז עס נישטא! ס׳האט רבי משה׳ן שטארק איבערראשט.

רבי משה האט זיך געטראכט, זיכער איז דאס געגנב׳עט געווארן.

ער באמערקט איר פארטרויערט פנים. האט ער צו איר א זאג געטאן זי צו טרייסטן:

— אויף פארמעגן און געלד פארלוסטן דארף מען זיך נישט ערגערן, איבערהויפּט אין שבת קודש. זאָרג נישט, איך בין דיר מבטיח אז ס׳וועט פאלן א פחד אויפ׳ן גנב און ער וועט דאס ביז א פּאָר טעג צוריק ברענגען.

שרה די רעבעצן — מיינענדיג אז רבי משה האט קיין אָנונג נישט פונ׳ם פארערגערטן מצב פון איר ברודער — האט זי באשלאסן אז זי מוז ענדליך ארויסקומען מיט׳ן לשון, ס׳האט נישט קיין צוועק אויף ווייטער צו באַהאַלטן פון רבי משה׳ן, אז ער וועט וויסן דעם מצב וועט מען דאך עפּעס טראכטן ביז מ׳וועט זיך צו עפּעס דערטראכטן, אבער אז זי וועט לאזן די זאך אזוי גיין ווייטער, ביז מ׳וועט פלוצים בלייבן אן א ביסן אין מויל ארייננצונעמען, וועט עס האבן א סאך ערגערער ווירקונג אויף רבי משה׳ן.

דאס שטערן־טיכל איז נישט געגנב׳עט געווארן — האט שרה געזאגט מיט א שטילן קוים הערנדיגן טאָן און מיט אראפּגעלאָזטע אויגן — מיין ברודער ר׳ הערש האט דאס פארמשכון׳ט אויף שבת הוצאות. זי האט זיך ביי די ווערטער צוכליפּעט מיט א שטילן געוויין.

אויף דער מינוט האבן די רייד רבי משה׳ן געגעבן א שטאך אין הארצן. ער האט טאקע נישט געוואוסט אז ס׳האלט אזוי ווייט. ער האט זיך אבער תיכף געשטארקט, און געזאגט צו איר:

— שרה, ס׳איז שבת קודש! ס׳איז דא א באשעפער וואס ער פירט די וועלט, און ער העלפט פאר די וואס פארלאזן זיך אויף אים. איצט דארף מען פון אלעמען פארגעסן און פרייען זיך מיט׳ן „שבת קודש".

* * *

מוצאי שבת האט זיך רבי משה פארשלאסן אין זיין לערן־שטיבל, און גענומען ווייטער טראכטן, וואס טוט מען? דער מצב איז דאך שוין אָנגעצויגן ביז צו די לעצטע סטרונעס. השי"ת וועט אים זיכער נישט פארלאזן, אבער א מענטש מוז דאך פארט עפּעס טאָן.

אפשר דאָך, אָננעמען א רבנות שטעלע? — האט זיך אים אין

האַרץ אַריינגעכאַפּט אַ געדאַנק — ס׳איז דאָך פּשוט קיין אויסוועג נישטאָ.

ניין! און ניין! האָט ער ביי זיך שוין דאָס וויפילטע מאָל באַשלאָסן, ס׳איז נאָך נישט פאַרמאַכט אַלע וועגן. ס׳קען נישט זיין אַזאַ זאַך!

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, פאַרצויגן זיך דעם שטערן און געטראַכט אַ שטיק צייט.

יאָ, ער ווייסט שוין — האָט ער ווי אויפגעוואַכט פון אַ שלאָף — ער וועט זיך אויסלערנען אַ פאַך אַ „אומנות״, ער וועט זיך מתפרנס זיין „מיגיע כפו״. וואָס איז ער דען בעסער פון די גרויסע „תנאים״ און „אמוראים״ די „חכמי התלמוד״ וועלכע האָבן זיך מתפרנס געווען פון אַ „אומנות״. רבי יצחק „נפחא״, רבי יוחנן „הסנדלר״, רבי אליעזר „הקפר״, אבא „אומנא״ און נאָך און נאָך...

ער האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן די נאַכט, צו גיין אין דעם גאַנג אויסלערנען זיך עפּעס אַ גוטע גרינגע מלאָכה, וואָס ער וועט אין דעם אַ פּאָר שעה עוסק זיין איבער׳ן טאָג, און דאָס וועט אים דער־מעגליכן אַז אין די איבריגע צייט זאָל ער קענען פאַרזעצן זיין הייליגע אַרבעט פון לערנען תורה, און אויך „מרביץ תורה״ זיין פאַר אַנדערע, גלייך ווי די תנאים און אמוראים האָבן געטאָן.

איצט איז די שאלה, וועלכע פאַך זאָל ער זיך אויסקלייבן?

אַ שוסטער?

ניין! ס׳טויג נישט. די האַנט איז נישט ריין פון די שיך וואָס מ׳דאַרף האַלטן שטענדיג אין האַנט, און מ׳קען נישט זאָגן אַ אידיש וואָרט ביי דער אַרבעט. אויך איז מען אויסגעזעצט צו מאַכן פרויען־שיך דאָס הייסט „עסקי נשים״ ער וועט דאָס נישט טאָן, ער וועט זיך נישט אַריינברענגען אין נסיונות.

אַ סטאָליער?

ניין! ס׳טויג נישט. ס׳איז צו אַ שווערע פיזישע אַרבעט, ער וועט זיך נישט לכתחילה אויסקלייבן אַזאַ מלאכה. מ׳דאַרף האָבן די כחות צו די תורה, און צו עבודת השי״ת.

אַ שמיד?

ניין! ס׳טויג נישט, ס׳איז אַ שווערע און אויך אַ שמוציגע אַרבעט, אַ איד דאַרף זיך האַלטן ריין שטענדיג. „נקיות״ איז אַ וויכטיגער פונקט צו די „קדושה״. און אַזוי האָט ער אויסגערעכנט נאָך עטליכע מלאכות. ביז ער איז געקומען צום באַשלוס.

שניידעריי!

דאָס איז אַ „מלאכה נקי׳ וקלה״, אַ ריינע און גרינגע אַרבעט, אַזוי זאָגט די גמרא.

* * *

אינדערפרי נאכ'ן דאווגען, האט ער איבערגעשמועסט די גאנצע זאך מיט זיין רעבעצן שרה. ער האט פארשטאנען אז ס'וועט איר זיין א שטארקע נישט אנגענעמע איבערראשונג. ער האט זיך באמיט איר פארשטיין צו געבן אז ס'איז נישט קיין חילוק פון וואס א מענטש באציט זיין חיונה, דער עיקר איז דער מענטש אליין. און אז די זאך וואס ער טוט זאל זיין א ערליכע כשר'ע זאך. ער האט איר פארשטיין געגעבן, אז ביז עטליכע וואכן, אדער מאקסימום צוויי-דריי חדשים האפט ער — מיט זיין גוטן קאפ — צו דערלערנען זיך דעם פאך, און ער וועט זיך אוועקשטעלן אויף אייגענע פיס — מיט השי"ת הילף — נישט זיין אנגעוויזן צו קיינעם. און ער האפט ער וועט זיך קענען איינטיילן אזוי, אז ס'זאל אים בלייבן גענוג צייט צו די הייליגע תורה, צו קענען ווייטער שטייגן, און אפילו לערנען מיט אנדערע.

סוף סוף — האט ער איר ערקלערט — זענען דאך די הייליגע תנאים און אמוראים „חכמי התלמוד" אויסגעוואקסן אזוי גרוים פראקטיצירנדיג גלייכצייטיג אויך זייער פאך פון וועלכן זיי האבן געצויגן זייער חיונה.

אויף צובאצאלן דעם שניידער וועלכער וועט מיר לערנען דעם פאך — האט רבי משה אויסגעפירט — וועלן מיר פארזעצן דעם גרויסן געפלאכטענעם זילבערנעם לייכטער, — איך וועל זיכער קריגן דערפאר אזויפיל אויף צו באצאלן דעם מייסטער.

איצט וויל איך וויסן וואס דו זאגסט צו דעם אלעמען — האט רבי משה פארענדיגט זיינע רייד צו די רעבעצן.

ס'פארשטייט זיך אז אויף דער מינוט האט איר דער פלאן ממש שאקירט. זי האט זיך אזא זאך קיינמאל נישט פארגעשעלט, אז איר מאן רבי משה — אויף וועם יעדער האט געזאגט נביאות דאס ער וועט זיין א וועלטס גרעסע — וועט גאר ווערן א איינפאכער בעל מלאכה, א שניידער ווי אלע שניידערס. אבער זי האט זיך געשטארקט דאס הארץ, און באמיט ארויסווייזן א רואיגע האלטונג.

זי האט ביי זיך געקלערט, סוף סוף איז זי דאך דער עיקר שולדיגע אין דעם שווערן סיטואציע פון רבי משה'ן. ער האט דאך מיט איר חתונה געהאט אויף דעם ארויף וואס מ'האט אים פארשפראכן אייביגע קעסט מיט זעמטליכע אויסהאלטונג, פאר אים, און פאר די ישיבה זיינע וועלכע ער וועט פירן, צום סוף איז פון אלעם גארנישט געווארן, זאל זי אים איצט נאך לייגן שטיינער אויף זיין וועג, צו דערשלאגן זיך צו עפעס א באזעם פון פרנסה?!

רבי משה — האט זי אים געענטפערט, ווי זי פלעגט אים אנרופן אלעמאל מיט'ן רי"ש — וואס דו וועסט טאן איז מיר ליב,

און איך שטיי דיר ביי דער האנט ווי דיין געטרייע לעבנסבאַגלייטערן.

רבי משה איז געווען באגייסטערט פון איר באלדיגע צושטימונג, ס'האט זיך דאס וויפילטע מאל שוין ארויסגעוויזן אז זי איז א טייערע נשמה. ער האט איר געבעטן אז די גאנצע זאך זאל זיין „בסוד" ביז ער וועט זיך אויסלערנען דעם פאך, ווארים אויב די שטאט וועט זיך דערוויסן, איז זיכער דאס זיי וועלן אים מיט אלע כחות אָפּהאלטן אויסצופירן זיין פלאן.

— י' —

אין פרוסניץ האט זיך געפונען א שניידער א איד „ר' תנחום". פון קענען לערנען איז ער געווען ווייט, אבער געווען א תמים א ערליכער איד, געהאט גרויס רעספעקט פאר תלמידי חכמים, ער פלעגט זיצן ביי א שיעור „עין יעקב" וואס איינער פון די איידילע בעלי בתים אין שטאט האט פארגעלערנט, אויך ביי א שיעור משניות נאך מעריב, ס'איז ביי אים געווען „הכל ריווח"" וויפיל ער האט פארשטאנען, און אליין האט ער זיך אויך געגרובלט אינ'ם טייטש־חומש. מיט אים האט זיך רבי משה נאך אין דעם זעלבן טאג געזען.

ר' תנחום — האט אים רבי משה געזאגט — איך וויל איר זאלט מיר לערנען שניידעריי. איך וועל אייך גוט באצאלן.

ר' תנחום האט זיך דערשראקן. ער האט געוואוסט אז רבי משה איז א רבי פאר תלמידים, אויך אלטע אידן תלמידי חכמים טרינקען מיט דאָרשט זיינעם א וואָרט, אלעם האט פאר אים גרויס דרך ארץ, ער איז „במקום" פון א רב אין שטאט, מ'זאגט אויף אים גרויסע זאכן, און איצט זאגט ער גאר אז ער זאל אים לערנען שניידעריי!

רבי, איר מיינט א וודאי צו מאכן א שפּאַס — זאגט ר' תנחום צו רבי משה סופר.

ר' תנחום איך שפּאַס נישט — פארזיכערט אים רבי משה — איר האט מיך שוין געזען א סאך שפּאַסן? איך מיין עס גאנץ ערנסט.

איי, רבי — זאגט ר' תנחום אביסל מבולבל, ער גלייבט זיך נישט די אויערן וואס ער הערט — איר וועט נישט האבן אויף מיר קיין פאַראיבל, איך קען זיך אזא זאך נישט אונטערנעמען. דער רבי לערנט מיט אלעמען, און איך „עם הארץ" זאל לערנען מיט'ן רבי'ן?! דאס איז נישט פאר מיר.

רבי משה זעט אז מיט גלייכע רייד וועט ער מיט אים נישט מאכן, זאגט אים רבי משה:

הערט ר' תנחום: אז איר וועט מיך לערנען שניידעריי, גיב איך אייך אוועק א חלק פון מיין תורה וואס איך האב געלערנט ביז היינט. א חוץ וואס איר וועט באקומען אייער באַלוינונג „ביד רחבה".

די ווערטער האבן ר׳ תנחום׳ן עלעקטעריזירט, און געווירקט אויף אים זייער שטארק.

אַה האַ! דאס איז שוין א זאך — האט ר׳ תנחום ארויסגערעדט — צו האבן א חלק אין רבינ׳ס תורה איז ביי מיר מער ווי די גאנצע וועלטס געלט. אויב דער רבי מיינט טאקע צו האלטן וואָרט, קען מען רעדן פון דער זאך.

וואס איז די שאלה? א וודאי וועל איך האלטן וואָרט — פארזיכערט אים רבי משה — וועלכער איד האלט דאס נישט קיין ווארט? אבער איין זאך מוזט איר מיר פארשפרעכן, — זאגט אים רבי משה — אז די גאנצע זאך וועט זיין בסוד, קיין שום נברא טאָר דערפון נישט וויסן. איך וועל צו אייך קומען א יעדן טאג נאכמיטאג אויף באשטימטע דריי שעה. דעמאלס זאל זיך קיינער ביי אייך נישט געפונען. און איר וועט מיר לערנען שניידעריי.

געדענקט! — האט רבי משה אויסגעפירט — איך וועל אייך גוט באלוינען, א חוץ די הבטחה צו האבן א חלק און מיין תורה, וואס איך האב ביז היינט געלערנט.

דער משא ומתן מיט ר׳ תנחום איז געשלאָסן געווארן. רבי משה האט זיך גענומען לערנען שניידעריי. ער איז יעדן טאג נעלם געווארן אויף דריי שעה אין די נאכמיטאג שעה׳ן.

דעמאלס האט נאך רבי משה געהאט א שיינע צאָל תלמידים, בחורים און יונגעלייט פון פרוסניץ, וואס ער האט מיט זיי געלערנט, א חוץ שיעורים מיט בעלי בתים און עלטערע אידן. זיינע תלמידים האבן נישט געוואוסט וואו רבי משה ווערט פארשוואונדן יעדן נאכמיטאג אויף דריי שעה. אז זיי האבן געפרעגט אויף דעם זייער רבי׳ן רבי משה, האט ער זיך ארויסגעדרייט פון צו ענטפערן, און צודרינגליך צו זיין, איבערפרעגן צוויי מאל דריי מאל האבן זיי נישט געקענט, דער רעספעקט א קעגן אים איז געווען זייער גרויס.

* * *

ס׳איז שוין פאריבער צוויי וואכן וואס רבי משה לערנט שניידעריי, אבער ווי ווען וואס? ער קען נאך נישט האלטן רעכט א נאדל אין האנט, דאס זעט ער שוין קלאָר, אז דאס וואס ער האט געמיינט אויפצוכאַפּן די „תורה״ אין עטליכע וואכן אדער אפילו עטליכע חדשים, דאס קומט נישט אין באַטראַכט.

רבי תנחום באמערקט אים מיט גרויס דרך ארץ:

— רבי, איך זע אז די זאַך גייט ביי אייך גאנץ שווערליגלעך, אין די יאָרן, שוין אריבערגעשפרייזט די שלשים, לערנט זיך א פאַך גאנץ שווער, ווער ווייסט אויב איר וועט עס איבערהויפּט דערלערנען? רבי, אייער צייט איז טייער, און ווער ווייסט אויב איר ווארפט עס

נישט ארוים בחנם?

רבי משה׳ן האבן די ווערטער געשטאָכן ווי מיט שפיזן. ער האט איינגעזען אז ר׳ תנחום רעדט נישט אין גאנצן אין די זייט. אבער ער האט נישט געוואלט צולאזן צו זיך אזא געדאנק, אז ער וועט די פאַך נישט דערלערנען. ער האט זיך געשטארקט מיט אלע כחות בעסער אהין געבן זיך צו דער ארבעט.

צווישן זיינע תלמידים האט זיך געטומלט. מ׳מוז דערגיין וואו רבי משה גייט א יעדן טאג אוועק אויף דריי שעה.

זיי זענען צוגעשטאנען צו די רעבעצן, זי דארף זיכער וויסן, ס׳איז שוין די דריטע וואָך וואס רבי משה גייט יעדן נאכמיטאג אוועק אויף דריי שעה, אלעמאל אין דער זעלבער פינקטליכער צייט. וואו גייט ער דאס? גייט ער לערנען א שיעור מיט אידן ערגעצוואו? נו, וואס איז דאס א סוד? רבי משה פלעגט קיינמאל נישט מאכן פון א זעלכע זאכן א סוד.

די רעבעצן האט געענטפערט, זי ווייסט נישט.

דאס האט זיי נאכמער נייגעריג געמאכט. וואס הייסט די רעבעצן ווייסט נישט? זי פרעגט אים נישט? אדער זי פרעגט אים און ער ענטפערט איר נישט? אזא זאך קען נישט זיין! מ׳מוז דאס אויסשפיאָנירן — האבן די תלמידים באשלאסן.

צוויי יונגעלייט פון די חשוב׳ע אין די שטאט האבן זיך מתנדב געווען נאכצוגיין רבי משה׳ן באהאַלטענערהייט. זיי זענען אים נאכגעגאנגען ביז זיי האבן געזען דאס ער גייט אריין צו ר׳ תנחום דער שניידער.

וואס טוט רבי משה סופר ביי ר׳ תנחום? דער עם־הארץ וואס ער קען קוים א פסוק פון חומש איבערטייטשן?

זיי אליין האבן מורא געהאט אריינגיין צו ר׳ תנחום, ס׳וועט זיך ארויסווייזן קלאָר אז זיי זענען אים נאכגעגאנגען, זיי וועלן אויף זיך ארויפברענגען רבי משה׳ס הקפדה, פאר וועלכן אלע האבן מורא געהאט.

גראדע איז דארט פאריבער א איד א מתפלל פון די גרויסע שול, א געוויינליכער בעל הבית, ער האט רבי משה׳ן גוט געקענט, געוואוסט אז ער איז דער „במקום" פון א רב אין שטאט, און ער לערנט מיט תלמידים, אבער ער אליין האט זיך ווייניג געדרייט ארום אים. דעם איד האבן זיי אָפגעשטעלט און געבעטן:

— זייט מוחל, אפשר טוט איר אונז א טובה, גייט אריין צו ר׳ תנחום און גיט א קוק צו אונזער רבי רבי משה סופר געפינט זיך נישט דארט. די יונגעלייט האבן זיך געטראכט דאס אזוי נאך וועט שוין דער איד זען מער ווייניגער וואס רבי משה טוט דארט.

פארוואס נישט, זייער גערן — האט דער איד געענטפערט —

אויף זייער מאָדנע בקשה וואס איז אים געווען אויפפאַלנד, ווייל לכאורה ווי קומט רבי משה סופר צו ר' תנחום דער שניידער?

זעענדיג דאס די טיר צו די גאס איז פארמאכט, איז דער איד געגאנגען פון אינעווייניג דורכ'ן הויף.

ער קלאַפּט אָן אין די טיר. מ'עפנט אים מיט איבערראשונג, ווארום פון דער זייט פלעגן די קונים קיינמאל נישט ארייגגיין, אז ס'איז פארמאכט פון דרויסן איז פארמאכט, ווארט מען ווילאנג מ'עפנט.

דער איד גיט א טריט אריין אין שטוב מיט דרייסקייט, בעפאר מ'זאל אים קענען זאגן, אז מ'קען איצט נישט אריין.

צו זיין גרויסן אנטשטוינונג זעט ער רבי משה'ן זיצן מיט א נאָדל־פאדים אין דער האנט, ער ציט דעם נאָדל אין א מלבוש אריין.

רבי! — זאגט דער איד מיט גרויס פארוואונדערונג — מ'פרעגט זיך אויף אייך אין דרויסן.

ווער? — זאגט רבי משה שטארק איבערגעראַשט.

אייערע תלמידים — איז געקומען דער ענטפער — און דער איד האט שוין פארמאכט די טיר פון דרויסן, און איז זיך אוועק.

מער האט רבי משה נישט געדארפט. דאס הייסט אז זיינע תלמידים זענען שוין דערגאנגען דעם סוד, אז ער לערנט זיך שניידעריי, און ממילא וועט דאס שוין וויסן די גאנצע שטאט ס'וועט ווערן א רעש, מ'וועט אים נישט לאזן ווייטער פאָרזעצן די ארבעט.

ער האט זיך אבער תיכף געשטארקט. וואס הייסט מ'וועט אים נישט לאזן...?, ער איז נישט געבונדען צו קיינעם נאר צום אויבערשטן, און אז ער זעט אין דעם א „רצון השם", וועט ער זיך נישט רעכנען מיט קיינעם, ער וועט גיין ווייטער אין זיין גאנג, ער וויל זיך מפרנס זיין פון „יגיע כפו", ס'זאל זיין וואס ס'זאל זיין...

אסאך מער דאגה פארשאפט אים דאס — האט רבי משה ביי זיך געטראכט — וואס ר' תנחום האט אים ערשט מיט פינף מינוטן צוריק געזאגט:

— „רבי, איך האב מורא אז אייער מי און ארבעט איז ארויסגעווארפן, איר וועט קיינמאל קיין שניידער נישט זיין, איר זעט דאך אליין דאס דער נאָדל שטייט אייך אפילו נישט אין דער האנט".

ווען דער איד איז ארויס פון ר' תנחום, און איבערגעגעבן די צוויי יונגעלייט וואס ער האט געזען אז רבי משה זיצט מיט'ן נאָדל־פאדים איבער א בגד, זענען די יונגעלייט געבליבן שטיין ווי פארגליווערט, זיי האבן זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן, ווי ווען דער הימל וואלט געווען פלוצים אראפגעפאלן אויף דער ערד.

א שטיק צייט האבן זיי נישט געקענט ארויסרעדן א וואָרט, אזוינס וואָלט דאך זיי אפילו אין א ווילדסטן חלום נישט געקומען אויפ'ן

גערעדט, אז רבי משה סופר — דער גרויסער תורה־ליכט — לערנט זיך שניידעריי ביי ר׳ תנחום.

זיי האבן זיך געלאזט גיין צוריק, שאַ שטיל מיט אראפגעלאָזטע קעפּ, גלייך ווי „אבלים״ רח״ל. ווען זיי זענען שוין אָפּגעגאנגען א שטיק וועג, האט איינער זיך אָנגערופן צום צווייטן:

— נו, וואס זאגסטו צו דעם?

— איך בין און גאנצן צעמישט, איך האב נישט קיינע ווערטער — איז געקומען דער ענטפער.

לאָמער אריינגיין ערשט צו די רעבעצן — האט דער ערשטער געזאגט — לאָמער הערן וואס זי האָט צו זאגן איבער דער זאַך.

זענען אריין צו די רעבעצן, און געשטעלט איר א שאלה:

— רעבעצן, איר ווייסט אז אייער הייליגער מאן דער גרויסער גאון רבי משה, לערנט זיך שניידעריי?

די רעבעצן האט געשוויגן, גארנישט געענטפערט.

פונ׳ם שווייגן האבן זיי ארויסגענומען אז זי ווייסט, ס׳איז איר נישט קיין איבערראשונג.

נו, און איר לאָזט דאס צו — האבן די יונגעלייט געפרעגט — ס׳איז אייך אזוי ניחה?

יונגעלייט לאזט מיך צורו — האט זיך די רעבעצן געבעטן, און אין האלז האט איר געשטיקט דער געוויין — פארביטערט מיר נישט מיין לעבן, איך בין אזוי אויך גענוג דערביטערט.

זי האט אויסגעבראכן אין א הילעכדיגן געוויין.

די יונגעלייט זענען ארוים אזוי צערודערט, אז זיי האבן אפילו פארגעסן צו זאגן „א גוטן טאג״.

ס׳איז שוין געווען נאנט צו „זמן מנחה״. דארט ביי רבי משה אין וואוינונג איז דאך געווען זיין בית המדרש וואו ער האט געדאווענט מיט זיינע תלמידים.

מיר דארפן איצט גיין דאווענען אין די גרויסע שול — האט איינער געזאגט צום צווייטן.

זיי זענען געגאנגען אין די שול. דער עולם האט אנגעהויבן צוביסלעך צונויפצוקומען צום דאווענען. זיי זענען זיך געשטאנען אין א ווינקל נישט געוואוסט וואס מ׳הייבט אָן צו טאָן.

דער גאנצער עולם איז שוין געווען צוזאמען, מ׳האט געדאווענט מנחה בציבור. ווי מ׳האט נאר פארענדיגט דאס דאווענען, פלוצים האט זיך איינער פון די יונגעלייט ארויסגעריסן זיך פון זיין אָרט, און ארויף מיט שנעלע טריט אויף די בימה, געגעבן א קלאפּ און אויסגערופן:

רבותי! איך בין אייך מודיע אויף א דריטן „חורבן בית המקדש״... רבי משה סופר לערנט זיך שניידעריי ביי ר׳ תנחום! ער

וועט ווערן א שניידער ווי אַלע שניידער'ס!

די מענטשן האבן זיך צוזאמען געקוקט, אסאך האבן געקלערט, דאס דער יונגערמאן איז נעביך פלוצים אראפ פון זינען רח"ל.

א שאָד... א שאָד... — האט מען געשאָקילט מיט'ן קאפ — ער איז פון די חשוב'ע יונגעלייט אין די שטאט.

מיטאמאל האט זיך געהערט א קול פון א איד אין די באַנק:

— וואס קוקט איר אזוי? דער יונגערמאן איז נישט צעמישט, ער זאגט דעם אמת. איך וואוין נישט ווייט פון ר' תנחום, און שוין באלד דריי וואכן וואס איך זע רבי משה'ן א יעדן טאג נאכמיטאג ארייגגיין צו ר' תנחום, איך האב נישט געוואוסט פארוואס, איך האב נישט פארשטאנען וואס טוט רבי משה ביי ר' תנחום'ן א יעדן טאג? איצט פארשטיי איך שוין. ס'איז ריכטיג וואס דער יונגערמאן זאגט, ס'קען אנדערש נישט זיין.

איינער האט זיך אנגערופן:

— ר' תנחום איז דאך דא אין שול, לאָמער אים פרעגן.

מ'איז צוגעגאנגען צו ר' תנחום: — זאגט ר' תנחום — האט מען אים געפרעגט — איז אמת אז רבי משה סופר לערנט זיך ביי אייך שניידעריי?

ר' תנחום איז געווארן צערודערט, ער האט נישט געוואוסט אויף וועלכע וועלט ער איז.

איך ווייס גארנישט — האט ר' תנחום געענטפערט.

וואס הייסט „איר ווייסט גארנישט"? ענטפערט וואס מ'פרעגט אייך! — איז מען צו אים צוגעשטאנען — איר שפילט אייך מיט פייער...

אויף ר' תנחום איז אָנגעפאַלן א פחד, ער האט געזאָגט מיט א ציטערדיג קול:

— ער האט מיר פארשפראכן א חלק אין זיין תורה, אויב איך וועל אים לערנען די מלאָכה.

א חלק אין זיין תורה וועט איר האבן?! האט זיך צעשריגן א היציגער יונגערמאן — דער „שאול תחתית" וועט פאר אייך ווייניג זיין!

פיר פינף אידן האבן נאכגעזאגט ווי א כאָר:

— זיכער אזוי! זיכער אזוי!

מיט ר' תנחום האט אָנגעהויבן צו ווארפן הענט און פיס, אויף דעם האט ער זיך נישט געראָכטן, ער האט געמיינט אז ער קויפט זיך איין ביי רבי משה'ן זיבן פאַליעס גן־עדן, צום סוף וועט אים דער גהינום ווייניג זיין.

ס'האט זיך נאך געהערט עטליכע היציגע קולות אין די שול, אויפ'ן

חשבון פון ר׳ תנחום:

— אָן עם האַרץ, אַ פֿאַרעך... נעמט זיך אונטער אזא זאַך!
ער וואָלט זיך געוועזן געדאַרפט קודם באַראָטן מיט אונז איידער ער טוט אזא זאַך.

שוין, שוין, לאָזט מיך שוין צורו — האָט זיך ר׳ תנחום געבעטן — כ׳וועל אים שוין נישט לערנען ווייטער, איר מעגט זיין זיכער...

די צוויי יונגעלייט וועלכע האָבן געבראַכט די שמועה, האָבן זיך איצט צו אים געבעטן:

— אָבער זאָגט נישט אין אונזער נאָמען גאָרנישט, איר הערט ר׳ תנחום, אָפּגעהיטן זאָלן מיר ווערן, רבי משה זאָל אויף אונז האָבן די מינדעסטע הקפדה.

אַנדערע אידן האָבן זיך אויך אָנגערופן:

— און מיין נאָמען זאָלט איר אויך נישט מעלדן. חלילה...

מיין נאָמען אויך נישט... פֿאַרשטאַנען?!

שוין, גוט, איך וועל נישט מעלדן קיינעם — האָט ר׳ תנחום פֿאַרשפּראָכן — כ׳וועל שוין וויסן וואָס צו זאָגן, סיידווי קלעבט זיך אים נישט דאָס שניידעריי צו דער האַנט.

מ׳האָט געדאַווינט מעריב אין אַ שטאַרקע געשפּאַנטע שטימונג. מענטשן זענען געוועזן אויפֿגערעגט, אַזוינס זאָל פּאַסירן אין פּרוסניץ??, אַזאַ ליכטנדיגער שטערן אויפֿ׳ן תורה׳דיגן הימל האַריזאָנט ווי רבי משה סופֿר זאָל דאַרפֿן גיין לערנען שניידעריי... וואָס איז דאָס עפּעס? ווער איז דאָ דער שולדיגער? — האָבן זיך מענטשן געגרובלט אין די געדאַנקען.

נאָך מעריב האָבן זיך די חשוב׳ע בעלי בתים און יונגעלייט צונויפֿגעזאַמלט אין אַ זייטיגן שטיבל. צווישן זיי אויך עטליכע פֿון די פֿאַרשטאַנד פֿון די געמיינדע.

מ׳האָט אָנגעהויבן זיך צונויפֿרעדן, וואָס קומט דאָ פֿאָר? וואָס האָט געבראַכט צו דעם מצב, אַז רבי משה סופֿר זאָל באַשליסן צו ווערן אַ שניידער?

איינער האָט זיך אָנגערופֿן:

— „ס׳איז אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד" אַז ר׳ הערש יערוויץ׳נס געשעפֿטן גייען שוין אַ צייט לאַנג זייער שלעכט. לעצטנס איז דאָך געוועזן אַ גאַנצער סקאַנדאַל, ווען די פֿויערן זיינע וואַלד־אַרבייטער האָבן זיך פֿערזאַמילט אַרום זיין הויז און געוואָלט ברעכן טירן און שויבן, אויב מ׳וועט זיי נישט באַצאָלן זייער טאָג־לוין.

אַ צווייטער האָט באַשטעטיגט:

— ר׳ הערש האָט שוין לעצטנס געדאַרפֿט פֿאַרמשכון׳ען ווערטפֿולע זאַכן פֿון שטוב צו האָבן אויף שבת הוצאות. ברויך מען נאָך מער?

ס'איז געווען — האָבן אַנדערע באַשטעטיקט — מ'דאַרף נישט זוכן מער סיבות, אַז ר' הערש'נס גדולה איז אַראָפּ, פון וואו זאָל רבי משה נעמען אויף ברויט און שטוב?

איינער האָט זיך אָנגערופן:

זענען מיר חלילה בלינד געווען, מיר האָבן נישט געזען דאָס רבי משה האָט אַהיים געשיקט אַלע פרעמדע תלמידים, כמעט ווי אויפגעגעבן די ישיבה, און איינגעצויגן די אויסגאַבן ביז צו אַ מינימום? מ'האָט דאָך שוין לעצטנס נישט געזען רבי משה'ן אַפילו צדקה געבן, וואָס ער פלעגט יעדן אָרימאַן געבן אַ ברייטע נדבה.

וואָס איז איצט דאָ צו טאָן? איז געפרעגט געוואָרן די שאלה.

איינער פון די „חשובים" האָט געזאָגט:

— וואָס איז די שאלה? מ'דאַרף אים עמטליך אויפנעמען אַלס רב אין שטאָט, און באַשטימען אים אַ בכבוד'יגן געהאַלט. מיר דוכט זיך אַז אַלעם וועט צו דעם מסכים זיין, ער וועט נישט האָבן קיין איין קעגנער.

אַ שיינער פאָרשלאָג — האָט אַ צווייטער געזאָגט מיט אַ איראָניע — איר ווייסט דען נישט אַז רבי משה וויל נישט בשום אופן אַ רבנות פּאָסטן אָננעמען, האָט מען אים דען נישט געוואָלט אויפנעמען פאַר אַ רב נאָך מיט זעקס יאָר צוריק ווען רבי וואָלף באַסקאַוויטץ האָט פאַרלאָזט די שטאָט. און אויך נאָך אַסאַך פריער אַלס בחור, איידער רבי וואָלף איז צו אונז געקומען.

וואָסערע פאַרגלייך? — האָט געזאָגט דער פרירדיגער — דעמאָלט האָט ער נישט געוואָלט, ווייל ער האָט געטראַכט, ער וועט קענען פאַרזעצן זיין דרך אָן אַ רבנות פּאָסטן, אָבער היינט ער זעט אַז ס'איז נישט דאָ קיין אויסוועג, וועט ער שוין יאָ וועלן.

אָן אַנדערער האָט אַריינגערעדט:

— יאָ וועלן, נישט וועלן! מ'וועט אים נייטן, מ'וועט זיך אויף אים אָנזעצן, ער מוז... אַז מ'וועט דאַרפן וועט מען אויך שרייבן צו זיין רבי'ן רבי נתן אַדלער, ער וועט אויף אים גוזר זיין...

דער פרירדיגער האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט:

— יעדנפאַלס דאָס ערשטע דאַרפן מיר טאָן דאָס אונזעריגע, מיר דאַרפן אים אויפנעמען...

אַ יונגערמאַן האָט געזאָגט:

— „אומר ועושה", און מ'דאַרף שוין גיין איבערגעבן אים די אויפנאַמע.

דאָס גייט נישט אַזוי — האָט זיך איינער פון די פאָרשטאַנד אָנגערופן — אַזאַ ערנסטע זאַך קען מען נישט טאָן כאַפּ-לאַפּ. ס'איז אַפילו נישט דאָ דער גאַנצער פאָרשטאַנד, אַפילו דער ראש הקהל איז

נישט דא. מ׳וועט רופן אויף מארגן נאכט א גענעראל־פארזאמלונג, און מ׳וועט אים אויפנעמען גענעצליך, מ׳וועט אויך אָפרעדן געגוי אלע איינצלהייטן, זיין באשטימטע געהאלט און זיינע פארפליכטונגען, און זיינע נעבנביי איינקומע, רח״ש, דין תורות א.א.וו. דאַן וועלן מיר אָנשרייבן א שיינעם „קאָנסום״, אין וועלכן די אלע אויבנדערמאָנטע זאכן וועלן באמערקט ווערן. ווי געוויינליך וועט די זאך פאַרנעמען א פאָר שעה אין די נאכט, וועלן מיר אים שוין מארגן נאכט נישט באַדערן. נאר איבערמארגן נאכמיטאג וועלן מיר דער גאנצער פארשטאנד אריבער גיין צו אים, מיר וועלן זיך מיט אים אוועקזעצן, איבערגעבן אים דעם באשלוס, און דערלאנגען אים דעם „קאָנסום״.

אלע האבן צוגעשטימט אז אזוי איז ריכטיג. וועט עס זיין שפעטער א טאג צוויי נישט געפערליך, אבי די זאך זאל געמאכט ווערן פערפעקט ווי ס׳פאָדערט זיך.

* * *

דעם אנדערן טאג האט רבי משה געלערנט זיינע שיעורים מיט די תלמידים ווי אלעמאל. די תלמידים האבן אים נישט געמאכט קיין שום באמערקונג פון דעם אלעם וואס ס׳איז פאריבער דעם נעכטיגן טאג, זיי האבן מורא געהאט אפשר וועלן זיי אים עפעס מצער זיין אדער „פוגם בכבודו״ זיין.

רבי משה פון זיין זייט האט אויך גארנישט אויפגעברענגט פון דער זאך. כאטש ער האט גענוי געוואוסט אז אלע ווייסן שוין פון זיין שניידעריי לערנען, און זיכער טומלט זיך אין די שטאט.

נאכמיטאג איז רבי משה געגאנגען צו ר׳ תנחום אין דער באשטימטער צייט, ווי ביז אהער.

ר׳ תנחום האט אים ענטפאַנגען מיט א זויערן פנים, נישט מיט א „סבר פנים יפות״ ווי אלעמאל.

רבי, זעצט אייך אויף א ווײלע צום טיש — האט ר׳ תנחום אָנגעהויבן זיינע רייד — איך וויל אייך עפעס ערקלערן.

רבי, איר ווייסט גאנץ גוט, אז נאכדעם וואס איר האט מיר פארשפראכן א חלק אין אייער תורה, האב איך אייך גערן אָנגענומען צו לערנען אייך דעם פאַך. ווייל דער צוזאג אייערער איז ביי מיר מער ווערט פון אלעמען אין דער וועלט. ממילא קענט איר פארשטיין אז איך וואָלט אייך מיט׳ן גאנצן הארץ ווייטער אויך געלערנט. אבער ליידער איך אלס מייסטער און פאַכמאַן האב איינגעזען אויף הונדערט פראָצענט, דאס איר וועט די פאַך נישט דערלערנען. אפילו א יונגער בחור געדויערט אויך ביי אים א יאָר און אמאל צוויי, ביז ווען ער לערנט אוים די מלאָכה, האַנטשע נאך ביי אייך רבי, וואס אייערע הענט זענען שוין גארנישט מסוגל אויף אָנצוהייבן איצט א פאַך, איר אליין

האט זיך שוין אויך געגוג איבערגעצייגט אז דאס שניידעריי שטייט אייך גארנישט צו דער האנט, איז זיכער און קלאָר אז איר וועט דאס ניט דערלערנען אין יאָרן.

מוז איך אייך רבי טייערער, איבערגעבן מיין פעסטן באשלוס — האט ר' תנחום פארגעזעצט — אז איך קען אייך דעם פאך ווייטער נישט לערנען. ס'איז ארויסגעוואָרפענע מי און ארבעט פאר מיר און פאר אייך.

דער רבי איז דאך א הייליגער צדיק — האט ר' תנחום אויסגעפירט — איר וועט מיך פארשטיין, איר וועט נישט האבן אויף מיר קיין תרעומות, אבער דאס איז מיין פעסטער באשלוס, און איך וועל דאס נישט ענדערן.

רבי משה איז געווארן געפלעפט פון ר' תנחום'ס רייד. ער האט אים געפרעגט:

— זאגט ר' תנחום, האבן אייך נישט מיינע תלמידים אדער די בעלי בתים פון די שטאט איבערגערעדט צו האנדלען אזוי א קעגן מיר?

רבי — האט ר' תנחום געענטפערט — איך האב דאך אייך קלאָר ארויסגעזאגט דעם טעם און דעם מאָטיוו פון מיין באשלוס, זאגט איר אליין רבי, אויב ס'איז נישט ריכטיג אזוי?

רבי משה האט אליין איינגעזען די ריכטיגקייט פון דער זאך, און איז נכנע געווארן צו ר' תנחום'ס באשלוס.

— יא —

ביינאכט נאך מעריב האט זיך רבי משה פארשלאסן אין זיין יחידות-שטיבל, ער האט זיך געמאכט א חשבון, ווי ער האלט אין דער וועלט.

דער אָנלען אויף זיין שוואגער ר' הערש איז אין גאנצן באנקראָט, ווער ווייסט ווי ווייט דער מצב האלט שוין ביי אים?

די טויזינט גולדן ביי זיין פעטער אין פראנקפורט, איז געגאנגען „לאיבוד" מיט'ן פעטער צוזאמען.

דער פלאן צו לערנען א פאך און מתפרנס זיין זיך „מיגיע כפו" איז אויסגערונען. וואס איז אים נאך געבליבן עפעס אנדערש, ווי אָנצונעמען א רבנות פאָסטן, אדער גיין איבער די הייזער?

אוי געוואלד! אוי געוואלד! — האט רבי משה זיך גענומען געוואלדעווען, ביי די לעצטע געדאנקען זיינע.

רבונו של עולם! וויפיל מסירת נפש האב איך געהאט אויף נישט אָנצונעמען א רבנות שטעלע? וויפיל נסיונות האב איך מיט געמאכט איבער דעם דאזיגן באשלוס מיינעם? און איצט זאל אלעס גיין קאפוט?! אומזיסט געליטן! אומזיסט אלעס מיט געמאכט!

רבי משה האט אויסגעבראָכן אין הילעכדיגן שרעקליכן געוויין,

וואס האט נישט געהאט זיין גלייכן ביז אהער.

דער גייסטיגער ריז האט זיך איינגעבראכן.

די רעבעצן האט ארויסגעהערט רבי משה׳ס ביטערע געוויין צו וועלכן זי איז גארנישט געוואוינט געווען, האט זי אויך מיטגעהאלטן פון דרויסן מיט א יאָמערליך געוויין. ס׳איז איר אזוי אויך געווען גענוג ביטער אויפ׳ן הארצן. אבער אז רבי משה וויינט שוין אזוי, מוז זיין זייער טראגיש די לאגע.

רבי משה האט אזוי געוויינט און געקלאגט עטליכע שעה. ענדליך איז ער שטיל געבליבן.

נאך א פאָר מינוט שטיל שווייגן, האט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געשעפשעט:

„אודך ה׳ כי אנפת בי״.

איך דאנק און לויב צו דיר ג־ט, פארוואס דו האסט אויף מיר געצאָרנט. דו האסט מיך צוגעברענגט צו דעם מצב.

רבונו של עולם! איך ווייס געווי אז אלעם איז דאריבער ווייל דיין רצון איז איך זאל ווערן א רב בישראל, און אָננעמען א רבנות פאָסטן. איך זאל דווקא יאָ נעמען אויף מיר די פאראנטווארטליכקייט פאר אידישע קינדער וועגן. איך זאל זיי קענען פירן — מיט השי״ת הילף — אויפ׳ן ריכטיגן וועג, און מרבה זיין „חיילים״ צו תורה און יראת שמים.

איך בין מודה ומתוודה, איך האב געוואלט אנטלויפן פון מיין פליכט, בין איך צוגעקומען צו דעם מצב.

„צדיק ה׳ בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו״, דער אויבערשטער איז גערעכט מיט אלעמען.

רבונו של עולם, איך בייג מיר ארונטער אונטער דיין רצון!

איך ברענג דעם שווערסטן קרבן אין מיין לעבן, פאר דיין נאמען וועגן!

„דאס ערשטע רבנות וואס מ׳וועט מיר פארשלאָגן וועל איך אָננעמען״.

מיט דעם באשלוס איז רבי משה סופר בארואיגט געווארן, און זיין שווערער געמיט איז אסאך פארגרינגערט געווארן.

ער האט זיך געפילט שטארק מיד און צעבראכן. ער האט זיך צוגעלייגט א ביסל צו שלאפן.

* * *

אינדערפרי איז רבי משה אריין דאווענען אין זיין בית המדרש, ער האט געדאווינט לעבעדיג און גוטמוטיג. ער האט געוואוסט אויף זיכער אז נאך דעם באשלוס זיינעם פון ביינאכט, וועט זיך אלעם ענדערן לטובה.

ווען ער איז אהיימגעקומען פון דאווענען, האט אויף אים אין שטוב געווארט א דעפוטאציע פון „דרעסניץ״. א שיין שטעטל אין שכנות פון פרוסניץ מיט א שיינע אידישע געמיינדע. פינף בעלי בתים

פון די פאַרשטאַנד אין די קהילה, זענען געקומען צו רבי משה סופר מיט א שליחות איבערצוגעבן אים א „קאָנסוס״ אויפ׳ן דרעסניצער רבנות. ער איז דאָרט איינשטימיג אויפגענומען געוואָרן פאַר א רב. די דעפּוטאַציע האָט אויך געהאַט א פולמאַכט נאָכצוגעבן רבי משה׳ן אלע זיינע פאָדערונגען.

רבי משה האָט געזען אין דעם א „יד השם״, מיט א אָפּענע „השגחה עליונה״.

ער האָט זיי אויפגענומען מיט א „סבר פנים יפות״, אריינגענומען צו זיך אין באַזונדערן צימער, ס׳איז ביי אים געווען קלאָר אַז ער דאַרף דאָס רבנות אָננעמען, ער האָט דאָך די נאַכט אַרויסגערעדט מיט זיין מויל, אַז דאָס „ערשטע״ רבנות וואָס מ׳וועט אים פאָרשלאָגן וועט ער אָננעמען. און זינט דאָן איז דאָס די ערשטע רבנות וואָס מ׳לייגט אים איצט פאָר. ס׳איז אַזוי „מן השמים״ ער זאָל ווערן דרעסניצער רב.

רבי משה האָט געשטעלט גאַנץ גרויסע פאָדערונגען פאַר די דעפּוטאַציע פונ׳ם דרעסניצער געמיינדע. דער עיקר וואָס אָנבעלאַנגט די ישיבה פירעכץ. ער האָט פאַרלאַנגט אריינשרייבן אין קאָנטראַקט א אומבאַגרעניצטע שטיצע צו די ישיבה, ער זאָל קענען אָננעמען וויפיל בחורים ס׳וועלן זיך נאָר מעלדן. און די קהילה זאָל אים באַזאָרגן געהעריגע לאָקאַלן פאַר די ישיבה. און מ׳זאָל אים — דעם רב — וואָס ווייניגער אין אַנשפּרוך נעמען צו די געמיינדע ענינים, ער זאָל קענען אומגעשטערט „מרביץ תורה״ זיין. א.א.וו. די דעפּוטאַציע האָט אים אלעם נאָכגעגעבן און אלעם אריינגעפּאַסט אין א געשריבענעם הסכם.

דער „משא ומתן״ האָט זיך פאַרענדיגט בהצלחה. רבי משה סופר האָט איבערגענומען דעם „קאָנסוס״, און געגעבן זיין וואָרט אַז ער האָט אָנגענומען דאָס דרעסניצע רבנות. און אויך געגעבן א באַשטימטן דאַטום דעם טאָג ווען ער וועט קומען קיין דרעסניץ צו זעצן זיך אויפן „כסא הרבנות״, מיט השי״ת הילף.

די דעפּוטאַציע האָט פאַר׳ן אוועקגיין אָנגעוואונשען פאַר זייער נייעם רב רבי משה סופר, גרוים ערפאָלג אין זיין נייעם רבנות פּאָסטן אין דרעסניץ, ער זאָל קענען „מרביץ תורה״ זיין, און „מקדש שמו יתברך״ זיין, אויפטאָן פאַר אידישקייט אין די ראַמען פון דער געמיינדע, מקרב זיין אידישע קינדער צום אויבערשטן און צו זיין הייליגע תורה.

רבי משה האָט געענטפערט אויף אלע ברכות א וואַרימען „אָמן״, און צוריקגעוואונשען „בני חיי ומזוני רויחא״ פאַר אלע מיטגלידער פון דער דרעסניצער געמיינדע, ביז ביאת משיח צדקנו במהרה בימינו, אמן.

* * *

שרה די רעבעצן, האָט געוואוסט גענוי וועגן וואָס די דעפּוטאַציע פון דרעסניץ איז געקומען, אָנביטען רבי משה׳ן דעם דרעסניצער רבנות

פאַסטן, זי האָט אָבער נישט געוואוסט פון איר מאַן׳ס באַשלוס אין מיטן דער נאַכט נאָכ׳ן אויסווייינען זיך אַ פּאָר שעה, — און וועלכן זי האָט אויך גענומען איר חלק — אַז ער איז שוין בערייט צונעמען אויף זיך אַ רבנות שטעלע, נישט מער וואָס זי האָט באַמערקט אויף רבי משה׳ן נאָך פאַר׳ן דאַווענען אַ אויפגעהייטערטע שטימונג, זי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס ווייזט אויף עפּעס אַ ענדערונג לטובה. דעריבער האָט זי די גאַנצע צייט, וואָס די דרעסניצער דעפּוטאַציע איז געווען פאַרשלאָסן מיט איר מאַן אין זיין באַזונדערן צימער, געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויפ׳ן אויסגאַנג פון דער זאַך.

ענדליך די טיר האָט זיך געעפנט, די דעפּוטאַציע איז אַרויסגעקומען, באַגלייט פון רבי משה׳ן.

נו, ווינשעוועט אייך אַ מזל־טוב פאַר די רעבעצן — האָט זיך רבי משה אָנגערופן צו די דעפּוטאַציע — און דער ערשטער האָט ער אליין געזאָגט צו איר:

— מזל טוב! דרעסניצער רעבעצן.

דערנאָך האָבן אויך די דרעסניצער אידן געזאָגט צו איר:

— מזל טוב אייך רעבעצן, מזל טוב. אין דרעסניץ וועט איר האָבן בעסערע לופט ווי דאָ.

ס׳איז צו באַמערקן, אַז דרעסניץ ליגט הייעך אויף אַ באַרג, אַרומגענומען פון אַ קייט פון בערג, און די לופט איז דאָרט ספּעציעל אויסגעצייכנט. איבערהויפּט פאַר מענטשן מיט אַ שוואַך האַרץ.

די רעבעצנ׳ס אויגן האָבן אויפגעלאַכטן, זי האָט פאַרשטאַנען אַז ענדליך וועט מען דאָרט קומען צו אַ מקום מנוחה. און איר מאַן רבי משה וועט אָנהייבן צו שטייגן אַלס פירענדער אויטאָריטעט.

רבי משה האָט אַרויסבאַגלייט די דרעסניצער בעלי בתים ביז צו די גאַס אַרויס. דאָרט האָבן זיי זיך אַרויפגעזעצט אויף זייערע וועגענער און זענען אוועקגעפאָרן. רבי משה האָט זיי נאָך אַ ביסל באַגלייט מיט זיינע בליקן און געשעפּשעט פּסוקים אויף זייער „הצלחת הדרך״, און דאַן איז ער צוריק אַריינגעקומען.

ווי ער קומט אַריין אין שטוב באַמערקט ער דאָס די רעבעצן וויינט שטילערהייט.

וואָס איז דאָס? — פרעגט רבי משה — אויף וואָס איז דאָ צו וויינען? אפשר געפעלט דיר נישט די דרעסניצער קהילה?

נישט דאָס חלילה — ענטפערט די רעבעצן — פאַרוואָס זאָל עס מיר נישט געפעלן. איך וועל דיר אויסזאָגן דעם אמת וואָס איך וויין. איך טראַכט אַז אין האַרצן טיפן האָסטו אויף מיר אוודאי תרעומות, ווייל איך בין דער שולד וואָס דו ביזט געקומען צו דעם, זאָלסט דאַרפן ענדערן דיין פעסטן שטעלונג פאַר וועלכן דו האָסט געקעמפט אַזויפיל

יאָרן מיט מסירת נפש, נישט צו וועלן אָננעמען א אַפּיציעלע רבנות פּאָסטן מיט א געהאַלט און פאַראַנטוואָרטליכקייט. ווען דו האסט נישט חתונה מיט מיר, וואלסטו צו דעם נישט געקומען. דאריבער פייניגט מיר מיין געוויסן, און איך טראכט אז אין הארצן טראָגסטו אויף מיר ארום א פארדרוס איבער דער זאַך.

חלילה צו דיר, זאלסט האבן א זעלכע געדאנקען — האט רבי משה געזאָגט צו איר — איבערהויפּט אז די זאך איז גראד פארקערט, וואס אנבלאַנגט אונזער שידוך האב איך געזען קלאָר נאך ביי אונזער חתונה, און אויך שפּעטער, און איך זע דאס זעלבע איצט דאס וויפילטע מאל, אז ס'איז געווען א באַשערטע זאך פון הימל, די „השגחה עליונה" האט אזוי געוואָלט. און וואס אנבעלאנגט מיין רבנות, זיי ווייסן, דאס אין הימל האט מען שוין לאנג אָפּגעפּסק'נט אז איך דארף ווערן א רב, און פירן אידישע קינדער אויפ'ן אמת'דיגן תורה'דיגן וועג. מיין רבי רבי נתן אדלער האט דאס מיר שוין געזאגט אויסגעשפּראכן נאך מיט אסאך יאָרן צוריק. נאר איך האב זיך געטראכט, אפשר קען איך די גזירה מבטל מאכן. אדער כאָטש אָפּשטופּן אויף שפּעטער און שפּעטער. אבער ענדליך אז ס'איז געקומען די צייט, און מ'האט אין הימל שוין נישט געוואָלט אָפּשטופּן אויף שפּעטער בשום אופן, האט געמוזט אזוי פּאַסירן דאס דיין ברודער ר' הערש זאל אראפּ פון זיין גדולה און ווערן א יורד רח"ל, כדי צו צוברענגען מיך צו אזא מצב, אז דער רצון פון הימל זאל דורכגעפירט ווערן, און איך זאל איינשטימען אָנצונעמען א רבנות פּאָסטן.

איז נישט, וואס די דארפסט ארומטראָגן ביי זיך א שולד־געפיל — האט רבי משה פארגעזעצט — פארקערט דו ביזט געווען די סיבה דערצו אז דער רצון השם זאל פארווירקליכט ווערן, און איך זאל נעמען אויף מיר די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון א רבנות אין א שיינע אידישע קהילה. און וואס פון דעם וועט — מיט'ן אויבערשטנס הילף — ארויסקומען „קידוש שמו יתברך" אין דעם אלעמען האסטו א חלק.

די רעבעצן האט זיך איינגעהערט גוט צו רבי משה'ס רייד, און די ווערטער האבן געווירקט אויף איר הארץ ווי באַלזאַם.

בעט השי"ת רבי משה — האט זי געהאלטן פאר א פּאַסיגן געלעגנהייט אים צו דערמאָנען — אז מיר זאלן געהאָלפן ווערן מיט קינדער.

קינדער — האט רבי משה געענטפערט — דאס איז אזאך אז דער אויבערשטער וועט אונז וועלן געבן וועט ער אונז געבן, און אוודאי בעט איך אויף דעם השי"ת. אבער זויסן זאלסטו, אז די אלע תלמידים מיינע וואס איך האב ערצויגן צו תורה און יראת שמים, באַגלייטעט מיט דיין געטרייע איבערגעגעבענע צוהילף, און וואס מ'וועט אונז

נאך געבן די זכי׳ פון הימל צו ערציען תלמידים אויך אויף ווייטער, די אלע זענען אונזערע קינדער, מיינע און דיינע. דאס איז קלאָר ארויסגעברענגט אין די גמרא.

אזוי אז ד׳ערוווייל קומען מיר נאך אוים בעסער --- האט רבי משה אויסגעפירט איר צו טרייסטן — ווארום געבוירענע קינדער האט א מענטש עטליכע געציילטע, אבער תלמידים קען מען מעמיד זיין אין די הונדערטער און אפילו טויזינטער, אז דער אויבערשטער גיט איינעם די זכי׳.

ס׳איז זיכער אז די ווערטער זענען געווען א שטארקער טרייסט פאר די רעבעצן.

* * *

נאכמיטאג זענען געקומען געסט צו רבי משה סופר, דער גאנצער פארשטאנד פון די פרוסניצער געמיינדע. רבי משה האט זיי — ווי געוויינליך אלעמאל זיין שטייגער — אויפגענומען פריינטליך, ארייגעפירט אין שטוב, געבעטן אלע צו זיצן.

וואס קען איך פאר אייך טאָן, חשוב׳ע געסט? — האט רבי משה געפרעגט זיי.

דער פאָרזיצער פון דער געמיינדע (ראש הקהל) האט גענומען דאס וואָרט:

— רבי, מיר האבן איינשטימיג באשלאסן און אויפגענומען אייך פאר א „מרא דאתרא" איר זאלט זיין אונזער רב און מנהיג פון אונזער געמיינדע ביז הונדערט און צוואנציג יאָר. מיר האבן באשטימט פאר אייך א בכבוד׳יגן געהאָלט, און אויך א שיינע געבנביי איינאַמע, איר וועט קענען אומגעשטערט פאָרזעצן אייער הייליגן דרך, און „מרביץ תורה" זיין פאר אידישע קינדער, מיר האבן אלע פרטים אריינגעשריבן אים דעם „קאָנסום" וועלכע מיר גיבן איצט פייערליך איבער אין אייער האנט.

רבי משה האט א שטיק צייט געשוויגן מיט א פיינליכע שטיל־קייט. ענדליך נאך עטליכע מינוטן האט ער אויסגעשריגן מיט א פאַטוס:

— „לכו וראו מפעלות אלקים, נורא עלילה על בני אדם" (גייט און בטראכט די ווירקונג פון אויבערשטן, מיט מורא׳דיגע „סיבות" איבער די מענטשן).

— ווען איר קומט מיט זעקס אדער זיבן שעות פריער בין איך אייער רב, הארצנסגערן און צופרידן.

האט אבער השי״ת אנדערש געוואָלט, האט איר פארשפעטיגט. די דרעסניצער קהילה האט אייך מקדים געווען.

אויף דער ר׳גע זענען די פרוסניצער בעלי בתים געווארן מבולבל, זיי האבן נישט באַנומען וואס דאָ גייט פאָר.

וואס הייסט די דרעסניצער קהילה... האָבן זיי ארויסגע־שטאַמילט — מיר זענען בים רבי'ן נישט אזוי חשוב ווי די דרעסניצער קהילה? !

חלילה — האט רבי משה געזאגט — איך זאג אייך בפירוש אז איר זענט ביי מיר חשוב'ער, איך זיץ דאך צווישן אייך שוין זיבן יאָר צו גוטן, מ'קען זיך און מ'ליבט זיך, איבער דער צייט האב איך אייערע קינדער כמעט ווי מגדל געווען, איך בין אָנגעקניפּט אין אייך, איר זענט אנגעקניפּט אין מיר.

אבער ווילט איר דען טאן קעגן „רצון הבורא", חלילה? — האט רבי משה זיי גֶעפרעגט — איר זענט דאך ערליכע אידן, איר שטרעבט דאך איבער אייער גאנץ לעבן צו טאן דעם „רצון השם".

איך וועל אייך ערקלערן וואס דא גייט פאר — האט רבי משה פאָרגעזעצט — איר ווייסט דאך גאנץ גוט אז איך האב אלע יאָרן געקעמפט קעגן דעם געדאנק פון אָנצונעמען א רבנות מיט א געהאלט, נעמען אויף זיך דעם פאראנטוואָרטליכקייט... אבער לעצטנס האט זיך ביי מיר געמאכט א מצב וואס איך האב איינגעזען, אז ס'גייט נישט ווייטער. נעכטן ביינאכט זיצנדיג ביי מיר אין שטוב האב איך מיר געמאכט א חשבון ווי איך האלט אין דער וועלט און ס'האט זיך מיר ארויסגעוויזן קלאָר אז דער „רצון השם" איז איך זאל אננעמען א רבנות פאַסטן. ס'איז געקומען די צייט אז איך טאָר זיך מער נישט א קעגנשטעלן. ווי איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, האב איך שוין אויף מיר גענומען אונטערבייגן זיך אונטערן „רצון השם", און איך האב ארויסגערעדט די ווערטער „רבונו של עולם איך נעם אויף מיר אז די „ערשטע" רבנות פאַסטן וואס מ'וועט מיר פון איצט אנטראָגן וועל איך אננעמען", איך האב געפילט מיט דעם אז מיין געמיט איז בארואיגט געווארן. תיכף נאכדעם אינדערפרי בין איך געגאנגען דאווענען, נאכ'ן דאווענען איך קום אריין אין מיין שטוב, טרעף איך א דעפּוטאַציע פון דרעסניץ, פינף חשוב'ע בעלי בתים פון די פארשטאנד פון די געמיינדע זענען געקומען מיט א שליחות, איבערצוגעבן מיר א „קאַנסום" אויפ'ן כסא רבנות פון דרעסניץ, איך בין דארט איינשטימיג אויפ־גענומען געווארן. אלע תנאים און פאָדערונגען וואס איך האב זיי געשטעלט האבן זיי מיר ערפילט.

איצט פרעג איך אייך מיינע טייערע גוטע פריינד — האט רבי משה אויסגעפירט — זאגט איר אליין, איז דאס נישט א „יד השם"?, ווער קען זיין אזא נאַר, און זיין אזוי בלינד חלילה ער זאל נישט זען אין דעם „השגחה עליונה"? די דרעסניצער בעלי בתים זענען געקומען פונקט א פאָר שעה נאך מיין „קבלה" וואס איך האב ביינאכט אויף זיך גענומען, נישט א טאג פריער נישט א טאג שפעטער. ס'פאר־

שטייט זיך, אז איך האב נישט געהאט קיין אנדערן וועג ווי אָנצונעמען זייער פאָרשלאג, כ'האב דאך אויף מיר גענומען דאס די „ערשטע" רבנות א.א.וו. און דאס איז דאך נאך מיין קבלה געווען די ערשטע.

די פרוסניצער בעלי בתים האבן אויסגעהערט רבי משה'ס רייד. ס'פארשטייט זיך אז דאס האט זיי גארנישט בארואיגט. סוף סוף וועט דאך רבי משה ווערן דרעסניצער רב און זיי וועלן בלייבן ביי גארנישט.

זיי האבן זיך נאך פרובירט אביסל זיך אַמפערן און שפּאַרן:

— ס'טייטש זיי האבן דאך נישט געקענט קומען פריער, מ'האט דאך געדארפט די זאך צוגרייטן ווי געהעריג, און נאָך אַ זאך, ווען זיי קומען מיט א טאג פריער, בעפאר רבי משה האט זיך געבראָכן זיין מיין און באשלאסן אָנצונעמען א רבנות פאָסטן, וואָלטן זיי דאָך ממילא גארנישט אויפגעטאָן. האבן זיי דען נישט אָנגעטראגן אים דאס רבנות נאך מיט א סאך יארן צוריק, און ער האט עס צוריקגעוויזן.

נו, א ודאי ווען זיי וואלטן געוועזן געוואוסט — האבן די פרוס־ניצער געטענה'ט — אז רבי משה האט אויף זיך ביינאכט גענומען אזא „קבלה" דאס די „ערשטע" רבנות א.א.וו. וואלטן זיי דאך זיכער זיך מזרז געווען און געקומען אפילו אין מיטן נאכט אנטראָגן אים דאס רבנות, אבער פון וואנעט זאלן זיי דאס וויסן? נו וואס זענען זיי שולדיג...?

איר זענט טאקע נישט שולדיג, חלילה — האט זיי רבי משה געענטפערט — אבער איך בין דאך אויך נישט שולדיג, אז זיי — די דרעסניצער — האבן מיך איבערראשט מיט זייער באַזוך און פארגע־לייגט מיר דאס רבנות פאָסטן, נו, האב איך געקענט אנדערש האנדלען.

זאגט איר אליין, זייט אויפריכטיג — האט רבי משה פארענדיגט.

זיי האבן געזען אז זיי האבן נישט מער וואס צו טענה'ן, האבן זיי אראפגעלאזט די קעפ מיט גרויס טרויער. אייניגע פון זיי האבן זיך צעוויינט מיט אשטילן געיאָמער.

בארואיגט אייך מיינע טייערע פריינט — האט זיי רבי משה ווייטער געזאגט — ס'איז דאך אלעס באשערט מן השמים, איבערהויפט אזא זאך פון א רבנות פאָסטן אין א שטאָט, איז א וודאי און א וודאי מיט גרויס „השגחה פרטית" פון הימל. איר זעט דאך, איך בין ביי אייך געווען זיבן יאָר, כ'בין טאקע נישט געווען אויפגענומען אלס רב און נישט גענומען קיין געהאלט, אבער איר ווייסט גאנץ גוט אז איך האב געטאן מיט'ן גאנצן כח אלעס מעגליכעס פאר אייער טובה וועגן, און פאר די טובה פון אייערע קינדער, און פאר די אינטערעסן פון די געמיינדע. אבער ווי ס'זעט אוים ווייל מען נישט אין הימל איך זאל ביי אייך זיין אויפגענומען אלס אָפציעלער רב, ווער קען וויסן דעם אויבערשטנ'ס וועגן. מיר דארפן גלייבן אז אלעס איז לטובה.

רבי משה, זעענדיג דאס זיי זענען נאך אלץ נישט בארואיגט, און נישט אויפגעהערט צו וויינען און ווישן זיך די אויגן, האט ער זיי פאר גרויס רחמנות א זאג געגעבן:

— הערט אויס פרוסניצער בעלי בתים! איצט גיי איך טאקע פון אייך אוועק, דאס קען מען שוין נישט אנדערש מאכן, מיין ווארט מוז איך מקיים זיין. אבער אז ס'וועט דורכגיין א פינף [illegible] יאָר, איר וועט קומען צו מיר מיט די זעלבע אויפנאמע ווי איצט, איר וועט מיר צוזאגן מקיים זיין אלע מיינע פארלאנגען אנבעלאנגט די ישיבה א. א. וו. פארשפרעך איך אייך, אז איך וועל אָנווענדן אלעס מעגליכעס צוליב טאן אייך, איך זאל צוריק קומען צו אייך אויף פרוסניץ.

פאר די פרוסניצער בעלי בתים איז שוין נישט געבליבן עפעס אנדערש ווי צו טרייסטן זיך כאטש מיט דעם שטיקל צוזאג. זיי האבן שוין נישט געוואלט אים מער מצער זיין און מאַלעסטירן. זיי האבן געוואונשן רבי משה'ן „מזל טוב" און גרויס ערפאלג אינ'ם דרעסניצער רבנות פאָסטן.

זיי זענען אוועק מיט דעם זאג:

— רבי, הלוואי מיר זאלן אייך נאך אמאל צוריק זען צווישן אונז.

— יב —

ר' הערש יערוויץ זינט די געשעפטן זענען אים געגאנגען אראפּ, האט ער אויסגעמיטן ווי ווייט מעגליך זיך צו באגעגענען „פנים אל פנים" מיט זיין שוואגער רבי משה, פשוט פאר בושה און פאר שלעכטע שטימונג. אויך אין דער געמיינדע האט ער אויסגעמיטן צו קומען, כאטש ער איז געווען פון די חשוב'ע פארשטאנד.

אנדערש ווי אין די פריערדיגע יארן, וואס ער פלעגט יעדן טאָג מאכן א באזוך ביי רבי משה'ן אין בית המדרש, און אויך אריינגיין צו אים פריוואַט אין זיין שטוב מיט אים זיך דורכרעדן אין אלע ענינים. ער האט זיך דערקוויקט מיט א יעדעם ווארט זיינעם, ווער שמועסט א „דבר תורה" פון רבי משה'ן האט ער געטרונקען אין דורשט. און איז אויך געווען שטארק טעטיג אין דער געמיינדע.

אָנהייב, אז די געשעפטן האבן אָנגעהויבן צו גיין שלעכט, פלעגט ער נאך אריינגיין איינמאל אין צוויי דריי טעג. שפּעטער אז די געשעפטן זענען געגאַנגען ערגער האט ער זיך באַנוגנט מיט'ן אריינגיין איינמאל אין וואָך, און אויסגעמיטן ווי ווייט מעגליך צו רעדן פון זיינע געשעפטן. אויף רבי משה'ס פראגע, פארוואס ער קומט אזוי ווייניג, האט ער געזאגט פארשידענע תירוצים, אז ער איז איצט זייער שטארק פאַרגריפן, און ער געפינט זיך א סאך אויסער די שטאט, א.ד.ג.

נאך שפעטער אין די לעצטע פאַר חדשים, האט ער אויפגעהערט אין גאנצן אריינצוגיין צו רבי משה'ן. א חוץ וואס ער האט שבת געדאווינט אלעמאל צוזאמען מיט רבי משה'ן אין זיין בית המדרש, און פרייטיג צו נאכט נאכ'ן דאווענען פלעגט ער צוגיין צו אים און זאגן „גוט שבת", דאס האט ער קיינמאל נישט פארפעלט.

אין דעם טאג וואס די דרעסניצער דעפוטאציע איז געווען ביי רבי משה'ן, און די פרוסניצער בעלי בתים האבן געמאכט זייער באזוך ביי אים, און זענען אוועק מיט ליידיגע הענט, איז דערנאך בליץ שנעל פארשפרייט געווארן אין די שטאט די ידיעה אז רבי משה סופר האט אנגענומען דעם „כסא הרבנות" אין דרעסניץ, און ער רעכנט בקרוב דאס צופארנעמען.

די ידיעה איז אויך אָנגעקומען אין ר' הערש'נס אויערן אין דעם זעלבן טאג.

ר' הערש האט געהאלטן פאר א פליכט אז ער דארף וואס פריער אריינגיין צו זיין שוואגער און שוועסטער, באגריסן זיי לכבוד דעם חשוב'ן געשעעניש. און אין איינוועגס, איז שוין די העכסטע צייט — האט ער זיך געטראכט — אראפרעדן זיך אביסל פונ'ם הארץ, און אנטשולדיגן זיך פאר רבי משה'ן איבער די סיטואציע אין וועלכן ער האט אים אריינגעבראכט, וואס דאס האט אים צוגעברענגט — רבי משה'ן — ער זאל ענדערן זיין לאנג יאָריגן פעסטן באשלוס, פון נישט אָנצונעמען קיין רבנות שטעלע, און ער זאל זיך אנטשליסן אָנצונעמען דעם דרעסניצער „כסא הרבנות".

* * *

ווען ר' הערש איז אריינגעקומען צו רבי משה'ן אין שטוב, האט ער נישט געקענט צו וואָרט קומען, ער האט זיך צעכליפעט אין א יאָמערליך געוויין, ער האט זיך אראפגעבויגן געכאפט רבי משה'ס האנט געגעבן א הייסן קוש, און נאס געמאכט מיט טרערן די האנט.

זיי מיר מוחל, רבי משה — האט ער געשעפשעט — זיי מיר מוחל.

וואס איז דאס? — האט רבי משה געפרעגט דערשטוינט — וואס זאל איך דיר מוחל זיין? וואס האסטו אקעגן מיר געזינדיגט? דו האסט דאך מיר אלע יאָרן נאר גוטס געטאן.

אוי! רבי משה, זיי מיר מוחל — האט ר' הערש איבערגעחזר'ט — כ'האב קעגן דיר שטארק געזינדיגט. ווען דו האסט געטאן דעם שידוך מיט מיין שוועסטער, האב איך דיר פארשפראכן אייביגע קעסט, און א בכבוד'יגע אויסהאלטונג אין אלע ענינים, אריינגערעכנט די ישיבה. דערוויילע בין איך אין די לעצטע צייטן געקומען אין א מצב, וואס ס'איז מיר אוממעגליך געווארן וואָרט צו האלטן. און דאס האט

דאך פאראורזאכט דעם איבערבראָך אין דיין פעסטן באשלוס — נישט אָנצונעמען א רבנות פאָסטן ביי קיין פאַל — פאר וועלכן דו האסט מיט אזא אייפער געקעמפט יאָרן, אין דו האסט דיך דיצידירט צום דרעסניצער „כסא הרבנות". איך פיל איבער דער זאך א שטארקן שולד־געפיל.

דאריבער בין איך געקומען איצט בעטן דיך מחילה — האט ר' הערש פארגעזעצט — זיי מיר מוחל, רבי משה! אין אמת'ן גערעדט, וואס בין איך דען שולדיג? ווער האט זיך געקענט ריכטן אז איך וועל קומען צו אזא מצב? לאנגע יארן בין איך געווען א איינגעפונדאמענ־טעוועטער גליקליכער סוחר, געמאכט ריזן געשעפטן, צו וואס איך האב געלייגט א האנט האב איך מצליח געווען. איך בין געווען שטייך־רייך אין געלט און אין פארמעגן. און פלוצים אזא איבערברוך! ס'האט זיך אלעם א דריי געטאן, זינט א שטיק צייט צו וואס כ'לייג א האנט פארליר איך, און מיין פארמעגן גייט קאפוט פון טאג צו טאג, די חובות וואקסן אומגעהויער, אזוי אז איך ווייס שוין נישט אויפ'ן העמד וואס איך טראג, צו ער איז מיין.

וואס זאל איך טאן? — האט ר' הערש אויסגעפירט — א מענטש איז נאר א מענטש, און מ'ליגט אין אויבערשטנ'ס הענט. „צדיק אתה ה' על כל הבא עלי" — דער אויבערשטער איז גערעכט מיט אלעמען וואס ער טוט מיט מיר!

זיי מיר מוחל רבי משה — האט ער פארענדיגט מיט א שטיקנדן געוויין — זיי מיר מוחל.

רבי משה הערנדיג די רייד פון ר' הערש'ן, האט ער זיך נישט געקענט באהערשן זיינע געפילן, און זיינע אויגן האבן אנגעהויבן צו פינקלען מיט טרערן.

טייערער שוואגער ר' הערש — האט רבי משה אנגעהויבן זיינע רייד — דו האסט דאך אין דער גאנצער זאך א גרויסן טעות. נישט וואס דו דארפסט מיך מפייס זיין און בעטן ביי מיר מחילה. פארקערט, איך דארף ביי דיר בעטן מחילה. איך האב דאך דיר פאר־אורזאכט די גאנצע זאך, ווען נישט איך וואלסטו ווייטער געווען „ברום המעלות" א גליקליכער עושר ווי אלע יארן פון פריער נאר ווייל איך האב זיך איינגעשפארט דאס איך וויל נישט אננעמען א רבנות פאָסטן, און דער „רצון השם" איז אבער געווען אנדערש, האט מען אויסגעוועלט דעם דאזיגן וועג מיך צו צווינגען דערצו, אז מ'האט דיך אראפגעווארפן פון די גדולה, ביז דו ביזט געקומען צו דעם טרויעריגן מצב, כדי איך זאל נישט האבן קיין אנדערע ברירה ווי צובאשליסן אנצונעמען א רבנות מיט א געהאלט. און ווער קען נישט זען די אָפּענע „השגחה עליונה", אז ווי איך האב נאר באשלאסן דאס איך וואָרף מיך ארונטער

דעם „רצון השם", און איך בין בערייט אָנצונעמען א רבנות פּאָסטן, תיכּף א פּאָר שעה דערויף איז געקומען א דעפּוטאַציע פון פינף חשוב'ע בעלי בתים פון די פאַרשטאַנד פון דרעסניץ, און דערלאַנגט מיר א „קאָנסוס" א איינשטימיגע אויפנאַמע אויף'ן „כסא הרבנות" פון דרעסניץ. זעלבספאַרשטענדליך, אז איך האב דאס אנגענומען.

א סימן וועסטו האבן — האט רבי משה פאַרגעזעצט זיינע רייד צו ר' הערש'ן — אז אלעם וואס דו האסט געליטן איז נאר געווען צוליב מיר, ווי איך וועל נאר א פוס אַרויסשטעלן פון פּרוסניץ און פאַרנעמען דאס רבנות אין דרעסניץ, וועט דיין שטערן צוריק אויפלויכטן, דו וועסט זיין צוריק דער זעלבער עושר און „בעל מצליח", ס'וועט דיר נאך גיין בעסער פון פריער. ס'איז זיכער אזוי — מיט השי"ת הילף — ווארים דו ביזט דאך שוואַגער טייערער אַן אמת'ער איידילער מענטש, דו האסט דאך אזויפיל גוטס געטאן פאר מענטשן, א חוץ וואס דו האסט מיר געטאן, דיין שטוב איז געווען אלעמאל אָפן פאר אָרימע לייט ווי „ביתו של אברהם אבינו" (אברהם אבינו'ס הויז) מוז דער שטערן פון מזל און הצלחה לייכטן דיר ווייטער, ס'קען נישט זיין אנדערש. דער שלעכטער מצב דיינער פון וועלכן דו ליידסט אזוי שטאַרק פון א צייט צוריק, דאס איז נאר א צייטווייליגע זאך, צוליב מיר! נאר צוליב מיר! נישט אנדערש, ווי כ'האב דיר אויבן ערקלערט.

דעריבער איז קלאר — האט רבי משה אויסגעפירט — אז איך דאַרף בעטן ביי דיר מחילה, זיי מיר מוחל שוואַגער טייערער, פאר די עגמת נפש וואס איך האב דיר פאַראורזאַכט. איך וועל דיך אין זינען האבן ביי מיין תפלה, איך וועל בעטן פאר דיר דעם אויבערשטן, און ס'איז ביי מיר קיין ספק נישט דאס דו וועסט צוריק אויפגעריכטעט ווערן, דו וועסט קענען ווייטער אָנגיין מיט דיינע גוטע מעשים, און טאן נאר גוטס פאר מענטשן, ווי פריער אַלע יאָרן.

ר' הערש איז פון רבי משה'ס רייד, וועלכעס איז אים געווען ווי באַלזאַם אויף'ן לייב, זייער גערירט געווארן. ער האט זיך נאכעמאל אראפּגעבויגן און אָנגעכאַפּט רבי משה'ס האַנט און עס באַשיט מיט קושן.

בענטש מיך רבי משה — האט ער זיך געבעטן — דו ביזט דאך נענטער צום אויבערשטן ווי אונז פשוט'ע מענטשן, דו ביזט דאך א אמת'ער הייליגער צדיק, — ווער ווייסט דאס נאך אזוי ווי איך. בענטש מיך, איך זאל נאך קענען עפּעס אויפטאן אויף דעם עולם, פארן אויבערשטנ'ס וועגן.

רבי משה האט אָן ווייגער ערפילט זיין בקשה, ער האט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף זיין קאָפּ, און געבענטשט אים מיט א לאַנגע ברכה.

דערנאך האט ר׳ הערש אַנגעוואונטשן פאר רבי משה׳ן:

„יהי רצון" זאל זיין דער ווילן פונ׳ם אויבערשטן, אז דו זאלסט מצליח זיין אויף דעם „כסא הרבנות" אין דרעסניץ וועלכעס דו גייסט איצט פארנעמען. זאלסט קענען ערפילן דיין וואונש „מרביץ תורה" זיין און מקרב זיין אידישע הערצער צום הייליגן באשעפער און צו זיין תורה, און „מקדש שמו יתברך" זיין מיט אלע דיינע זאכן.

און דו שוועסטער טייערע — האט ר׳ הערש געזאגט צו די רעבעצן — דער אויבערשטער זאל דיר העלפן, זאלסט קענען גליקליך אויספירן דיין פליכט פאר וועלכן דיין נשמה איז אראפגעקומען אויף דער וועלט, צו זיין רבי משה׳ס טרייע לעבנס-באגלייטערן, זאלסט קענען שטיין ביי רבי משה׳ס האנט אים צו העלפן אין זיינע אלע טעטיגקייטן, אזוי ווי דו ביזט געשטאנען ביז היינט, און העלפן צו פארשפרייטן רבי משה׳ס תורה-ליכט ווייט און ברייט, וואס וועט נאך זיכער פארשיינען די גאנצע אידישע וועלט.

* * *

רבי משה׳ס ווערטער אנבלאנגט ר׳ הערש׳ן, זענען מקוים געווארן „במלואו". ווי נאר רבי משה מיט זיין רעבעצן האבן פארלאזט פרוסניץ, האט זיין מזל אַנגעהויבן צוריק אויפצושיינען, און פונקט אזוי ווי זיין „ירידה" איז געווען וואונדערליך דאס מ׳האט נישט געקענט פעסט-שטעלן פארוואס און פארווען, די געשעפטן האבן זיך גענומען צו גיין שלעכט אויף אלע געביטן. אזוי איז אויך זיין צוריקאויפהייבן זיך געווען וואונדערליך, אלעס האט פלוצים אנגעהויבן צו גיין צוריק „בארג ארויף", און צו וואס ער האט זיך צוגערירט האט ער מצליח געווען אויסערגעוויינליך, נאך מער ווי ס׳איז דאס ערשטע מאל ביי אים געווען. ביז א קורצע צייט איז ער געווארן צוריק דער גרויסער רעספעקטפולער סוחר מיט פעלדער און וועלדער און הייזער. און זעלבסטפארשטענדליך אז זיין צדקה און מעשים טובים האט ער אויך צוריק פארגעזעצט ווי דאס ערשטע מאל, נאך מיט מער פליים און איבערגעגעבנקייט, זיין טיר איז געווען אָפן פאר אלע ארימע לייט.

ר׳ הערש וזוגתו האבן דערלעבט א טיפן עלטער מיט געזונט און נחת, ס׳איז ביי זיי מקוים געווארן דער פסוק „רודף צדקה וחסד ימצא חיים צדקה וכבוד".

(די ווייטערדיגע באשרייבונג פון רבינו משה סופר, אין דרעסניץ און אין מאטערסדארף, וועט קומען בעזה״י אינ׳ם קומענדיגן ספר „ליכט שטראלן נומ. 4". זייער אינטערעסאנטע שפאנענדע דערציילונגען).

## דער אמת׳ער פשט . . .

מ׳דארף דאנקען און לויבן השי״ת, אויפ׳ן שלעכטן
פונקט ווי אויף גוטן, זאגן אונז די חז״ל
ווייל ג-אט מאכט אלעמאל, א אורטייל א רעכטן
און אויך זיך פרייען, אין אזא פאל

ר׳ תנחום איז געפרובט, מיט א סאך נסיונות פון אויבן
ס׳רירט אים נישט חלילה פון אידישקייט
ער פארשטייט מ׳דארף אויף אלעמען, השי״ת לויבן
אבער ער פארשטייט נישט, ווי מ׳קען זיין אין פרייד ?!

צום רבי׳ן ר׳ בער, איז ער אריין דאס פרעגן
אמת מ׳דארף אויף אלעמען לויבן, דעם טאטן געטרייען
און אוודאי טאר מען זיך נישט ערגערן און רעגן
אבער ווי קען מען זיך נאך פרייען ?!

דער רבי׳ ענטפערט אים, כ׳וועל דיר אן עצה געבן
אין בית המדרש זיצט א איד, אלט און גרוי
ער האט א סאך צרות מיטגעמאכט אין זיין לעבן
ער קען דיר ערקלערן דעם פשט גענוי

ר׳ תנחום איז טאקע געגאנגען, אין בית המדרש אריין
געפונען דעם איד זיצן, גאנץ אונטןביים עק
געפרעגט אים זיין שאלה, ר׳ זאל אים געבן פארשטיין
דער רבי האט געשיקט צו אים פאר דעם צוועק

רבי׳ זישא וואונדערט זיך; צו מיר געשיקט פרעגן ?
נישט איך בין דער, וואס קען דיר זאגן דעם פשט
נאר ווער ס׳האט געהאט גוטס און שלעכטס ביים לעבן
איך האב קיינמאל, קיין שלעכטס נישט געהאט

ר׳ תנחום פילט זיך עפעס, ווי א אויסגענארטער
אבער דער רבי, דערקלערט אים גאנץ גלאט
די ווערטער וואס, האט דיר געזאגט דער אלטער
דאס איז דער אמת׳ער פשט

דער אמת׳ער פשט איז, א איד דארף גלייבן
אז שלעכטס פון בורא, איז גארנישט פאראן
אלעס איז גוט, ס׳איז נישט צום קלייבן
קען מען זיך פרייען, צו אלעמען דאן

# די „טרערן" האבן אים צוריקגעברענגט

(די נעמען אין די מעשה זענען פיקטיווע)

ג... איז געווען א היבש שטעטל אין גאליציע, מיט א שיינע אידישע קהילה פון א פינף הונדערט פאמיליעס, א רב, צוויי דיינים, צוויי שוחטים, און נאך אנדערע „כלי קודש". דער רב איז אויך געווען א רבי פאר חסידים, ער איז געווען מפורסם פאר א צדיק — ער איז געווען א אפשטאם, פון א באוואוסטע גזע פון אדמו"רים גוטע אידן. אויף א יום טוב א שיינעם שבת פלעגן שטראמען אהין חסידים פון נאנט און פון ווייט, און דאס שטעטל איז געגאנגען אויף רעדער, ס'האט זיך געלעבט „ברוחניות" און „בגשמיות". דאס רוב אין שטעטל איז געווען פרומע אידן חסידישע און סתם „עמך", אבער נישט דאס גאנצע שטעטל. די השכלה האט שוין דארט געבושעוועט, און אויך די ציונים־טישע אידייע האט זיך דארט אריינגעכאפט און אנגעמאכט חרבונות, אנגעהויבן ביי די רעליגיעזע ציוניסטן ביז צו די גאנץ פרייע. אפילו די מארקסיסטישע „שומר הצעיר" האט אויך געהאט דארט א נעסט, מיט א פאר צענדליגע מיטגלידער. דער רב האט טאקע געקעמפט א קעגן זיי מיט'ן גאנצן כח און מיט אלע מיטלען, אבער מבער זיין זיי אין גאנצן איז ער נישט געווען אימשטאנד. זיי האבן דעם רב גורם געווען נישט ווייניג עגמת נפש.

דער רב האט אויך געפירט א שיינע ישיבה, פון די דארטיגע און אויך פרעמדע בחורים. די ישיבה האט געהאט א גוטן שם.

* * *

ר' „זלמן לייב" איז געווען פון די חשוב'ע בעלי בתים אין שטעטל, ער האט געהאט דאס גרעסטע געשעפט פון ספרים און „תש־מישי קדושה" (רעליגיעזע ארטיקלען) אין שטאט, ער האט געהאנדלט אין אנגרוי, פארקויפט פאר די קלענערע געשעפטן אויך פאר די אום־געגנד ארום.

אנגעהויבן האט ער מיט יארן צוריק ווי א פעדלער (האזירער), גענומען א פאק ספרים אויף די פלייצע און געגאנגען פון הויז צו הויז, געבעטן זיך מ'זאל קויפן א סידור א מחזור א חומש א חסיד'יש ספר א.א.וו., אין שטוב האט זיך זיין ווייב זעלדע געמארדעוועט מיט עטליכע פיצעלעך קינדער און נויט און אין צרות, זיינע פארדינסטן האבן געקלעקט קוים אויף ברויט מיט קאשע, א קליידל א אנצוגל א פאר שיך איז געווען „קריעת ים סוף".

ס'פארשטייט זיך, אז ר' זלמן לייב איז אויך געווען פון רב'ס חסידים. פאר אים איז דאס חסידות געווען א שטיקל מקור פון פרנסה. א יום טוב א שיינעם שבת, ס'זענען געקומען צו פארן פרעמדע אידן,

ר׳ זלמן לייב האט זיי געגעבן א פריינטליכן שלו׳ם עליכם, מכבד געווען מיט א פרישן שמעק-טאבאק, געקלאפט אין פלייצע:

— אה ר׳ טודרוס איר זענט געקומען צו פארן צום רבי׳ן, איי איי, אונזער רבי זאל זיין געזונט איז דאך ממש א מלאך אלקים, נישטאָ זיין גלייכן... ר׳ טודרוס כ׳האב פאר אייך פרישע זאכן, שיינע נייע סידורים פאר די שטוב. מחזורים לעדער באַנד, א מאור ושמש, באר מים חיים, קאַמאַרנער חומשים א.א.וו. זעלטענע „מציאות", איר קריגט דאס נישט פאר דעם געלט ביי קיין שום סוחר.

ר׳ טודרוס האט אוודאי געקויפט, א ברירה האט ער געהאט? מ׳דארף געבן צו לייזן א היימישן איד „מאנשי שלומינו". און דאס זעלבע האט שוין געטאן ר׳ יצחק, ר׳ אנשיל, ר׳ משה יעקב א.א.וו. אזוי אז א יום טוב, א שיינעם שבת פלעגט ר׳ זלמן לייב דאך מאכן א ביסל פרנסה אין זכות פונ׳ם רבי׳ן... אבער וואס האט דאס געקענט קלעקן ווען אין שטוב איז דא זיבן קליינע קינדער, זעקס מיידלעך און א בן יחיד׳ל.

זעלדע פלעגט אים צו דערקוטשען:

— זלמן לייב, ווילאנג וועלן מיר זיך אזוי מאַטערן אויף א שטיקל ברויט? קענסט נישט אויספועל׳ן ביים רבי׳ן א ישועה? פרעמדע מענטשן קומען און ווערן געהאָלפן, ווערן אויפגעראַכטן, און מיר זענען דא אלע יאָרן פון רבינ׳ס מענטשן, קומט אונז נישט אז דער רבי זאל אונז העלפן?!

זלמן לייב פלעגט טאקע מזכיר זיין זיך ביים רבי׳ן מיט א קוויטל און אריינשרייבן אלע קינדערלעך, אדער אזוי סתם בעטן אויף א ישועה, דער רבי זאל זיך שוין דערבארעמען איבער אים זען צו פועל׳ן... גרינגער מאכן אים די פרנסה ס׳איז שוין „באו מים עד נפש", אבער צופיל דערקוטשען האט ער נישט געקענט.

די אידענע אז זי האט געזען, אז ס׳איז שוין נישט אויסצוהאלטן, ס׳איז ווינטער און ס׳איז נישט דא צו קויפן פאר די קינדער עפעס א וואַרעמען אָנגעטועכץ א.א.וו. האט זי באַשלאָסן אז זי וועט גיין צום רבי׳ן, זי וועט זיך שוין אויסטענה׳ן ווי מען דארף.

זעלדא איז געגאנגען, און מיט גענומען פיר פינף פיצעלעך קינדער, אריין צום רבי׳ן אין שטוב געמאכט א קאַראַוואַל:

— ס׳טייטש! דער רבי האט נישט קיין רחמנות אויף קליינע פיצעלעך קינדער, דאס איז אלעס דעם רבינ׳ס, מיר זענען דעם רבינ׳ס, אונזערע קינדער זענען דעם רבי׳נס, דער רבי מוז אונז העלפן, מיין מאן זאל זיך נישט דארפן אזוי פלאָגן און מוטשען אויף א שטיקל ברויט, מ׳זאל שוין קומען צו עפעס, און זיין מיט לייטן גלייך.

דער רבי האט טאקע רחמנות באקומען, געלאזט אריינרופן ר׳ זלמן

לייב'ן, אויפגעשלאסן דאס לעדל און ארויסגענומען א הויפן מיט פאַ־פירענע געלט אומגעציילט, און געזאגט צו ר' זלמן לייב'ן:

— דא האט איר ר' זלמן לייב „הצלחה געלט", איר וועט זיך פאר דעם דינגען א געשעפטל אין מיטן מאַרק, איינרישן מיט ספרים און פארשידענע „תשמישי קדושה". און השי"ת וועט אייך העלפן! איר דארפט נישט מער ארומשלעפן זיך מיט פעקלעך ספרים אויף די פלייצע.

דאס איז שוין געווען אנדערע ווערטער. ס'האט זיך געפילט אין רבינ'ס רייד אז דאס איז א „פסק הלכה, אזוי וועט עס זיין! אָן דינגענישן „צדיק גוזר והקב"ה מקיים".

דער רבי האט נאך צוגעלייגט צום סוף:

אבער געדענקט ר' זלמן לייב'ס בעל הבית'טע! ווען השי"ת העלפט איינעם אביסל און מ'ווערט אויפגעריכטעט, דארף מען זיך האלטן אלעם ביים פרירדיגן דרך, מיט צניעות און פרומקייט איינגעהאלטנקייט, אז ס'זאל ארויסקומען א נחת רוח פאר'ן פאטער אין הימל, נישט חלילה „בועט" זיין אין די ברכה... ח"ו.

אוי, הייליגער רבי מ'דארף מיר אפילו דאס זאגן — האט זי געענטפערט ווי פארשעמט — דער רבי ווייסט דאך פון וואו איך קום אהער, ווער מיין טאטע איז געווען. איך וועל אוודאי פון דעם דרך נישט אראפגיין אפילו א ברעקעלע.

און אזוי איז טאקע געווען ווי דער רבי האט געזאגט.

ר' זלמן לייב האט זיך געדונגען א קליין געשעפטל, און באלד דערויף א גרעסער געשעפט. ווייל געגאנגען איז ר' זלמן לייב'ן טאקע אזוי ווי מיט א רבינ'ס א ברכה, די שפע האט זיך געשיט אריין דורך די טיר און פענסטער און פון אלע זייטן. ס'האט נישט לאנג גענומען, ר' זלמן לייב האט אפגעקויפט א הויז אויפ'ן שענסטן פלאץ אין די הויפט גאַס, און אייגערישט זיך דארט א אנגרוי געשעפט פון אלע ערליי ספרים מיט שפיגל־באנד, שס'ן און רמב"ם'ס, ספרי תורות, כלי קודש, א גרויסן אויסוואל פון זילבערנע לייכטער און מנורות בשמים פישקעלעך, אתרוג האלטערס א.א.וו. די שענסטע און די טייערסטע וואס ס'גיבט אויף דעם געביט.

ר' זלמן לייב'ס בעל הבית'טע האט אויך צוגעהאלפן אין געשעפט, אין שטוב איז געווען א „משרתת" וואס זי האט זיך אפגעגעבן מיט די קינדער.

ר' זלמן לייב איז געבליבן דער זעלבער חסידיש'ער איד ווי פריער, שבת האט ער געדאווענט ביים רבי'ן. אבער ר' זלמן לייב'ס אידענע זעלדע האט שוין באקומען אויפגעריסענע אויגן, זי האט געפירט איר שטוב מיט גרוס לוקסוס און פוץ. די צייטן ווען זי האט נישט געהאט

אויף שבת-הוצאות, האט זי אויסגעמעקט פון איר זכרון, זי האט עס נישט געוואלט געדענקען.

די טעכטער זענען אונטערגעוואקסן. מ'האט גערעדט אין די שטאט, אז ר' זלמן לייב'ס טעכטער גייען נישט אזוי בצניעות. ס'פאסט נישט פאר א חסיד'ישן איד ווי ר' זלמן לייב צו פירן אזוי די טעכטער. מ'האט עס טאקע פאַרגעהאלטן פאר ר' זלמן לייב'ן:

ס'טייטש! אז השי"ת העלפט איינעם שוין אביסל דארף מען שוין ארויסשפרינגען פון די הויט, און פירן די קינדער אין אזא לוקסוס, לויט די נייעסטע מאָדעס?!

ר' זלמן לייב האט געגעבן א קרעכץ:

— איי איי, איר זענט גערעכט, ווער דארף דאס? אבער וואס זאל איך טאן? זאל איך מיר דאריבער צעשטערן דעם שלום בית?!

וואס הייסט „שלו'ם בית"? — האט יענער געזאגט — איר ווייסט דען נישט וואס ס'שטייט אין די ספרים, דאס „שלום" באטרעפט אין מספר ווי „עשו" (376), ווייל א שלו'ם וואס מ'קויפט זיך איין אויפ'ן חשבון פון צניעות און אידישקייט, אזא שלו'ם קומט פון עשו הרשע.

זייט נישט אזוי שאַרף — האט ר' זלמן לייב געטענה'ט — איר גייט אין דער זאך צו ווייט אוועק, מיין בעל הבית'טע איז גראדע א וואוילע פרוי מיט „מעשים טובים", נישט איינמאל האט זי מיר אליין געזאגט איך זאל שבת ברענגען א אורח אין שטוב, און זי גייט א יעדן ערב ראש חודש זאמלען געלד — צוזאמען מיט'ן ראש הקהל'ס ווייב — אויף די קופת „ביקור חולים" פון די שטאט. אויך ברענגען איר אריין אלע שכנים — אויף איר פארלאנג — אלטע גענוצטע קליידער אויף צו טיילן דאס פאר ארימע לייט, און נאך און נאך זאכן וואס איך וועט אייך געקענט אויסרעכענען.

איי, ר' זלמן לייב — האט דער איד געזאגט — דער יצר הרע קען באשטיין אויף אלע „מעשים טובים" פון א אידענע, נאר אויף א ביסל צניעות קען ער נישט באשטיין, דאס איז פאר אים ווי א דאָרן אין אויג, דאס ערשטע פון די מעשים טובים איז מ'זאל פירן די שטוב בצניעות.

יאָ יאָ איר זענט גערעכט — האָט ר' זלמן לייב צוגעגעבן — אבער זי טענה'ט אז מ'קען היינט נישט פירן די שטוב ווי פאר צוואנציג דרייסיג יאָר, ס'איז אנדערע צייטן, מ'מוז אביסל נאך גיין די וועלט. לויט איר קומט אויס, אז דאס איז אויך צניעות ווי זי פירט די טעכטער, זי ווייזט ארויף אויף רבני'שע שטובן און שיינע אידן וואו די טעכטער גייען אסאך ערגער.

נו, גיי און פיר מיט איר וויכוחים — האט ר' זלמן לייב אויס-געפירט — ווי האב איך אפילו אויף דעם צייט? גלייבט מיר אז איך

וויים אפילו נישט וויזוי מיינע טעכטער גייען, איך בין אזוי פארנומען א גאנצע וואך, כ'האָב נישט קיין צייט אפילו צוקוקן אויף די זאכן. און אז ס'קומט שבת בין איך מיד און צעבראכן פון א גאנצע וואך, אז איך האב א ביסעלע צייט, איז מען דאך אַ איד, מ'דארף עפענען א אידיש ספר, לערנען א שטיקל גמרא, גיין צום רבי'ן צום טיש כאטש איינמאל אין דריי פיר וואכן. נו א וודאי אמאל האב איך נישט פארפעלט קיין טיש א יעדע וואך, היינט איז מיר דאס אויך גענוג. האב איך טאקע נישט קיין צייט צו פארנעמען זיך מיט מיינע טעכטער, וואו זיי זאלן גיין, וויזוי זיי זאלן זיך קליידן, פארלאז איך דאס אויף איר, נו זי איז דאך א אידענע, פירט זי לויט איר שכל, אוודאי וואלט איך געוואלט בעסער,אבער קריגן זיך אלעמאל איז אויך נישט קיין תכלית, און נישט אידישלעך.

די זאך איז אָנגעקומען אין רבי'נס אויערן אריין, אז ר' זלמן לייב'ס טעכטער גייען נישט בצניעות.

דער רבי האט געשיקט א שליח צו ר' זלמן לייב'ס בעל הבית'טע אזוי צו זאגן:

איך האב געהערט אז אייערע טעכטער גייען נישט אזוי בצניעות ווי מ'באדארף גיין, זיי גייען געקליידעט פארשאַרט און צופיל אויסגע-פוצט. איר געדענקט, איר האט מיר עפעם צוגעזאגט...?

ר' זלמן לייב'ס אידענע האט זיך אויפגערעגט:

— זאגט דעם רבי'ן ס'איז שקר וכזב — האט זי געזאגט צום שליח — ס'איז נישט מער ווי א בלבול פון בייזע צונגען וועלכע פארגינען איינעם נישט...

נו אוודאי, דער רבי קען דאך נישט פארלאנגען אז מיינע קינדער זאלן גיין אָנגעטאָן ווי ר' זלקע מלמד'ס! האט זי מוסיף געווען צום סוף.

* * *

ר' זלמן לייב'ס טעכטער האבן זיך געגליטשט אראפצו און אראָפצו.

זיי פלעגן פארבלייבן צוויי דריי שעה אויסער די שטוב, נישט אפגעבן חשבון וואו און ווען. שפעטער, אויך ביז האלבע נאכט.

דער טאטע האט געפרעגט: — וואו זענט איר דאס אזוי לאנג? וואו בלייבן דאס מיידלעך אזוי שפעט?

ביי די חבר'טעס — איז געקומען דער שאַבלאָנישער ענטפער.

וועלכע חבר'טעס זענען דאס — האט ר' זלמן לייב געפרעגט מיט אויפרעגונג — וואס ביי זיי שלאפט מען נישט ביינאכט?

חבר'טעס! — האט איינע אדער צוויי נאכאמאל ארויסגעשפיגן פון מויל — די אנדערע האבן אין גאנצן נישט געענטפערט, ווי איינער זאגט, רעד צו דער וואנט.

די מוטער האָט זיך אַריינגעמישט, זי האָט געזאָגט שטילערהייט צו ר׳ זלמן לייב׳ן, אַזוי אַז די מיידלעך זאָלן אויך הערן:

— וואָס ווילסטו פון זיי? וואָס דערגייסטו זיי די יאָרן, מ׳קען היינט נישט איינשפּאָרן מיידלעך אין שטוב אויף פיר אין צוואַנציג שעה ווי אַמאָל. זיי מעגן אַביסל אַרום גיין מיט חבר׳טעס, זיי מעגן שעפּן אַ ביסל פרישע לופט, מיט דיינע דרכים וועסטו זיי נאָך פאַרטרייבן פון שטוב. דערנאָך וועסטו האָבן דיין „חיים טובים״.

ר׳ זלמן לייב האָט שוין ווידער געשוויגן אויף אַפּאָר חדשים. אפשר איז זי טאַקע גערעכט — האָט ער געטראַכט.

* * *

דער סוף מיט ר׳ זלמן לייב׳ס טעכטער איז געווען זייער ביטער.

איינע איז אַנטלאָפן פון דערהיים מיט אַ...

די צווייטע האָט חתונה געהאַט צו אַ ציוניסטישן לערער, וועלכער האָט זיך געשוואוירן ביים „מגן דוד״ אַז ער איז רעליגיעז, אַ באַווייז ער גייט אַ קליין קאַפּעלע ווי אַ „חצי זית״, און ער האַלט שטאַרק פון חנוכה און פון פורים, און פון די אַלע „תנאים״ וועלכע זענען געווען רעוואָלוציאָנערן קעגן די רוימישע אימפּעריע.

די דריטע האָט אויך געהאַט אַ ענליכן סוף.

איז זיי נאָך געבליבן אין שטוב דריי מיידלעך.

ר׳ זלמן לייב האָט געזען זיין בראָך, ער איז געווען דערפון צעבראָכן ווי אַ שאַרבן, ער וואָלט זיך געוואָלט גערן איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער ערד פאַר גרויס בושה.

זעלדע האָט אויך איינגעזען אַז זי האָט איבערגעצויגן די שטריק, צופיל פרייהייט געגעבן די טעכטער, צופיל געפּוצט און געקליידעט זיי לויט די מאָדעס. וואָלט זי געוואָלט כאָטש די דריי נאָך ראַטעווען אַז זיי זאָלן זיין — ווי די וועלט זאָגט — פאַר ג־ט און פאַר לייט, און קענען טאָן מיט זיי ייִדישע שידוכים, זענען זיי שוין אָבער אויך געווען פאַרגיפטעט פון די ערשטע. ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטוב גרויסע קריגערייען. דאָס האָט זיך שוין געקריגט די מוטער מיט די טעכטער. אָבער ער איז אויך נישט געוואָרן לויז דערפון. זי האָט אויסגעלאָזט דעם כעס צו אים:

— דו ביזט דער שולד פאַר אַלעמען — האָט זי אים געוואָרפן אין פּנים — דו האָסט דיך קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט זיי, און אַז דו האָסט שוין יאָ גערעדט עפּעס צו זיי איז עס נאָר געווען מוסר מיט שטראָף־רייד. ביזט אַ שלים־מזל׳ניק, ווייסט נישט וויאַזוי צו ערציען קינדער, א.א.וו.

* * *

פון רבי׳ן האָט מען באַהאַלטן דעם גאַנצן ענין פון ר׳ זלמן לייב׳ס

טעכטער, דעם ביטערן בראָך וואס ער האט געהאט מיט זיי, כדי נישט גורם צו זיין דעם רבי'ן עגמת נפש. אבער לאנג האט מען עס נישט געקענט באהאלטן, דער רבי איז געוואויר געווארן. ס'פארשטייט זיך אז ס'האט דעם רבי'ן שטארק צעבראכן. ער האט געלאזט רופןביידע, ר' זלמן לייב וזוגתו.

ווען ר' זלמן לייב מיט זיין בעל הבית'טע זענען אריינגעקומען צום רבי'ן האט דער רבי זיך גענומען קלאגן און וויינען:

—אוי וויי איז צו מיר! אוי וויי איז צו מיר!

וואלט איך געווען ליבערש א שוסטער א שניידער געווארן, ווי צו זיין א רבי, און צו צוקומען צו א זעלכע זאכן.

ווען איר בלייבט געווען ביים „עניות" און „דלות" פון יענע יאָרן, וואלט איר דאך געווען מגדל געווען ערליכע אידישע קינדער, און ווייל איך האב זיך געסטארעט מיט'ן גאנצן כח אייך ארויס צושלעפן פון צרות און נויט און אויפהייבן אייער מזל, האט איר מיר באצאָלט צוריק מיט אזא פאטש אין פנים.

אוי וויי צו מיר! אוי וויי איז צו מיר!

די טרערן האבן זיך געגאסן פון רבי'נ'ס אויגן ווי א קוואל.

צוערשט האט זעלדא אנגעהויבן צו רעדן:

— רבי, מיין מאן איז שולדיג, ער האט זיך נישט אפגעגעבן מיט זיי, ער האט זיי אלעס געלאזט טאן וואס זיי ווילן, און איך בין דאך א שוואכע אידענע, וואס האב איך געקענט טאן? וואס קען מען פון מיר פארלאנגען? ער איז דאך דער בעל הבית אין שטוב, ער האט דעם אחריות.

ר' זלמן לייב הערנדיג די צביעות'דיגע רייד, האט ער געמיינט אז ער פלאצט אוועק אויפ'ן ארט.

רבי, די „צדיקת" קען נאך דא אזוי רעדן — האט ר' זלמן לייב געזאגט מיט פארביטערונג — זי איז א שוואכע אידענע זאגט זי, זי איז שטארקער ווי צען אזעלכע ווי איך, ווען איך האב אין מיר איר כח וואלט איך נישט געקומען צו די צרות. אז איך האב געזאגט א וואָרט אנדערש וועגן די קינדער, האט זי מיר געוואלט די אויגן ארויסדראַפּען, זי האט מיך באפאלן מיט זלזולים און בזיונות א קעגן די קינדער. און איך בין טאקע א שוואכער כאראַקטער, איך האב אלעמאל געמאכט אַ ריקצוג איך האב זיך נישט געוואלט קריגן. איך האב זיך געטראכט „שלום בית" איז דאָך אויך א גרויסע זאך.

ניין, ניין, זי איז גערעכט, אז איר זענט דער שולדיגער אין גאנצן — האט דער רבי געזאגט מיט גרויס פארדרוס — אז איר א חסידישער איד פון אזויפיל יאָרן, קען זיין — איר זאלט מיר מוחל זיין — אזא נאַר און אָנרופן דעם „חורבן בית" פאר „שלום בית", איז אלעס אייער שולד!

זי איז טאקע א נאַרישע אידענע מיט א פאַרדאָרבן האַרץ, אבער דער אחריות פון די שטוב איז אויף אייך, דאס איז זי גערעכט. ס׳שטייט געשריבן „להיות כל איש שורר בביתו״ א יעדער מאן דארף געוועלטיגן אין שטוב. און דער מאן האט צו שאפן אין די קינדער ערציאונג, און אז מ׳מיינט עס ערליך פאר׳ן אויבערשט׳נס וועגן, שטייט אין פסוק „גם אויביו ישלים אתו״ זאגן די חז״ל „זו אשתו״ אז דאס ווייב וועט אויך סוף סוף איינזען דעם אמת און זי וועט אנדערש ווערן. איר האט אבער געזאגט צו אייך „שלו׳ם עליך נפשי״ שלו׳ם איז צו דיר מיין לעבן, איר האט זיך נישט געוואלט פארשטערן דעם „עולם הזה״ פאר׳ן אויבערשטנ׳ס וועגן, דאריבער זענט איר צוגעקומען צו דעם גרויסן חורבן.

איצט זאלט איר וויסן — האט זיך דער רבי געווענדעט צו די פרוי — איר געדענקט ווען איר זענט געקומען צו מיר מיט פינף פיצלעך קינדערלעך און געבעטן איך זאל אויף אייך רחמנות האבן, כ׳האב טאקע רחמנות געהאט און מבטיח געווען אייך א ישועה. האב איך אייך דעמאלס געזאגט — „געדענקט אז השי״ת העלפט איינעם און הייבט אים אויף דאס מזל אביסל, דארף ער זיך פירן ווייטער מיט צניעות און ערליכקייט ווי פריער, נישט „בועט״ זיין אין אויבערשטנ׳ס ברכה״. האט איר געענטפערט, אז מ׳דארף אייך אפילו דאס נישט זאגן, איך וויים דאך ווער איר זענט, איך האב געקענט אייער טאטן און איר וועט פון דרך קיינמאל נישט אראפ אפילו א ברעקעלע.

נו, איצט זעט איר אז איך האב אייך יאָ געדארפט זאגן, און דאס זאגן האט טאקע גארנישט געהאלפן, איר האט יאָ „בועט״ געווען אינ׳ם אויבערשטנ׳ס ברכה, איר האט אָנגעטאָן פאר אייער טאַטן אויף יענער וועלט דעם גרויסן בזיון און דעם גרויסן צער, אהער געשטעלט אים אזעלכע אייניקלעך... קיין שום אידיש הויז געזאגט. שעמט אייך! איר זאלט אפילו נישט מעלדן מער אייער טאַטנ׳ס נאמען, זאל מען כאטש פארגעסן וועמעס איר זענט. אין מיין בית המדרש דארפט איר מער נישט קומען, נישט איר און נישט אייער מאן, איך בין אייך מוחל מיט קנין מיט מנין, ס׳איז מיר פינסטער און ביטער צו האבן א זעלכע חסידים...

און דער עיקר האב איך אייך איצט געלאזט רופן — האט דער רבי אויסגעפירט —איך זאל אייך מודיע זיין אז איך נעם מיר אָפּ דאס מייניגע, די „הצלחה״ וואס איך האב אייך געגעבן, וואס איך האב אויסגעפועל׳ט אין הימל מיט גרוים מי און אנשטרענגונג. איר זענט דאס נישט ווערט.

זעלדא האט זיך צעוויינט מיט א קוויטשעריי:

— רבי, האט רחמנות איבער אונז!

נו אוודאי, איך זאל האבן רחמנות?! און איר אליין זענט דער גרעסטער „אכזר" איבער אייך און איבער אייער שטוב.

רבי, מיר ווילן תשובה טאן, גיט אונז אן עצה — האט ר' זלמן לייב געזאגט מיט א שטילן טאן און מיט אראפגעבויגענעם קאפ.

דאס וואס איר האט קאליע געמאכט קענט איר שוין נישט פאררייכטן! האט דער רבי צו זיי געזאגט — אייערע טעכטער ארויסצונעמען פון די „חיצונים" און צוריקברענגען צו די קדושה צו דעם מוז מען האבן א „בעל שם טוב הקדוש", און דאס איז היינט נישט דא!

רבי, מיר האבן דאך נאך דריי טעכטער און א אינגל „וועלוול" — האט ר' זלמן לייב געזאגט — זאל אונז כאטש דער רבי מדריך זיין אויפ'ן „עתיד" וויאזוי זיי צו ראטעווען. אז דער רבי וועט אונז אוועקגעשטויסן פון זיך, וועט אלעם גיין לטמיון רח"ל.

קען מען דען אייער פלונית'טע געטרויען?! — האט דער רבי געקאטעוועט ווייטער — אז זי וועט נאר אריבערטרעטן די שוועל פון דאנעט ארויס, וועט זיך שוין דער „שטן" אין איר צוריק אנצינדן, און זי וועט אלע צוזאגעכצער פארגעסן.

אבער אז איר וועט ווערן צוריק „אביונים" און דארפן זארגן אויף שבת־הוצאות — האט דער רבי אויסגעפירט — אפשר איז דאס א שטיקל גאראנטי אז אייער רעשט קינדער זאלן בלייבן אידן.

אוי רבי! איך שווער אין אלעמען וואס איז הייליג — האט זעלדא געקוויטשעט — אז מיר וועלן שוין פאלגן... נאר טשעפעט נישט אונזער ביסל „מזל", אז איך זאל חלילה דארפן ווערן צוריק אין דעם מצב וואס מיר זענען אמאל געווען — נישט איצט געדאכט — וועל איך מיר ליבערש נעמען דאס לעבן...

דער רבי איז געבליבן שטיל, מיט פארמאכטע אויגן. א פיינליכע שטילקייט האט געהערשט אין שטוב עטליכע מינוטן.

דער רבי האט געעפנט די אויגן, און געזאגט צו זיי:

נו גוט, איך וועל גיין אין אויבערשטנ'ס דרכים, ס'שטייט „ורחמיו על כל מעשיו" (זיין רחמנות איז איבער אלעם וואס ער האט באשאפן) איך וועל אויך דאס מאל רחמנות האבן איבער אייך, כאטש איר זענט דאס נישט ווערט.

איר זאלט מיר צוזאגן, דאס אייערע דריי טעכטער וועלכע איר האט נאך ביי אייך אין שטוב, וועט איר פון איצט אן פירן אויפ'ן ערליכן אידישן וועג אין אלע הינזיכטן, מיט צניעות און באשיידענהייט, אזוי ווי אין אלע ערליכע חסיד'ישע הייזער.

איר זאלט וויסן ר' זלמן לייב — האט אים דער רבי געגעבן א ערקלערונג — אז טעכטער מוז מען פירן שטרענג, מ'טאר נישט זיין

קיין בטלן, מ׳דאַרף וויסן וואו זיי שטייען, וואו זיי גייען, וואו זיי קומען, וואו זיי האַלטן זיך אויף, מיט וועם קומען זיי זיך צונויף, מיט וועם רעדן זיי, ווער זענען זייערע חבר׳טעס.

פון אַלעם דאַרף מען האָבן אַ קלאָר בילד, און נישט פאַרלאָזן זיך אויף קיינעם, נאָר אויף זיך אַליין — בעזרת ה׳ יתברך — אַלעס דאַרף מען אַליין וויסן און זיך איבערצייגן. און נאָך די אַלע זאַכן דאַרף מען גרוים סיעתא דשמיא — מ׳דאַרף בעטן אויף דעם השי״ת מיט טרערן — אַז זיי זאָלן אויפוואַקסן ערליכע אידישע טעכטער, ווי ס׳דאַרף צו זיין.

אויבצוואַר איך ווייס גאַנץ גוט — האָט דער רבי פאַרגעזעצט — אַז אייערע טעכטער די מיידלעך זענען שוין אַ היבש ביסל פאַרגיפטעט פון זייערע עלטערע שוועסטערס, אָבער אַז איר וועט טאָן דאָס אייעריגע מיט מסירת נפש, נישט קוקן אויף גאָרנישט. און איך פון מיין זייט וועל מתפלל זיין, אַז זייער האַרץ זאָל איבערגעדרייט ווערן צום גוטן. האָף איך צו השי״ת אַז מ׳וועט זיי נאָך קענען דעררעטעווען אַז זיי זאָלן בלייבן אידישע טעכטער, און איר זאָלט קענען טאָן מיט זיי ערליכע שידוכים.

דאָס איינגעלע „וועלוול״ — האָט דער רבי פאַרגעזעצט — זאָלט איר וויסן אַז ער האָט אין זיך אַ הויעכע נשמה, ער קען אויסוואַקסן אַ שיינער לייט אין תורה און אין יראת שמים. דערקעגן אָבער אויף אַ הויעכע נשמה לויערן מער די „חיצונים״ צוכאַפּן אים אין זייער נעץ רח״ל. דעריבער זאָלט איר וויסן גוט אַכטונג צו געבן אויף אים נישט פאַרנאַכלעסיגן זיין ערציאונג.

נו, איצט גייט אַהיים, און איר זאָלט זען צו האָבן אַ אמת׳ן „שלו׳ם בית״ — האָט דער רבי פאַרענדיגט.

ר׳ זלמן לייב האָט געקוקט אויפ׳ן רבי׳ן פאַרוואונדערט, וואָס מיינט דער רבי „אמת׳ן שלו׳ם בית״?

איך וועל אייך ערקלערן מיינע רייד — האָט דער רבי געזאָגט — דער גאַנצער טעם פון „שלו׳ם בית״ איז, זאָגן די חז״ל, ווייל צווישן מאַן און ווייב רוט די הייליגע שכינה, און מיט „מחלוקת״ פאַרטרייבט מען די שכינה. אָבער אין אַ שטוב וואו ס׳איז נישטאָ קיין צניעות, קומט דאָרט איבערהויפּט נישט די שכינה הק׳, ממילא איז נישטאָ וואָס צו פאַרטרייבן, טוט די „שלו׳ם בית״ ממילא נישט אויף די ריכטיגע פּעולה, איבערהויפּט ווען די פרייז וואָס מ׳באַצאָלט פאַרן שלו׳ם בית אין שטוב דאָס אַליין פאַרטרייבט די שכינה. דעריבער האָב איך אייך געוואונשען אַ „אמת׳ן שלו׳ם בית״ דאָס מיינט אַזאַ מין שלו׳ם בית וואָס ברענגט אַריין די שכינה אין שטוב.

— ב —

ר' זלמן לייב'ס וועלוועלע איז געווען א אויסערגעוויינליך געראָטן אינגל. נאך אלס קליין קינד האט ער ארויסגעוויזן גרויסע כשרונות צום לערנען, געהאט א חריפ'ישן מוח און דערצו א גרויסן „רצון" צום לערנען, באגלייטעט מיט יראת שמים, ווי ס'זעט אויס איז אין אים אריין א נשמה פון איינעם פון זיינע עלטער זיידעס. וועלכע זענען געווען גרויסע רבנים פון ביידע זייטן.

צו די בר מצוה איז ער אריין אין רב'ס ישיבה, ער האט שוין געקענט מיטהאלטן מיט די גרויסע בחורים. צו די מעלות זיינע איז ער אויך געווען באשאָנקען מיט א שיינעם איידילען אויסזען. ר' זלמן לייב און זעלדא האבן זיך געשפיגלט אין אים, זיי האבן געפונען אין אים א שטיקל טרייסט אויף דעם דורכפאל וואס זיי האבן געהאט מיט זייערע ערשטע דריי טעכטער.

ביי די זיבעצן יאָר האט וועלוול שוין געהאט „סמיכה" אויף רבנות, און איז געווען אויסגעוואקסן ווי א שיינער בוים, א הויעך געשטאַלט מיט ברייטע פלייצעס. דערצו האט ער נאך געהאט א מעלה, דאס ער האט געהאט א שיינע שטארקע שטימע, אז ער פלעגט זינגען א ניגון מיט א באזונדערן געפיל.

ביי די אכצן יאָר האט מען אים אָנגעהויבן צו רעדן שידוכים. ר' זלמן לייב וואָלט אוודאי געווען געקענט טאן מיט אים א שיינעם רבינ'שן שידוך, ווען ער וואָלט נישט געהאט אויף זיך דעם פלעק פון די טעכטער. מ'האט שוין אנגעטראגן עטליכע שידוכים פון א גרויסן יחוס, אבער ווי מ'האט זיך נאר דערוואוסט די מעשה מיט די ערשטע טעכטער... איז מען אָפגעשטאנען נישט געוואלט ווייטער רעדן.

א בעל בתי'שער שידוך וואלט זיך געווען יאָ געטראפן אין שטעטל, אפילו פון די גאר שיינע הייזער, ווייל וועלוול איז געווען א חידוש, צוגעפעלן פאר יעדן, און ר' זלמן לייב איז געווען פון די חשוב'ע בעלי בתים נגידים אין שטאט. האט זיך אבער ר' זלמן לייב, און דער עיקר זיין ווייב זעלדא, אָנגעמאָסטן אזא הויעכן נדן וואס ס'איז שווער געווען נאכצוקומען. וואס הייסט אזא געלונגנער בחור ווי איר וועלוול — האט זיך זעלדא געטראכט — איז ווייניג ווען מ'זאל אים באגילדן אין גאנצן פון קאפ ביז פוס.

* * *

אין ג... האט געוואוינט א איד ר' מענדל, ער איז געווען פון די חשוב'ע בעלי בתים אין שטעטל. א איד א תלמיד חכם, דער רב'ס א הייסער חסיד. געווען איז ער אַ ווייַן-סוחר, ער האט באזארגט כשר'ן ווייַן פאר די אידן אין שטעטל. קיין עושר איז ער נישט געווען. ער

האט געהאט א שטארקן קאָנקאָרענט צו זיך, א צווייטער איד אין שטעטל אויך א וויין-סוחר, און גראדע אויך פון רב'ס חסידים. אזוי אז דעם וויין צום רבי'נס טיש, וועלכעס איז געווען א בדייטענדע הכנסה, איבערהויפט אין ימים טובים, הייליגע טעג, האט דער גבאי איינגעטיילט און צווייען, די העלפט ביי ר' מענדל, און די העלפט ביים צווייטן סוחר. אבער פרנסה בכבוד האט ר' מענדל אלעמאל געהאט. קיין גרויסע פאמיליע האט ער נישט געהאט, ער און זיין ווייב חי' שרה, און א בת יחידה רבקה. געוואוינט האט ער אין א שיינע דירה, וואס ער האט נאך געירשנ'ט פון זיין טאטן. און חי' שרה איז געווען א גוטע בעל הבית'טע, זי האט די וואוינונג געהאלטן שיין ריין און ציכטיג, אזוי אז א רושם האט ר' מענדל'ס הויז געמאכט ווי א רייכע שטוב, כאטש ער איז געווען ווייט פון עשירות.

רבקה'לע איז אונטערגעוואקסן, זי איז געווען זייער געראטן, פרום און קלוג און מיט אלע מעלות. ס'איז געקומען די צייט וואס ר' מענדל האט געדארפט דענקען אויף א שידוך פאר איר.

ס'איז געקומען א שדכן צו ר' מענדל און אנגעטראגן א שידוך, ר' זלמן לייב'ס בחור „וועלוול" דער עילוי.

ר' מענדל'ען איז ליכטיג געווארן פאר די אויגן:

— וועלוול ר' זלמן לייב'ס? אַ-וואַ דאס וואָלט שוין געווען א זאך.

וויפיל נדן וויל ער? — האט זיך ר' מענדל אינטערעסירט.

פערציג טויזינט זלאָטעס!

המ... 40 טויזינט זלאטעס? — האט ר' מענדל איבערגעחזר'ט — א לייטישע סומע.

און ער וויל נאָך א חוץ דעם פינף יאָר קעסט — האט דער שדכן געזאגט — ער זאל קענען זיצן און לערנען און שטייגן...

מיילע די פינף יאָר קעסט — האט ר' מענדל געזאגט — דאס קען מען נאכקומען, אין מיין גרויסן הויז קען איך אים אָפטיילן א גאנץ לייטישע דירה, ס'וועט אים גארנישט פעלן. אבער פערציג טויזינט זלאטעס, פון וואנעט זאל איך דאס אהערשטעלן?

הערט ר' מענדל — האט דער שדכן געזאגט — אז איר וועט וועלן וועט איר האבן, איר דארפט כאפן מיט ביידע הענט, ווען נישט וועט מען אים אייך אויסכאפן, איר ווייסט אז צוויי וועלוול'ען איז נישטא אין שטעטל...

נו, קומט אריין אין א וואך ארום נאך תשובה — האט ר' מענדל געזאגט.

א וואָך איז א סאך!

זאל זיין פינף טעג.

אויך א סאך — האט דער שדכן געזאגט — איך גיב אייך דריי טעג, נישט מער.

נו, זאל זיין דריי טעג — האָט ר׳ מענדל מסכים געווען.

ווען דער שדכן איז אוועק האט זיך חי׳ שרה גענומען ערגערן אויף איר מאן ר׳ מענדל:

— וואס טויג אונז דאס? פארוואס דארף מען קריכן אזוי הויעך? מ׳קען קריגן גוטע בחורים פאר פערטל געלט. און אין דער אמת׳ן האסטו דאך — צווישן אונז גערעדט — דאָס פערטל אויך נישט.

און מיר איז גארנישט אזוי אנגעלייגט צו האבן זעלדא׳ן פאר א מחותנת — האט חי׳ שרה פארענדיגט.

גיי שוין, גיי שוין — האט ר׳ מענדל געזאגט — מ׳איז זיך נישט משדך מיט זעלדא׳ן, נאר מיט וועלוול׳ען, נאך אזא „עילוי" וועט מען נישט קריגן. מיר איז שוין גאנץ גוט אָנגעלייגט אריינצונעמען אזא תורה-ליכט אין מיין שטוב אריין.

לאָמיר הערן וואס זאגט רבקה׳לע — האט חי׳ שרה געזאגט.

מ׳האט אריינגערופן רבקה׳ן.

רבקה׳לע — האט דער פאטער איר געפרעגט — וואס וואלסטו געזאגט, וועגן וועלוול׳ען ר׳ זלמן לייב׳ס פאר א חתן?

פארוואס נישט, איך האב געהערט אז ער איז א וואויל-לערנער — האט רבקה געענטפערט — און אז דער טאטע וויל אים, איז א סימן אז ס׳איז א גוטע זאך.

און וואס וועט אבער זיין מכח דעם נדן? האט חי׳ שרה געזאגט — ס׳איז אוממעגליך זאלסט קענען אהערשטעלן אזא געוואלטיגע סומע, אפילו דאס פערטל קענסטו אויך נישט באווייזן.

ס׳איז דא א פאטער אין הימל! אז ער וועט וועלן וועט זיין — האט ר׳ מענדל געענטפערט — מ׳וועט איבערשלאפן א נאַכט, און איך וועל אריינטראכטן צו געפינען עפעס א פלאַן.

אויפ׳ן אנדערן טאג איז שוין ר׳ מענדל געווען פערטיג מיט׳ן פלאַן.

הער זיך איין חי׳ שרה — האט ר׳ מענדל געזאגט צו זיין עקרת הבית — איך האב באשלאסן צו טאן אלעס אין דער וועלט אהערצושאפן דאס געלט פאר׳ן נדן, איך וויל אזא „כלי מפואר" נישט אויסלאזן פאר א צווייטן. וויאזוי איך וועל מיר שאפן דאס געלט דארף קיינער דא אין שטעטל נישט וויסן. אין דער גאס הייסן מיר עשירים, האב איך געמעגט האבן ליגן אזויפיל געלט.

למעשה איז אזוי — האט ר׳ מענדל פארגעלייגט זיין פלאַן.

אין אמעריקע האבן מיר אביסל משפחה, רייכע מענטשן, איך האב זיי נאך קיינמאל נישט אויסגענוצט צו גארנישט.

דאסמאל וועל איך זיי שריבן, אויסמאָלן זיי דער מצב, אז מיר גייען חתונה מאכן אונזער בת יחידה, פאר א בחור א אויסנאם, באשאנקען מיט אלע מעלות, און איך האב זיך געמוזט אונטערנעמען א גרויסן נדן, וואס איך בין נישט אימשטאנד אהערצושטעלן, איך האב פון זיי נאך קיינמאל גארנישט געבעטן, ווייל ס'האט מיר נישט געפעלט, אלע יאָרן בין איך זיך ב"ה מתפרנס בדרך כבוד, אבער איצט איז א אויסנאם וואס איך מוז זיך ווענדן צו זיי א.א.וו. — איך בין זיכער דאס זיי וועלן ענטפערן מיט א שיינע סומע.

אבער דאס איז נאר דער אָנהייב — האט ר' מענדל געזאגט צו זיין בעל הבית'טע — דער עיקר מיין איך עפּעס אנדערש, מיר האבן אין אונגאַרן קרובים אין עטליכע שטעט. פארצווייגטע גרויסע משפחות, אלעס גרויסע עשירים קאפּעציטעטן. איך וועל אריבערפאָרן צו זיי, כאטש ס'איז מיר זייער שווער, איך בין נאך קיינמאל נישט געווען אָנגעוויזן אויף א צווייטן וועגן א „מתנת חנם", איך וועל נישט קוקן אויף גארנישט, אין די זייט לייגן די בושה, און גיין פון איינעם צום אנדערן. ס'איז ביי מיר קיין ספק נישט, אז אזוי נאך וועל איך מיט'ן אויבערשטנ'ס הילף צוזאמען שטעלן די סומע וואס איך באדארף. דא אין שטעטל וועט קיינער נישט וויסן וואס און ווען, ס'וועט הייסן דאס איך בין געפאָרן אויף אונגארן געשעפטליך אינ'ם וויין־מסחר.

פאר ר' מענדל'ס ווייב חי' שרה, איז די גאנצע זאך נישט געווען צום הארצן, זי איז געווען א ערליכע תמימות'דיגע אידענע, זי האט נישט פארשטאנען, צי וואס די גרויסע מי און אָנשטרענגונג איבער די כחות, און אראפּלאזן זיך גיין בעטן ביי מענטשן, אלץ וועגן דעם קאַפּריז פון זעלדא'ן, וואס זי האט זיך אָנגעמאָסטן אזא האָריבילישע סומע פאַר א נדן פאר איר זון.

פארלאנגט דען דאס דער אויבערשטער — האט זי געטענה'ט מיט ר' מענדל — אז א מענטש זאל טאן א זעלכע אַפּנאָרמאלע אנשטרענגונגען וועגן א נדן, ס'איז דאך נישט פאר ברויט אין מויל אריין אדער אויף שבת־הוצאות, ב"ה ס'האט דאך אונז קיינמאל נישט געפעלט קיין פרנסה, הלוואי אויף ווייטער נישט ערגער. אבער א נדן אז מ'האט נישט אזא סומע טוט מען א קלענערן שידוך מיט א קלענערן נדן, סייווי, איז דאך א שידוך „מן השמים" אָנגעשריבן פון הימל מיט א גרויסע „השגחה", פארלאזט מען זיך אויפ'ן אויבערשטן אז ער וועט צושיקן דאס ריכטיגע, לויט די קעשענע, און לויט די אומשטענדן.

און אפשר שטעקט גאר אין דער גאנצער זאך אזא מין גאווה'ה — האט חי' שרה פארדעכטיגט איר מאן — מ'וויל דווקא א בחור וואס די שטאט קלינגט מיט אים, מ'רעדט פון אים „ער האט סמיכה אויף רבנות" א.א.וו. ס'קען אמאל זיין א בחור וואס איז אויך נישט קנאפּער

פון אים, און אפשר אין הימל איז ער נאך חשוב'ער פון אים, ער האט נאר נישט א גלאָק אויפ'ן האַלז צו קלינגען דערמיט, און מ'קען אים באקומען אסאך ביליגער, לויט אונזער יכולת און אומשטענדן.

נאך א זאך, וואס כ'האב דיר שוין געהאט געזאגט — האט חי' שרה געזאגט צו ר' מענדל — אז איך בין גארנישט אזוי פארביי נאך דעם שידוך, דאס הארץ קלאפט מיר משדך זיין זיך מיט זעלדא'ן, די אויפגעקומענע דאַמע, וועלכע האט באגראבן שוין אירע דריי טעכטער.

הלוואי ס'זאל זיך גוט אויסלאזן — האט חי' שרה פארענדיגט אירע רייד.

ר' מענדל האט געהאלטן שטארק פון זיין בעל הבית'טע חי' שרה. אבער דאַסמאל האט אויף אים נישט געווירקט אירע פשוט'ע תמימות'דיגע רייד, כאטש ער האט איצט אויך געפילט א אינהאַלט אין אירע ווערטער. ער איז געווען אזוי פארקאכט אין וועלוול'ען, אז ער האט געהאלטן, פאר אזא בחור א עילוי דארף מען האבן „מסירת נפש" און טאָן דאס אוממעגליכעס.

און וועגן זעלדא'ן — האט ר' מענדל געזאגט צו זיין ווייב — די מחותנים און מחותנת'טעס שפילן נאָר אַ ראָלע ביז צו די חתונה. נאך די חתונה האבן זיי שוין צווישן זיך גארנישט. און דער חתן איז דאך א בריליאַנט...

* * *

צום דריטן טאג איז דער שדכן געקומען נאך א ענטפער. ר' מענדל האט געגעבן זיין צושטימונג צום שידוך מיט די אלע התחייבות'ער וואס ר' זלמן לייב האט פארלאנגט. דער שדכן איז צוריק צו ר' זלמן לייב און איבערגעגעבן די רייד.

ער וועט קענען מסלק זיין דעם נדן? — האט זיך זעלדא אריינגעמישט — איר זאלט וויסן און אָנזאגן אים, אז אויב ס'וועט פעלן א גראָשן פונ'ם נדן, וועט מען קיין חופה נישט שטעלן.

וואס פאר א פראגע? — האט דער שדכן געזאגט — יעדער ווייס אז ר' מענדל איז א איד אן עושר פון אלע יאָרן, נישט קיין אויפגעקומענער — האט ער געוואלט געבן א שטאָך פאר זעלדא'ן, כדי זי זאל נישט זיין ביי זיך אזוי בגדול'דיג — הלוואי פארמאָג איך וואס ער האט געקריגן ירושה פון זיין טאַטן, און די גאנצע צייט געזאמלט פארמעגן, אויך מיר א עסק צו באלייגן אזא נדן...

בקיצור, דער שידוך איז געשלאסן געווארן, מ'האט אהערגעשטעלט א שיינעם גראָסאַרטיגן „תנאים". דער רבי האט אויפגעלייענט די תנאים מיט אלע התחייבות'ער. ווען ער איז געקומען צום פונקט ארבעים אלפים זלאָטעס, נדוניא מצד הכלה" האט דער רבי געגעבן א שטארקן קרעכץ, קענטיג, אז ער האט פארשטאנען דאס ר' מענדל האט אויף

זיך גענומען איבערמענטשלעכע זאכן.

דער חתן האט געזאגט א שיינעם דרוש געפּלאַכן „פּלפּול" מיט „אגדה", מענטשן האבן מקנא געווען ר' מענדל'ען וואס ער קריגט אריין אזא חתן. מ'האט געבראכן טעלער און געווּאונשען זיך מזל־טוב.

ר' מענדל האט באלד אוועקגעשריבן צו זיינע קרובים אויף אמעריקא. אבער די תשובה האט ער נישט איינגעוואַרט. ער האט זיך צוגעגרייט אויפ'ן וועג צו פאָרן אויף אונגארן, אויף א לענגערע צייט. ס'האט געהייסן אז ער פאָרט געשעפטליך. אינ'ם ווייַן מסחר.

פאר'ן פאָרן איז ער אוועק צום רבי'ן, ס'פארשטייט זיך אז פאר'ן רבי'ן האט ער נישט באהאלטן דעם צוועק פון זיין נסיעה, אדרבה ער האט געוואלט האבן דעם רבינ'ס ברכה, ער האט אויך געבעטן פון רבי'ן ער זאל אים אָנשרייבן א „כתב מליצה" אפשר וועט ער עס דארפן, הן צו זיין משפחה, הן צו סתם נדיבים, וועלכע ספּענדן גערן פאר די מצוה פון הכנסת כלה.

ר' מענדל האט זיך געלאזט אין וועג אריין.

— ג —

ר' מענדל איז שוין א האלב יאָר אונטערוועגס. די קרובים האט ער שוין אלע באזוכט. זיי האבן אים גאנץ פיין אויפגענומען און טאקע צונויפגעשטעלט שיינע סומעס, אבער צו די סומע וואס ר' מענדל באדארף איז עס נאך גאנץ היבש ווייט. פון שטוב האט מען אים געשריבן, אז פון אמעריקא איז געקומען א ענטפער מיט א גאנץ לייטישע סומע, אבער מיט דעם אלעמען האט נאך געפעלט גאנץ א שיינע באדייטנדע סומע פונ'ם נדן וואס ר' מענדל האט זיך מחייב געווען.

ר' מענדל האט פארשטאנען אז אהיים פאָרן האט נישט קיין צוועק ווילאנג ער האט נישט די גאנצע סומע. ר' זלמן לייב וועט נישט מוותר זיין, און זעלדא אוודאי נישט, ס'קען קומען צו סקאַנדאַלן.

ר' מענדל האט באשלאסן אראפּלאזן זיך אין גאנצן. נישטאָ קיין ברירה. ער האט גענומען פאָרן אין אונגארן איבער די שטעט, מיט'ן רבינ'ס „כתב מליצה" אין האנט, דערציילט אז ער איז א אָפּגעקומענער גביר און ער דארף חתונה מאכן א טאכטער, בעט ער אויף הכנסת כלה.

אנגעהויבן האט ער אביסל בדרך כבוד, ער איז געקומען אין א שטאט, האט ער זיך געווענדעט צו די גבאים און עסקנים, מ'זאל אים צוזאמען שטעלן א סכום, ער אליין איז נישט געוואוינט צו גיין, ער איז אלעמאל געווען א גביר, געגעבן פאר אנדערע, און היינט האט אים דער נויט צוגעברענגט... א.א.וו.

ס'איז פאריבער א פּאָר וואכן האט ער איינגעזען, אז אויף דעם דרך איז דאס צו א לאנגזאמע ארבעט. און די גבאים און עסקנים האבן

וויניג סענטימענטן צו די זאכן, זיי האבן דאס א יעדן טאג, צו ס'איז אמת צו נישט.

און אז מ'איז שוין דערינען שטעלט מען זיך נישט אָפּ. ס'איז געקומען דערצו דאס ר' מענדל האט זיך אראפּגעלאזט אין גאנצן, ער איז געגאנגען מיט'ן רבינ'ס בריפל איבער די הייזער ווי אלע אורחים, ס'איז אים אויסגעקומען צו שלאָפן אין פארשידענע הכנסת אורחים'ס, אפילו אין א הקדש, ס'לאזט זיך נישט אראפּשרייבן וואס ר' מענדל האט דורך דעם געליטן, א מענטש וואס האט דאס קיינמאל נישט מיטגעמאכט, געבוירן אין א גבירישע שטוב ביי זיין טאטן, געלעבט אלע יארן ווי א בעל הבית א נגיד, און איצט איז ער געקומען דערצו דאס ער האט זיך אזוי אראפּגעלאזט. אבער ער האט זיך געטרייסט, אז ס'וועט דורכגיין, מיט יעדן טאג איז ער נענטער צום תכלית. יעדן נאכט האט ער זיך אָפּגעציילט דאס געלט, צוזאמען געלייגט א מטבע צום צווייטן, אויסגערעכנט וויפיל ער האט נאך — ביילייפיג — צו זיין נע ונד. אזוי איז ער נאך ארומגעפארן א פאר חדשים פון שטאט צו שטאט פון דאָרף צו דאָרף, ביז ענדליך די סומע וואס ער באדארף אויפ'ן נדן — די פערציג טויזינט זלאָטעס — איז אים שוין כמעט ווי ערפולט געווארן. דאס וואס די אמעריקאנער קרובים האבן געשיקט האט ער נישט אריינגערעכנט. א חלק דערפון האט שוין זיין פאמיליע אינדערהיים אויפגעלעבט איבער די צייט וואס ער איז אין די פרעמד, און די געשעפטן זענען פארנאכלעסיגט געווארן. און וויפיל ס'איז נאך דא דערפון, הלוואי ס'זאל קלעקן אויף חתונה-הוצאות.

צום סוף פון זיין שטרעזל, איז ר' מענדל אנגעקומען אויף „פעסט" די הויפּשטאט פון אונגארן. דארט האט אויף אים שוין געווארט א בריף פון דערהיים, אויף דעם אדרעס וועלכעס ער האט פריער אָנגעגעבן. ער האט עם מיט אומגעדולד געעפנט ער האט שוין נישט געהאט קיין פּאָסט פון שטוב מער ווי צוויי חדשים. אין בריף איז געשטאנען דער גענויער דאטום אויף ווען די חתונה איז באשטימט געווארן, אז ס'איז אויס געקומען דאס ר' מענדל האט שוין אין גאנצן נישט מער ווי צוויי וואכן צייט ביז צו די חתונה. זעלבספארשטענדליך דאס אין בריף איז געשטאנען אז מ'ווארט אויף זיין אהיים קומען מיט גרויס אומגעדולד. איבערהויפט די מחותנים, וועלכע ווילן האבן דעם נדן איינגעלייגט פאר די חתונה.

ר' מענדל האט ביי זיך אָפּגעמאכט אז דא אין פעסט וועט ער נאר ארבעטן אביסל, פונקט נאר צו ערגענצן די סומע וואס ס'פעלט אים נאך אויס, ער וועט באזוכן א פאר גבירים און געענדיגט, ער וועט זיך נעמען פאָרן אהיים, ווייל א חוץ וואס די צייט איז שוין שפעט האט ער ביי זיך געטראכט, אז דא אין פעסט, כאטש ער האט נישט דא גאר קיין קרובים און כמעט נישט קיינע באַקאַנטע, אבער אין אזא גרויסע

וועלטס שטאט איז זייער מעגליך אז ער זאל פלוצים באגעגענען א גאליציאנער, וואס ער זאל אים דערקענען, און מער פעלט אים נישט צו זיינע צרות, אז מ׳זאל אים אנדעקן אלס שנאָרער, פאר דעם אליין קען דער שידוך אָפּגיין.

איינער א איד האט אים געגעבן א ליסטע פון א פּאָר געציילטע גבירים „נדבנים״ וועלכע ער קען באזוכן. צווישן די אדרעסן האט זיך געפונען א נאמען פון א גביר „מאָריץ גאָלדמארק״ זיין אידישער נאמען איז געווען ר׳ משה. זיין געשעפט איז געווען „עקספּאָרט־אימפּאָרט״ אין א גרויסן פארנעם. דער עיקר האנדל זיינער איז געווען מיט אויסלאנד. מ׳האט אים געשאַצט פאר גאר א גרויסן עושר. דערצו האט ער געהייסן א איד א „בר אוריין״ (וואס קען לערנען) ער האט ליב צו לערנען, ער גייט יעדן אויפדערנאכט אין חברה ש״ס צו א שיעור פון א בלאַט גמרא. נישט מער די איינע זאך וואס ער איז א „מתנגד״ אויף חסידים, ער זאגט אז חסידים לערנען נישט, זיי פּעניען אוועק די צייט מיט חסידות. געפירט האט ער א שטרענג כשר׳ע שטוב. ס׳פלעגן ביי אים עסן אורחים.

אויף דעם ר׳ משה גאלדמארק, האט דער איד וועלכער האט געגעבן די ליסטע פאר ר׳ מענדל׳ען אָנגעוויזן, אז ער איז צווישן די אלע דער גרעסטער „נותן״ א ספּענדער אויף אלע וואָלטעטיגע צוועקן, מ׳דארף נאר וויסן וויזוי מיט אים אומצוגיין, וויזוי מיט אים רעדן, ווייל ער איז — ווי אלע גרויסע פילאַנטראָפּן — א לאַנישער מענטש.

ווען ר׳ מענדל איז צו אים געקומען, צוערשט איז ער אריין אין א גרויסע זאַל וואו ס׳זענען געזעסן א פערצן פופצן אנגעשטעלטע ביי שרייב־טישן, געשריבן, געטייפּט, טעלעפאָנירט און פארשידענע ביראוי־ארבעט, ס׳האט אויסגעזען ווי א פארצווייגטע באנק געשעפט. ער האט זיך געבעטן ער וויל אריין צום בעל הבית דער הער גאָלדמארק. נאך א היבש ביסל ווארטן איז ער ענדליך אריין אין ר׳ משה גאלדמארק׳ס צימער. ר׳ משה איז געווען א איד מיט א גביר׳יש אויסזען, אָנגעטאָן בעל בתי׳ש אָרטאָדאָקסיש, מיט א שווארצן הוט און א שיין געשוירן בערדל. אין זיין צימער איז געשטאנען א שיין ציכטיג ספרים שאַפקעלע, פון וועלכן ס׳האט ארויס געקוקט א שיינער ווילנער ש״ס שפּיגל־באנד. דאס האט אויך צוגעגעבן אסאך צוטרוי צו אים, אז אזא גרויסער סוחר שטייט אין זיין קאַנצעליי א ש״ס, איז א סימן מ׳האט דא צוטאן מיט א איד וועלכער האט ליב די גמרא, א ש״ס איד. א סימן אז מ׳קען אים געטרויען אין געשעפט זאכן, ער איז נישט אבי ווער.

וואס דאַרפט איר? האט ר׳ משה געפרעגט.

איך בין געקומען צו אייך ר׳ משה — האט ר׳ מענדל אנגעהויבן זיינע רייד — וועגן די מצות „הכנסת כלה״. מיין טאכטער איז א כלה

מיט א בחור א תלמיד חכם, און איך האב נישט אויפ'ן נדן און אויף מלבושים מיט חתונה־הוצאות, איך בין אין א זייער שווערע לאגע. דערהיים אין שטעטל האלט מען מיך פאר א בעל הבית א עושר, מ'ווייסט נישט וואסערע מצב איך האלט, האב איך געמוזט אוועקפארן אין די פרעמד, וואשן זיך דאס פנים צוזאמען שטעלן דאס נויטיגסטע, נו איך האב געהערט אז איר האט ליב א מצו'ה צו טאן, איבערהויפט איר זענט מסייע מיט דעם צו א שידוך וואו דער חתן איז א גרויסער תלמיד חכם, און ער וועט אויך ווייטער זיצן און לערנען.

דאריבער בין איך געקומען אייך בעטן ר' משה — האט ר' מענדל אויסגעפירט — איר זאלט אייך באטייליגן אין די מצוה ווי ווייט מעגליך מיט א געהעריגן חלק.

האט איר עפעם דאקומענטן — האט ר' משה געפרעגט — צו באשטעטיגן אייערע רייד.

יא — האט ר' מענדל געענטפערט דרייסט — און ער האט ארויסגענומען דאס בריפל פון זיין רבי'ן, און דערלאנגט עס דעם גביר, זאגנדיג דערביי:

דאס איז פון אונזער רבי'ן דער רב אין אונזער שטעטל, מפורסם פאר א גרויסן צדיק, א חוץ זיין גאונות אין לערנען.

ר' משה האט נאר דערזען דעם פאמיליען נאמען פונ'ם רבי'ן, וועלכעס עס איז געווען באקאנט פאר א באוואוסטע רבי'שע גזע אין גאליציע, האט ער זיך אנגעצינדן מיט א כעס, און א ווארף אראפגעגעבן דאס בריפל צו דער ערד, זאגנדיג דערביי:

— א רבי'שן בריפל ברענגט איר מיר? איר ווייסט נישט אז איך בין א מתנגד אויף „חסידות"? איך האב פיינט די רבי'ם מיט די חסידים, דאס בריפל האט ביי מיר גאר קיין ווערדע נישט.

אוי, ר' משה — האט ר' מענדל געזאגט דערשראקן — וואס האט איר צו די רבי'ם מיט די חסידים, דאס איר זענט אזוי ברוגז אויף זיי? איבערהויפט אויף אונזער רבי'ן זאל זיין געזונט, ווייסט דאך א יעדער אז ער איז א צדיק א הייליגער איד.

וואס איך האב צו זיי? — האט ר' משה איבערגעחזר'ט.

ערשטנס זענען די חסידים אלע שווינדלערס, באטרוגערס, זייער ווארט איז קיין ווארט נישט, און איך גלייך נאר ווארטס־מענטשן, א זעלכע ווי איך בין. פרעגט נאר אין די שטאט וועט איר הערן אז מיין א ווארט איז הייליג, אויף דעם קען מען בויען.

צווייטנס, די רבי'ם מיט די חסידים טרעטן דעם „שולחן ערוך" מיט די פיס, ביי זיי איז גארנישט עובר צו זיין אויף אזאך וואס ס'שטייט אין שולחן ערוך. און זיי פארברענגען די טייערע צייט מיט טישן פירן, און מיט שמועסן, איך בין א שטרענגער „שולחן ערוך" מענטש,

און די צייט איז ביי מיר טייער, אז איך האב א ביסל צייט לערן איך א שטיקל גמרא, זעט דא ביי מיר אין קאַנצעליי שטייט אויך א ש״ס, איך שעם זיך גאָרנישט דערמיט, פאַרקערט איך שטאָלציר דערמיט.

חלילה וחס — האט ר׳ מענדל געזאָגט מיט א ציטער — די רבי׳ס די צדיקים זענען זיך מוסר נפש אויף א קוצו של יו״ד פונ׳ם „שולחן ערוך״. מכּל־שכּן אויף צו האַלטן וואָרט, אוודאי און אוודאי. און די גאַנצע פיר און צוואַנציג שעה פונ׳ם טאָג איז ביי זיי הייליג צו „עבודת השם יתברך״, און אין דעם דרך גייען אויך די חסידים...

געוואַלד! האט ר׳ משה איבערגעהאַקט — מיר דאַרפט איר נישט דערציילן, איך קען זיי גוט...

ברענגט מיר א בריפל פונ׳ם היגן ראַבינאַט וועל איך אייך געבן א שיינע נתינה.

ר׳ מענדל האט נישט געהאַט קיין חשק אריינצולאָזן זיך אין וויכוחים, נישט פאַר דעם איז ער דאָך געקומען אהער. ער האט צוגעזאָגט ר׳ משה׳ן משתדל זיין צו ברענגען אים א בריפל ווי ער פאַרלאַנגט, און מיט דעם איז ער זיך אַוועק.

ר׳ מענדל איז אַוועק צום פעסטער ראַבינאַט, געוויזן זיין בריפל פונ׳ם רבי׳ן פון זיין שטעטל, און געבעטן זיי אויף דעם ארויף א קורץ בריפעלע אלס „מכתב־המלצה״.

איר האט דאָך זייער א פיין בריפל פון אייער רבי׳ן דער רב אין ג... — האט מען אים דאָרט געזאָגט — מיר קענען אים פאַר א גאון און א צדיק, נו, וואָס טויג נישט דאָס...?

איר זענט גערעכט — האט ר׳ מענדל געזאָגט — דער בריפל איז מיר זייער גוט, און אומעטום האט מען דאָס שטאַרק רעספּעקטירט. נאָר דא אין פעסט איז דא דער באַוואוסטער גביר ר׳ משה גאָלדמאַרק, ער וויל דווקא אז איך זאָל אים ברענגען א בריפל דא פון אייך, אזוי נאָך — האט ער פאַרשפּראָכן — וועט ער מיר געבן א שיינע נדבה.

די זאַך איז גראָדע פאַר די פעסטער רבנים געפעלן געוואָרן.

איר דאַרפט אויף אים קיין פאַראיבל נישט האָבן — האָבן אים די רבנים פאַרטיידיגט — איר ווייסט ס׳איז היינט דא פאַרשידענע שווינדלערס מיט געפעלשעוועטע בריפן — מ׳מיינט חלילה נישט אייך — וויל ער זיך באַוואָרענען. אָבער דערפאַר האט ער דאָך אייך פאַרשפּראָכן אז ער וועט אייך גוט באַצאָלן, אזוי אז די טירחה וועט זיך אייך לוינען. און ער וועט זיכער האַלטן זיין צוזאָג, זיין וואָרט איז א וואָרט ער איז באַוואוסט פאַר א וואָרטס־מענטש.

ער איז באמת א גרויסער בעל צדקה — האט די ראַבינאַט באַשטעטיגט — ער גיט אויף אַלע זאַכן. נישט מער ער וויל א ביסל כּבוד און א ביסל „פרסום״, נו פאַרוואָס נישט? ס׳קומט זיך אים.

ר׳ מענדל האט באקומען דאס געוואונשענע בריפל, ער איז דערמיט צוריקגעגאנגען צום גביר ר׳ משה, און ר׳ משה האט אים טאקע באפרידיגט מיט א שיינע ביישטייערונג.

ר׳ משה האט גראדע געהאט א ביסל צייט, האט ער געמאכט א שטיקל שמועס מיט דעם אורח ר׳ מענדל. ר׳ מענדל האט אים צווישן אלע זיינע זאכן אנטפלעקט זיין גאנץ הארץ אנבעלאנגט דעם שידוך וואס ער האט געטאן, דאס ער האט אין גאנצן א בת יחידה, און ס׳האט זיך געמאכט א שידוך א אויסערגעוויינליכער מושלם א גרויסער עילוי, א שיינער א זינגער א.א.וו. נאר מ׳האט זיך אנגעמאסטן א נדן פון פערציג טויזנט זלאטעס, האבן זיי צווישן זיך אפגערעדט, ער מיט׳ן ווייב, אז דער אויבערשטער האט זיי געגעבן די איינציגע טאכטער, כדאי צו מאכן אלע אנשטרענגונגען אין די וועלט, צו קענען אזא תורה־ליכט ווי דער בחור איז אריינבאקומען פאר זייער טאכטער. איז אויף דעם צוועק איז ער ארומגעפארן א גאנצע יאר צייט, ביי קרובים, און ביי סתם נדיבים, ער האט מיטגעמאכט „יסורי גהינם״, אבער סוף סוף האט אים דער אויבערשטער געהאלפן דאס ער האט צונויפגעשטעלט די גאנצע סומע וואס ער באדארף.

איצט האט ער נאר איין פראבלעם — האט ר׳ מענדל אויסגעפירט — וויזוי איבערצו־וויזן דאס געלט אויף גאליציע אין זיין שטעטל ג... ווארום ס׳איז דאך באוואוסט אז פון אונגארן קען מען אויפ׳ן לעגאלן וועג נישט ארויספירן קיין געלט אריבער די גרענעץ. אויסער מיט א ספעציעלן ערלויבעניש, וועלכעס ס׳איז שווער צו קריגן, און ס׳נעמט צייט.

אפשר קען אים טאקע ר׳ משה עפעס א עצה געבן אין דעם הינזיכט? — האט ר׳ מענדל פארענדיגט זיינע רייד.

ר׳ משה גאלדמארק האט אים געענטפערט:

— זייער גערן, איר האט פונקט געטראפן דאס ריכטיגע פלאץ, איך האנדל סייווי א סאך מיט אויסלאנד, און איך האב אומעטום אביסל פרעמדע וואלוטע, איך וועל אייך צוליב טאן און ערלעדיגן אייך די זאך אויפ׳ן בעסטן אופן, ס׳וועט אייך גארנישט קאסטן.

ר׳ מענדל איז געווען ממש גליקליך צו הערן, דאס דער שווערסטער פראבלעם פון איבערוויזן דאס געלט, וואס האט אים אזוי שטארק געבאדערט, וועט ערלעדיגט ווערן דורכ׳ן ריכטיגן מענטש, א העכסטפארלעסליכער פילאנטראפ, און א אידישער איד „משלנו״ ווי מ׳זאגט.

אוי, ר׳ משה איר ווייסט גארנישט וואסערע מצו׳ה איר קויפט זיך איין ביי מיר — האט ר׳ מענדל געזאגט באגייסטערט — איך ווייס נישט וואס איך וועל אייך קענען צוריקדינען.

אָה, זעט איר — האט אים ר׳ משה שוין אריינגעהאַקט אין מיטן — דאס איז מיין באַלוינונג „די מצו׳ה" דאס זוך איך צו טאָן איבער מיין גאַנץ לעבן.

אָט, זעט איר — האט ר׳ משה ארויסגענומען א צייטונג פון א לעדל און געוויזן — דאָ שטיי איך ווי איך טייל געלט פאַר אָרימע לייט פאַר פסח אויף „קמחא דפסחא".

ר׳ משה איז דאָרט געווען פאָטאָגראַפירט ווי ער זיצט ביי זיין טישל, און ס׳שלענגלט זיך פאַר אים א רייע אָרימע לייט, און ער ציילט זיי אין די הענט באַנקנאָטן. אונטן איז געווען דער אויפשריפט אין די אונגאַרישע שפּראַכע:

— „דער באַוואוסטער פילאַנטראָפּ, הער מאָריץ גאָלדמאַרק טיילט געלט פאַר אָרימע לייט בעפאָר די פייער־טאָגע".

איך ווייז אייך דאס נישט פאַר אויפצוטאָן זיך — האט ר׳ משה באַמערקט — ווייל איך האַלט עס פאַר א מענטשליכע און אידישע פליכט צו זוכן וואָס מער מצות צו טאָן.

און ווען קען איך רעכענען אַז דאס געלט זאָל זיין אין ג...

— האט ר׳ מענדל געפּרעגט מיט הכנעה.

נאָך איידער איר וועט אָנקומען אהיים — האט ר׳ משה געענטפערט — די זאַכן ערלעדיג איך טעלעגראַפיש. וויבאַלד איר קומט אָן אין ג... וועט איר צוגיין צו די אַדרעס... צייכנט אייך אויף ביי אייך אין א ביכל, און ער וועט אייך אויסצאָלן די גאַנצע סומע.

ר׳ מענדל האט גראָדע געוואוסט פון די אַדרעס צו זאָגן, ס׳איז געווען א גרויסע מפורסם׳דיגע פאַבריק פון מאַשינען, דווקא א שוואַכער איד געווען דער בעל הבית, אבער א אנגעזעענער רעספּעקטפולער פאַבריקאַנט.

ר׳ מענדל האט אָן א ווייטערעס אויסגעציילט די גאַנצע — מיט בלוט און שוויים ערוואָרבענע — פערציג טויזינט זלאָטעס. די הענט האבן אים עפּעס געציטערט ביים ציילן, און ער האט מיט האַרצקלאַפּעניש ארויסגעשטאַמילט שטיל די צוויי ווערטער:

אפשר א צעטעלע...?

ליבער איד — האט אים ר׳ משה געזאָגט — א זעלכע זאַכן פירן זיך נישט מיט צעטעלעך... מיין וואָרט איז דאס צעטעלע, איר פאַרשטייט...? אויב איר ווילט גיב איך אייך גערן צוריק דאס גאַנצע פּעקעלע — און ער דערלאַנגט דאס פּעקעלע מיטן געלט צוריק צו ר׳ מענדל׳ען.

ניין, חלילה! — האט ר׳ מענדל געזאָגט — איך האב נישט געמיינט גאָרנישט. אַז איר זאָגט אַזוי זאָל זיין אַזוי.

ר׳ מענדל האט זיך שוין גאָרנישט געזוימט אין פעסט. דעם

אנדערן טאג האט ער זיך ארויפגעזעצט אויף די באַן און געפאָרן אויף גאליציע אהיים אין זיין שטעטל ג...

* * *

ס׳איז זיך פאַרצושטעלן ווי גרוים איז געווען די שמחה ביי ר׳ מענדל׳ען אין שטוב, ווען ער איז אָנגעקומען אהיים. אין גאנצן איז נאך געווען קוים צען טאג ביז צו די חתונה.

אין אנדערן טאג איז ר׳ מענדל צוגעגאנגען צו דעם אדרעס וואס דער גביר ר׳ משה גאלדמארק האט אים געגעבן. ער האט זיך געמאָלדן אריינצוגיין צום פריץ אליין דער פאַבריקאנט. ווען ער איז צו אים אריין האט ער אים געזאגט שטיל, אז ער האט ביי אים אפצונעמען פערציג טויזינט זלאָטעס, וואס דער הער מאָריץ גאָלדמארק פון „בודאפעסט" האט צו אים אריבערגעשיקט פאר זיינעט וועגן.

דער פאַבריקאַנט האט אים געענטפערט קורץ, אז ער וויים פון קיין זאך צו זאגן, אפשר זאל ער אריינקומען אין א פאר טאג ארום. ר׳ מענדל האט נישט פארשטאנען וואס דאס איז, ר׳ משה האט דאך אים געזאגט אז ער איז דאס מסדר טעלעגראַפיש. אין דריי טאג ארום איז ער נאכעמאל צוגעגאנגען צו דעם אדרעס, אבער דארט ווייסט מען ווייטער נישט פון קיין זאך צו זאגן. דער פאבריקאנט באמערקט אים, אז אייגענטליך וויים ער אפילו נישט ווער דער הער גאלדמארק איז, ער האט מיט א מענטש פון אזא נאמען קיינמאל נישט געהאנדלט.

ר׳ מענדל׳ען האט אנגעהויבן שווינדלען פאר די אויגן, די וועלט האט זיך געדרייט מיט אים. ער האט אפילו נישט חושד געווען דעם גביר ר׳ משה מיט קיין זאך, נו קען מען דען אזא מענטש חושד זיין? אבער דאך... וואס גייט פאָר?

אהיים קומענדיג צו זיך אין שטוב, האט ער זיך אראָפּגעזעצט און אָפּגעשריבן א בריף צום גביר אויף פעסט, און געבעטן באַלדיגע ענטפער, ער האט באמערקט אין בריף אז דאס שפעטיגונג פונ׳ם געלט איז ביי אים א יעדן טאג א לעבנספראגע.

אין מיטן רוקט זיך אונטער דער טאג פון די חתונה, מיילע אויף חתונה הוצאות איז געווען נאך פון דעם געלט וואס איז אָנגעקומען פון אמעריקא, און עפעס האט מען שוין געדארפט צולייען.

אבער דער מחותן ר׳ זלמן לייב און די מחותנת זעלדא האבן געפאָדערט, דאס ר׳ מענדל זאל דעם נדן באלייגן ווי ס׳איז געווען גערעדט.

ר׳ מענדל האט דערציילט דעם מחותן, דאס ער האט אפילו שטארק מצליח געווען מיט זיינע געשעפטן אין אונגארן, און די גאנצע געלט פונ׳ם נדן איז אים גרייט, ער האט דאס געלאזט איבערווייזן, נאר דורך א סיבה שפעטיגט עס עפעס אנצוקומען, אבער ס׳איז נאר

טעג פראַגע.

ר' זלמן לייב איז נישט געווען בארויגט, און זעלדא האט ממש געשטורעמט:

— ס'טייטש! וואס דערציילט ער מעשיות, ער מוז באַלייגן דעם נדן פאר די חופה, ווי געדעדט.

ר' מענדל איז אוועק צום רבי'ן און אוסגערעדט זיך דאס האַרץ, דערציילט אלעס געגוי מיט דעם גביר ר' משה גאָלדמארק, וואס ער האט אים אוועק געגעבן דאס געלט איבערווייזן, און דערווייל איז קיין זכר נישטאָ. אבער אין זיינע אויגן איז זיכער אז ס'איז נאר עפעס א סיבה, און ביז אַ פּאָר טאָג וועט עס דאָ זיין. ער האָט געבעטן דער רבי זאל רעדן מיט די מחותנים זיי צו בארויגן.

דער רבי האט גלאַזט רופן ר' זלמן לייב'ן, און מסביר געווען אים אז ער דאַרף רויג ווארטן א פּאָר טעג, דער נדן וועט זיכער זיין, און דערווייל זאל מען די חתונה מאכן „בשעה טובה ומוצלחת".

די חתונה איז פאָרגעקומען מיט גרויס פראַכט און שיינקייט. די גאַנצע שטאט האט דארט טייל גענומען. די שמחה איז געווען ביז גאר. א קלייניקייט אזא חתן, און דערצו ר' זלמן לייב'ס בן יחיד, ר' זלמן לייב איז געווען פון די אנגעזעענדע נגידים אין די שטאט, און ר' מענדל איז דאך אויך געווען פון די חשוב'ע בעלי בתים. די כלה'ס פרייד איז געווען אומבאַשרייבליך. דער חתן „ווֶעלוול" האט אין דעם שיינעם נייעם לבוש, א שטריימיל מיט א זיידינע בעקישע, און מיט זיין שיינעם הויעכן געשטעל מיט ברייטע פלייצעס אויסגעזען טאקע ווי א מלך, זיין צורה האט געלויכטן.

נאר ר' מענדל איז געווען א ביסל באַזאָרגט און באומרויגט. ער האט בשום אופן נישט געקענט פארשטיין וואס דא קומט פּאָר מיט דעם געלט פארשפעטיגונג. ער האט זיך אָנגעשטרענגט צו ווייזן א פריילעך פנים, ער זאל די חתונה נישט פארשטערן.

די „שבעת ימי המשתה" זענען אויך פאריבער, און דאס געלט איז נישטאָ. ר' מענדל האט שוין א טאג נישט געוואלט ווארטן לענגער. סייווי האט מען די מחותנים איינגעהאלטן מיט אייזערנע קייטן אז זיי זאלן נישט מאכן סקאַנדאַלן. ר' מענדל האט זיך געזעצט אויף די באַן, און געפארן אין אונגארן אויף פעסט.

אָנקומענדיג אין פעסט, איז ער גלייך צוגעפאָרן צום גביר ר' משה גאלדמארק אין זיין קאנצעליי. ער איז אריין אין דעם פאָדערהויז, וואו די אנגעשטעלטע זענען געזעסן און געארבעט. איינער איז צו אים צוגעקומען, געפרעגט וואס ער וויל?

ער וויל דעם בעל הבית, הער גאָלדמארק, זייער נויטיג — האט ר' מענדל געענטפערט.

וואס איז אייער נאמען? — האט אים דעם אנגעשטעלטער געפרעגט.

ר' מענדל פון ג... אין גאליציע.

ווארטס דא אביסל — האט אים דער אנגעשטעלטער געזאגט — איך וועל מעלדן דעם הער גאלדמארק אז איר זענט דא.

אין א פאר מינוט ארום קומט דער אנגעשטעלטער ארויס, און זאגט צו ר' מענדל:

— ס'טוט מיר זייער לייד, אבער דער הער גאלדמארק קען אייך איצט נישט אויפנעמען.

ר' מענדל איז אוועק מיט הארץ ווייטאג, וואס הייסט ער קען אים נישט אויפנעמען? דארט וואו מ'האט אים געזאגט וועט ס'וויל מיט אים רעדן? ס'איז נישט צו פארשטיין. נו, א ברירה האט ער?

ער איז געקומען דעם צווייטן טאג. ס'האט זיך אפגעשפילט דער זעלבער שפיל.

אז ער איז געקומען צום דריטן מאל, און מ'האט אים ווייטער נישט געוואלט צולאזן צו ר' משה, האט ר' מענדל געמאכט א לארעם און א געוואלד, אז מענטשן זענען זיך אויף דער גאס צוזאמען געלאפן, זען וואס דאס איז. ער האט זיך מיט כח ארייגעריסן אין ר' משה'ס צימער, און ער האט געפרעגט מיט ביטערע טרערן מיט א שטיקנדן געוויין:

— וואו איז מיין געלט?

וואס פארא געלט? — האט ר' משה גאלדמארק געפרעגט — ווער זענט איר?

הערנדיג די רייד איז ר' מענדל אריינגעפאלן אין א היסטעריע, ער האט געשריגן, געקוויטשעט, געוויינט, געקלאפט זיך דעם קאפ אין וואנט אריין.

הער גאלדמארק האט אריינגערופן צוויי פון זיינע אנגעשטעלטע, און געהייסן דעם איד ארויסווארפן. די צוויי האבן מקיים פסק געווען.

הער גאלדמארק האט אים באגלייט מיט די ווערטער:

א נודניק, א אויסווארף! דאס איז דער דאנק פאר די טובה וואס כ'האב אים געטאן דעם שנארער.

ר' מענדל איז אוועק צום ראבינאט, און דערציילט זיין אומגליק.

„עדות" האט איר? — איז געווען די שאלה.

ניין!

א צעטעלע האט איר?

ניין!

נו, וואזשע ווילט איר האבן ר' איד? — האט מען אים דארט געזאגט — אויף אזא אנגעזעענעם סוחר, א באוואוסטער פילאנטראפ,

א בעל צדקה וואס מ׳קען אים לאנגע יאָרן, זענט איר „מוציא שם רע״, דער גביר זאגט אז ס׳הייבט זיך נישט אָן „לא הי׳ דברים מעולם״ טאַ, ווען זאל מען גלייבן? פאר דעם רעספעקטפולן עושר בעל צדקה און בר אוריין? אדער פאר א פרעמדן אָרימאן פון א פרעמד לאנד וואס ער גייט איבער די הייזער?

ווער קען שילדערן ר׳ מענדל׳ס צעבראָכן הארץ, ווען ער האט איינגעזען אז ער איז ביטער ארייננעפאלן, און קיינער קען אים נישט העלפן. צעגריזשעט און צעבראכן, נישט טויט און נישט לעבעדיג, האט ער זיך געלאזט פאָרן צוריק אהיים.

* * *

פארנדיג אויף די באן אהיים צוריק, האט ער געהאט גענוג צייט ארייננצוטראכטן, אין דעם גרויסן בראך וואס ס׳האט אים געטראפן, מיט דעם פארשטעלטן „פילאנטראפ״ אין פעסט.

ס׳איז א גרויס „מוסר השכל״ צו וויסן דאס אויפ׳ן גאנצן לעבן — האט ער ביי זיך געטראכט — אז אזא איינער וועלכער טוט זיינע מעשים טובים״ נאר פאר כבוד און פירסום וועגן, מ׳זאל אים באשרייבן אין די בלעטער, די שטיקל צייטונג אין וועלכן ער איז פאטאגראפירט און באשריבן טראגט ער ביי זיך ארום, צו ווייזן עס פאר יעדן איינעם. דער דאזיגער איז נחשד — ווען ער קומט צום קלענסטן נסיון — צו גניבה, גזילה, אפילו צו שפיכת דמים. זיינע אלע „מעשים טובים״ זענען נישט ווערט א שמעק־טאבאק. זיינע „מצות״ זענען קיינע מצות נישט. זיין „לערנען״ איז קיין לערנען נישט. ביי אלע זאכן וואס ער טוט, דרייט זיך אים דער קאפ נאר אויף דעם, אז מענטשן זאלן זען און וויסן און מ׳זאל רעדן דערפון. אזוי ווי אונזער „בעל דבר״ דער הער גאלדמארק וועלכער האט אפילו געהאלטן פאר נויטיג ארייננצושטעלן א שיינעם ש״ס אויך אין זיין קאַנצעליי ארויין פאָרן עפנטליכקייט, מ׳זאל עס זען און מ׳זאל אים באוואונדערן, מ׳זאל וויסן אים צו געטרויען. און אז ער איז געקומען צו א שטיקל נסיון, ער האט ארייננבאקומען א גרעסערע פויתיקי אין זיינע הענט, אָן עדות און אָן א צעטעלע, וויסנדיג קלאָר אז פאר דעם איד דער נע־ונדניק, וועט קיינער נישט גלייבן, ס׳וועט פאר אים אפילו א האָן נישט קרייען. האט דער גרויסער „בעל צדקה״ באַוואוסטער „פילינטראפ״ געלייגט די האנט דערויף. אָן רחמנות, אָן חשבון, אז ער קען דעם ביטערן ארימאן דערמיט שחט׳ן, און זיין שטוב אומגליקליך מאכן. זיין פארשטיינערטע הארץ — פון די סאך צדקות זיינע — נעמט זיך נישט איבער פון א זעלכע קלייניקייטן.

און נאך א זאך — האט ביי זיך ר׳ מענדל געטראכט — אזא איינער וועלכער רעדט פון רבי׳ס מנהיגי ישראל, אמת׳ע צדיקים און חסידים, מיט אזא גרינגשעצונג און בזיון, איז זיכער אז נישט דער „קנאת השם״

צום „שולחן ערוך״ אדער צום „תורה לערנען״ ברענט אין אים — וועל־כעס איז, אגב, א פאלשער בילבול אויף די צדיקים און חסידים — נאר די שנאה צו ערליכע אידן און צו אמת׳ע אידישקייט ברענט אין אים, ווייל ער איז פארדארבן פון אינעווייניג דורך און דורך.

א קלארער באווייז פון אונזער בעל דבר, דער הער גאָלדמארק, דער גרויסעד וואָרטס מענטש, וואס אלע רבי׳ס און חסידים זענען ביי אים שווינדלערס רח״ל, צום סוף קען ער איינעם אזוי באשווינדלען און באגזל׳ען ווי דער ערגסטער אונטערוועלט מענטש.

* * *

ר׳ מענדל איז אהיים געקומען צעבראכן ווי א שאַרבן. ער האט דערציילט אין שטוב זיין אומגליק. זיין ווייב חי׳ שרה האט אים פארגעהאלטן מיט ווייכע רייד, אז ס׳זאל אים נישט צופיל ווי טאן, ער האט סיִיוּוּי געגוג עגמת נפש.

געדענקסט מענדל — האט זי געזאגט — גדענקסט ווי איך האב דיך געבעטן און געוואָרנט, אז מ׳דארף נישט קריכן העכער ווי מ׳קען און טאן א זעלכע איבערמענטשליכע זאכן וועגן א נדן. מיילע ס׳איז דאך אלעס „מן השמים״, און אז מיר האבן שוין געטאן דעם שידוך אין א מזל׳דיגע שעה, האט עס אוודאי אזוי געדארפט זיין און ס׳וועט אוודאי אלעס גוט זיין, אבער איך וויל דיר נאר זאגן, אז מ׳דארף זיך אמאל איינהערן צו א אידענע אויך. נו אוודאי ווען דאס ווייב זאגט עפעס א קעגן אידישקייט דארף מען איר נישט הערן. איך האלט נישט אז א מאן דארף זיך לאזן פירן פון א ווייב, און אָפקערן פונ׳ם ריכטיגן וועג, חלילה אפילו אזא געדאנק. אבער אז דאס ווייב זאגט אמאל א ריכטיגע זאך, מעג מען זיך צו איר אויך צו הערן. מיין טאטע עליו השלו׳ם פלעגט זאגן אז אפילו פון א גוי דארף מען זיך איינהערן א גוטע זאך. מכל־שכן פון א אייגן ווייב.

נו, איצט איז דאך שוין אלץ איינס — האט זי פארענדיגט אירע רייד — זיי דיך מחזק, ס׳איז דא א פאָטער אין הימל.

ר׳ מענדל האט געוואלט זיך מחזק זיין, ער האט אבער נישט געקענט, ער איז געווען צושוואך דערצו, ער איז געווען ממש אוים־מענטש. ווער נאך האט געוואוסט אזוי ווי ער אליין, וואס ס׳איז איבער אים דורך אין משך פון א יאָר צייט וואס ער איז געווען „נע ונד״, און געשאָפט זיך דאס געלט ממש מיט בלוט. ער איז פאַר גרוים ערגערניש תיכף קראנק געווארן, ער האט שטארק געפיבערט, און באקומען הויעכע היץ.

ווען ס׳איז אים א ביסל בעסער געווארן האט ער געלאזט רופן די מחותנים און דעם חתן, ער האט זיי דערציילט דעם גאנצן אמת פון זיינע „טלטולים״ און וואַנדערנישן איבער׳ן יאָר, ווי שווער ער האט

צונויפגעשטעלט דאס געלט, כדי צו האלטן ווארט און מסלק זיין דעם נדן, און צום סוף ווי מיאוס ער איז אריינגעפאלן מיט דעם גביר גאלדמארק אין פעסט, וועלכער האט אים געוויזן א פנים ווי א שיינער איד און א בעל צדקה, נאר אויף די רבי׳ס מיט די חסידים האט ער געהאט אויסצוזעצן אז זיי זענען שווינדלערס און האלטן נישט קיין ווארט, צום סוף האט ער אים אזוי מיאוס און גרויזאם באשווינדלט און בארויבט, צוגענומען ביי אים די גאנצע פערציג טויזינט זלאטעס.

איצט זאגט ער זיי צו — האט ר׳ מענדל אויסגעפירט — ווי ס׳וועט אים נאר בעסער ווערן, ער וועט זיך קענען שטעלן צוריק אויף די פיס, וועט ער זיך נאכאמאל לאזן אין וועג אריין, און וועט נישט אהיים קומען ביז ער וועט נישט צוזאמען שטעלן די גאנצע סומע.

ר׳ זלמן לייב׳ן האט די זאך גארנישט באַרואיגט. אבער זעלדא האט געוואלדעוועט ביז׳ן זיבעטן הימל.

ער סימולירט! ער מאכט די שטיק! — האט זי געשריגן — ער האט אונז באשווינדלט אויף׳ן מיאוס׳טן אופן.

זעלדא׳ס שטאלצקייט האט בשום אופן נישט געקענט דערטראגן אז זי איז געווארן אזוי אויסגעשפילט, און די גאנצע שטאט ווייסט אז איר זון, דער שפיגעלע פונ׳ם שטעטל, האט חתונה געהאט אן א פרוטה נדן מיט א מחותן א שנארער. ס׳האט זיך אין איר דערוועקט דער אלטער „שטן" מיט׳ן אלטן רשעות, זי האט געשריגן אויף ר׳ זלמן לייב׳ן:

— דו שלים׳מזל, דו לעמעך, דו האסט דיר אויסגעקליבן דעם שנארער פאר א מחותן, נאר דערפאר ווייל ער איז דעם רבי׳נס א חסיד, אלעס וועט אויסגיין צו דיין קאפ. מ׳האט געגומען אונזער קרוין אויפ׳ן קאפ, אונזער בן יחיד, וואס די וועלט האט אים באוואונדערט, מ׳האט אים דערנידערט, מ׳האט אים אויסגעשפילט, ער איז אריינגעפאלן צו א שנארער א שווינדלער, וועלכער קען דערציילן א זעלכע באבע־מעשיות.

דער חתן אליין האט זיך אויך געפילט ווי אויסגעשפילט, חתונה געהאט אן א פרוטה נדן, דאס האט ער זיך קיינמאל נישט געחלומ׳ט, און אז די מוטער האט נאך צוגעשיט פעך און שוועבל, האט עס אים אין גאנצן צערודערט. די הארמאניע צווישן אים און זיין יונגע ווייב רבקה איז געווען צעשטערט. דערצו איז נאך צוגעקומען, וואס ר׳ מענדל איז נישט אויפגעשטאנען פונ׳ם קראנקן בעט אזוי שנעל ווי ער האט געמיינט, דערווייל איז ער געלעגן ערנסט קראנק ל״ע. ער האט באדארפט מ׳זאל אים אפווארטן, און דאס האט נאר געקענט טאן רבקה, ווייל די מוטער חי׳ שרה האט באדארפט זיך אפגעבן מיט׳ן געשעפט אויף ווי ווייט זי האט דאס געקענט, כדי ס׳זאל זיין א שטיקל

ברויט אין שטוב. ממילא האט רבקה פארנאכלעסיגט איר אייגן פריש איינגעאָרדנט וואוינונג, זי האט נישט געקענט זיך אפגעבן מיטן קאָכן פאר'ן מאן ווי געהעריג. האט ער זיך איינגעפירט ווערוול, אז ער איז כמעט יעדן טאג אהיים געגאנגען צו די מוטער אָפּעסן א געהעריגע סעודה, כאטש איינמאל אין טאג. ממילא האט זעלדא געהאט די געלעגנהייט צו האקן אים אין קאָפּ אָן א אויפהער:

— לאָז דיך נישט! זיי נישט קיין מעקעלע! מ'האט דיך דערנידערט מיין קינד, מ'האט דיך אָפּגעשפיגן ווי א סוטה, וויי איז צו מיינע פינסטערע יאָרן אז איך האב דאס דערלעבט...

* * *

ווען ווערוול איז געקומען אין בית המדרש צום רבי'ן, האט אים דער רבי אהער גענומען אויסגערעדט און מחזק געווען:

— ס'טייטש! א יונגערמאן ווי דו וואס האט אין זיך איינגעזאַפּט אזויפיל תורה און חסידות, דארף דען פאַלן ביי זיך ווען א ביסל געלט?! חלילה צו דיר אז זאלסט מצער זיין דיין צעבראכענעם קראנקן שווער, וועלכער האט דורך אָן אונס נישט געקענט מקיים זיין די הבטחה זיינעם, ער האט נעביך דערפון גענוג ערגערניש. אלעס פירט זיך מן השמים מיט א „השגחה עליונה" מסתם דארף אזוי זיין, אז דו זאלסט נישט זיין א „נושא אשה לשם ממון" (וואס ער נעמט א ווייב וועגן געלט), דער אויבערשטער האָט גענוג געלט „לי הכסף ולי הזהב אמר ה' צבאות" (מיין איז דאָס זילבער, מיין איז דאס גאלד זאגט דער אויבערשטער) און ער גיט עס וועם ער וויל. זאלסט דיך אריין טאן דעם קאפּ אין תורה און אין עבודת השם, ווי אלס בחור, און ס'וועט דיר זיכער גאָרנישט פעלן.

זעלבסטפארשטענדליך אז די דאזיגע רייד פונ'ם רבי'ן האבן געהאלפן פאר ווערוול'ען, ער פלעגט זיך אפילו נאך אזעלכע דיבורים גוט אויסוויינען. אבער ס'איז פאריבער א פּאָר טאג, און זעלדא האָט ווייטער געהאמערט אין זיין קאפּ אריין:

— אוי מ'האט דיך גוט אהערגעשטעלט קרוינדל מיינער, דער ערגסטער שוסטער יונג טוט דאך א בעסערן שידוך, ער וועט דיר אפילו די קאָסט אויך נישט קענען געבן, ער האט דאך אליין נישט וואס צו עסן, מ'איז נישט מחויב זיך צו לאזן אזוי צו בלאָטע מאכן פון א שווינדלער א ליגנער א.א.וו.

נו אוודאי האבן די ווערטער געטאן דאס זייעריגע, און זיי האָבן ווערוול'ען ארוים געברענגט פון גלייכגעוויכט. זעלדא האט נישט גערוט זי האט אויך אונטערגעשטעלט ווערוול'ס געוועזענע חברים, וועלכע האבן שוין ממילא איבערגעלאזט די גמרא פון פריער, און זיי האבן זיך מיט אים גערייצט:

— נו, טשאַטשקעלע וואס הערט זיך, דאס געלד איז שוין אָנגעקומען...? איי איי נעביך נעביך, אזא שידוך האסטו געוועז געקענט טאָן אָן סמיכה אויף רבנות אויך, און אפילו ווען דו קענסט נישט אזוי שיין זינגען.

די ווערטער האבן בעאיינפלוסט וועלוול'ען, ווי א גיפט וואס קייט דאס פלייש פון אינעווייניג. ער האט נאכגעלאזט פון התמדת התורה, צוביסלעך צוביסלעך האט ער פארלוירן דעם גאנצן חשק פון לערנען, און אז מ'פאַלט פאלט מען, אז מ'גליטשט זיך באַרג אראפ איז שווער אין מיטן זיך אפצושטעלן.

אין שטוב ביי ר' מענדל'ען איז געווען חושך. ר' מענדל איז געלעגן צו בעט. רבקה האט אָפגעפינסטערט אירע טעג נעבן פאָטערס בעט. וועלוול פלעגט אלץ וואס ווייניגער קומען אין שטוב אריין, און ווען ער איז געווען אין שטוב איז ער ארומגעגאנגען מיט א פארכמורעט פנים. ס'האט נישט געהאלפן רבקה'ס צערטלקייט צו אים. זי האט אים געזאגט:

— וועלוול, ערגער דיך נישט איבערן מצב, זיין און לערן פלייסיג, דערווייל אויף צו עסן איז דא אין שטוב, ווערסטו זען אז דער אויבערשטער וועט העלפן, דער טאטע וועט אויפשטיין פונ'ם בעט, ער וועט דיר נאך באצאלן דעם גאנצן נדן א.א.וו. אזעלכע רייד. אבער ס'האט שוין נישט גענומען. וועלוול'ס הארץ איז שוין געווען פארמאכט. ער האט נישט געקענט מוחל זיין וואס מ'האט אים אהערגעשטעלט אזוי צו שאַנד און צו שפּאָט אין די שטאט.

* * *

דער רבי האט געלאזט רופן ר' זלמן לייב'ן און אים גוט אויסגעמוסר'ט:

— וואס מאכט איר? נארישער מענטש! איר לייגט זיך אליין צוגרונד מיט אייערע הענט, איר האט דאך שוין וועלוול'ען אָפגעעסם'ט, און זיין יונג ווייבל צוגרונד געלייגט, שטעלט זיך כאטש איצט אָפּ, אפשר קען מען נאך עפעס דערראַטעווען.

רבי, נישט איך, נישט איך — האט ר' זלמן לייב זיך געווערט — זי די אידענע מאכט אלעם אָן.

אוי נעביך נעביך, ר' זלמן לייב — האט דער רבי געקרעכצט — איר לייגט שוין ווייטער אָן אויף די אידענע, און וואו זענט איר? אז איר לאזט זיך פירן ווי א שעפס צו די שחיטה? אז ס'גייט נישט מיט גוטן, דארף מען גיין מיט בייזן! מ'לאזט זיך נישט חרוב מאכן די גאנצע שטוב. ווען איר וואָלט געגעבן א קנאַק אין טיש אריין, אזוי אז דער באַלטן זאל ציטערן:

— גענוג! איך וועל נישט פארנעמען ווייטער דיינע שטיקעס, דא

אין שטוב בין איך בעל הבית... פארשטאנען?!

וואלט זי שוין נישט אזוי ארום קאָמאנדעוועט. זיי די מרשעת'ן זענען נאר ברי'עס ווילאנג מ'לאזט זיך פון זיי, דעמאלם מאכן זיי אלעס חרוב אָן רחמנות.

און איר ר' זלמן לייב — האט דער רב פאָרגעזעצט — נישט נאר וואס איר לאזט איר קאָמאנדעווען ווי זי וויל, נאר אין הארצן ווערט איר אויך בעאיינפלוסט פון איר, און איר טראכט שוין אזוי ווי זי טראכט, נאר ס'איז אייך גרינג צו זאגן „די אידענע..."

אוי ר' זלמן לייב, וועט נאך אייך לייד טאָן פאר דעם אלעמען, און ס'וועט אייך קיינער נישט קענען העלפן — האט דער רבי פארענדיגט זיינע רייד.

דער רבי האט אויך געשיקט א שליח נאך זעלדא'ן זי זאל קומען צו גיין, אבער זעלדא האט נישט געוואלט גיין, זי האט שוין דאסמאל געענטפערט מיט חוצפה:

— כ'גיי נישט, דער רבי האט א גרויסן חלק אין מיין שאנד. דער רבי האט געהייסן מיין מאן טאן דעם שידוך מיט דעם „שנאָרער", און דער רבי האט געהייסן שטעלן די חופה, מיט דעם צוזאג אז דער גדן וועט זיין...

דער רבי האט געהייסן זאגן איר צוריק די ווערטער:

— גייט זאגט פאר די חצופה, אז זי וועט נאך וועלן קומען, אבער זי וועט נישט קענען קומען... איינמאל האב איך איר געהאט געשענקט, ווען זי איז געקומען מיך בעטן נאכ'ן חורבן פון אירע טעכטער, נאכאמאל נישט... זי וועט נישט האבן קיין מנוחה, נישט אויף דער וועלט נישט אויף יענער וועלט... רח"ל.

* * *

עס איז שוין געווארן א יאָר וואס די חתונה איז געווען, ר' מענדל איז נאך אלץ א בעט־ליגנדער קראנקער. אין מיטן איז רבקה'ן געבוירן געווארן א אינגל. רבקה האט זיך געטרייסט אז דאס וועט א ביסל מער מקרב זיין די הערצער צווישן איר און וועלוול'ען. ווארום זיי האבן שוין עפעס א גאמיינזאמעס אינטערעס, צו האָדעווען דאס קינד.

ביים ברית האט טאקע וועלוול ארויסגעוויזן גאנץ א פרייליכע און צופרידנדיגע מינע. דער רבי איז געווען דער „סנדק". מ'האט דאס קינד א נאמען געגעבן „ישראל" נאך א זיידן פונ'ם קינד. נאכ'ן ברית האט דער רבי געבענשט דאס קינד מיט די האנט אויפ'ן קאפ. ער האט געזאגט צו די מוטער:

— זאלסט וויסן אז דאס קינד ישראל'יקל איז א „נפש הקדוש", וועסט פון אים אסאך נחת זען. מיט השי"ת הילף.

דעם צווייטן טאג פונ'ם ברית איז וועלוול געווען צוריק דער

אייגענער. קאַלט און גלייכגילטיג צום שטוב. די שנאה צו זיין שווער האָט זיך אים אריינגעזעצט אין זיין האַרץ אריין, ס׳איז אים שוין געווען אוממעגליך ארויסרייסן. ער האָט זיך געפילט פרעמד אין שטוב, ווי ער וואָלט געווען צווישן שונאים. נאָך א ביסל פּאַרוויילן זיך אין שטוב איז ער אנטלאָפן ווי ווען איינער יאָגט אים.

רבקה האָט געפונען א טרייסט אין׳ם קינד ישראל׳יקל. ער איז טאַקע געווען זייער שיין בעטעמ׳ט קינד. מיט פּעך שווארצע האָר, און שווארצע קלוגע אויגן. איר גרעסטע פאַרגעניגן איז געווען צו וויגן דאָס קינד און זינגען אים דערביי שיינע לידעלעך, איבער די תורה, איבער ארץ ישראל, איבער משיח בן דוד. זי איז געווען זיכער אין׳ם רבי׳נס הבטחה, אז זי וועט נאָך פון ישראל׳יקל א סאַך נחת זען.

— ד —

וועלוול׳ס קאָפּ איז שוין נישט געשטאַנען צום לערנען, נישט אזוי ווי פריער ווען ער האָט געהאַט גרויס „חיות״ פון לערנען, ער האָט געפילט דערין אלע „טעמים״, איצט איז אים שוין דאָס לערנען געווען „לעול ולמשא״. ער האָט נישט געפונען דערין קיין אינטערעס. ער האָט זיך געזוכט זאַכן וואָס ס׳זאָל אים זיין א אלטערנאַטיווע צום לערנען. ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו יונגע חברה וואָס דאָס בית המדרש האָט זיי אויסגעשפּיגן. זיי פלעגן זיך יעדן נאַכט צונויפקומען אין א כשר׳ן רעסטאָראַנט, הערן פּלאַטעס פון גרויסע וועלטס חזנים. וועלוול איז געווען א גרויסער זינגער מיט א שיין קול, ער האָט געפונען א אינ־טערעס אין די פּלאַטעס, זיין מבינות איז געווען דיצידירענד ביי אלע, נאָך א שעה הערן פּלאַטעס האָט מען זיך אוועקגעזעצט שפּילן שאַך. וועלוול׳ען האָט דאָס אויך שטאַרק צוגעצויגן. זיין שאַרפער קאָפּ איז געווען מסוגל דערצו. ביז צוויי וואָכן איז ער געוואָרן דער גרעסטער שאַך־שפּילער אין די קאָמפּאַניע. איינמאָל צווימאָל אין וואָך האָט מען געמאַכט א „קערטעלע״ ביז קרוב צו טאָג.

זעלדא האָט געזען דעם „חורבן״, וואָס ס׳ווערט פון וועלוול׳ען. איר „גאוות״ און „חוצפה״ האָט צו איר נישט צוגעלאָזט קיינע חרטה געפילן. זי האָט אים נאָך ווייטער געהעצט און גערייצט קעגן די שטוב. ס׳וואָלט איר נישט געאַרט ווען וועלוול גיט א גט פאַר׳ן ווייב. זי האָט נישט געררוט וויאַנג זי האָט נישט וועלוול׳ען אין גאַנצן צוגרונד געלייגט.

וועלוול׳ס „ירידה״ איז שוין געגאַנגען שנעל. איינער פון זיין פאַדאָרבענע קאָמפּאַניע, האָט אים אריינגעפירט אין די רעליגיעזע־ציוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט׳ן רעיון צו „בויען ארץ ישראל״. ביי זיי האָט מען געקנעלט מיט די חברים די לערע פון „נאַציאָנאַליזם״, אז א איד מוז זיין ביידע „תורה׳דיג״ און נאַציאָנאַ־

ליסטיש", איינס אָן דעם אנדערן טויג נישט. פונקט אזוי ווי נאציאנאליטיט אָן תורה איז [redacted] פעלערהאפטיג, דאס זעלבע אויך צו זיין תורה'דיג אָן נאַציאנאליסטיש איז אויך פעלערהאפטיג (רח"ל מהאי דעתא). דארט האט זיך וועלוול'ס יצר הרע גאנץ גוט געפונען. איינמאל אין וואך איז מען זיך צונויפגעקומען אויף א פארטיי-פארזאמלונג, איבער די וואכנטליכע פראָגראַמען. מ'האט דעבאַטירט און שטודירט די רעליגיעזע ציוניסטישע אידייע, און מ'האט געזונגען העברעאישע לידער.

וועלוול האט דארט געזען אויפ'ן מזרח-וואנט הענגען צוויי גרויסע בילדער, איינס פון א רב אין א ספאָדיק, דאס צווייטע פון הערצל'ען דער גרינדער פון ציוניזם. און איבער זיי איז געווען א אויפשריפט מיט גרויסע ווערטער „והיו עיניך רואות את מוריך" (און דיינע אויגן זאלן זען דיינע לערערס).

וועלוול'ס אידישקייט איז שוין געווען זייער „פגום", אבער קאָנטראַסטן האט ער נישט געקענט פארנעמען פון דער נאטור אויס, ער האט ליב געהאט יעדע זאך ווען ס'איז אָריגינעל אָן „סתירות". האט ער געפרעגט א קשיא די אָנפירערס פונ'ם אָרטיגן פארטיי:

— ס'טייטש, ווי פאַרט זיך צוזאמען א רב אין א ספאָדיק, מיט איינעם וואס ער האט אויף זיך אליין געזאגט עדות אז ער גלייבט נישט אז ס'איז דא א ג-ט אויף דער וועלט רח"ל. לויט'ן שולחן ערוך איז ער דאך גערעכנט פונקט ווי א גוי. נאכמער פסק'נט דער רמב"ם, אז א איד וועלכער גלייבט נישט אין ג-ט רח"ל, איז ערגער ווי א גוי וועלכער גלייבט אין „יחוד השם" (אין איינציגקייט פון באשעפער).

נו, איר זאגט דאך אויך אז איר ווילט ארץ ישראל זאל זיין א לאנד „על פי התורה" — האט וועלוול אויסגעפירט זיין קשיא — טאָ ווי קענט איר אויפהענגען זיין בילד ביי אייך, דאס מיינט דאך צו ווייזן אז מ'קען זיין א „גדול בישראל" אפילו מ'איז א „כופר בעיקר" (רח"ל)? און איר שרייבט נאך אויף איבער דעם „והיו עיניך רואות את מוריך" דאס מיינט אז ער קען אפילו זיין א „מורה הוראה בישראל?!"

א צווייטע קשיא:

— וואס פאר א אָרט קען האבן „נאציאנאליזם" ביי אידן, אז מיר זעען א „גר", ער איז א געבוירענער א גוי און האט אפגעלעבט זיינע רוב יאָרן אלס טערק אדער פראנצויז, סוף האט ער זיך מגייר געווען מיט אָן אמת, איז ער א פיינער גוטער איד, די תורה באפעלט אים ליב צו האבן זעקס און דרייסיג מאל, כאטש ער איז א געבוירענער טערק אדער פראנצויז, און כאטש ער וואוינט און לעבט נאך ווייטער אין פאריז אדער אין סטאַמבול. לויט די אלגעמיינע לערע פונ'ם נאציאנליזם איז דאך דאס א אבסורד? אלא מאי, איז דאך פון דאנעט א קלאָרער באווייז, אז ביי אידן איז גאָרנישט פאראַן אזא

זאַך ווי „נאַציאָנאַליזם" ס'איז נאָר דאָ „אמונה באלוקי ישראל" מיט „קבלת עול תורה ומצות". דאָס מאַכט איינעם פאַר אַ איד, און דאָס מאַכט איינעם פאַר אַ אויס איד, ווען מ'האָט דאָס נישט (ח"ו).

נישט ווייסנדיג קיין ריכטיגן תירוץ אויף די זאַכן, האָט מען אים פאַרמאַכט דאָס מויל מיט אַזאַ ענטפער:

— יונגערמאַנטשיק, עס איז דאָ אין אונזער פאַרטיי „רבנים גדולים" וועלכע קענען נאָך אַזוי לערנען ווי דו, און אַז זיי איז ניחה אַזוי, וואָסערע זין האָבן דיינע פּרעגעכצער?

וועלוול'ען האָט אַזאַ מין ענטפער גאָרנישט באַפרידיגט. ווי געזאָגט, נישט דאָס גרויסע יראת שמים האָט אין אים געברענט, ער אַליין איז שוין געווען געניג מגושם. נאָר ער האָט ליב געהאַט קלאָרקייט. פונקט ווי פריער ביים לערנען האָט ער — מיט זיין חריפישן מוח — נישט געהאַט קיין מנוחה ווילאַנג אַ תוספות אָדער אַ שווער שטיקל גמרא איז נישט געווען קלאָר און גלאַט, דאָס זעלבע ביי אַלע זאַכן האָט ער געגליכן אַ קלאָרע שטעלונג אָן סתירות און ווידערשפּרוכן.

איינמאָל איז וועלוול פאַרביי געגאַנגען אַ געביידע אין וועלכן עס איז געווען אַ קלוב, ער האָט אַרויסגעהערט זינגען העברעאישע לידער, ער האָט זיך אינטערעסירט, וואָס דאָ איז?

האָט מען אים געענטפערט, אַז דאָ איז דער פעראיין פון'ם ציוניסטישע פאַרטיי „שומר הצעיר". עס איז אים געווען אינטערסאַנט צו זען וואָס דאָ קומט פאָר, ער איז אַריין, ער האָט זיך אינטערעסירט אויף די אידיאָלאָגיע פון'ם פאַרטיי. האָט מען אים ערקלערט אַז „שומר הצעיר" איז אַ פרייע נישט רעליגיעזע פאַרטיי, וואָס זייער אידייע איז צו בויען ארץ ישראל לויט די מאַרקסיסטישע אידיאָלאָגיע. גראָדע איז דאָס פאַר וועלוול'ען מער געפעלן געוואָרן ווי די רעליגיעזע, ס'איז מער אָרגינעל, זיי טוען נישט צערמאָניען מיט תורה און רעליגיע, זיי מישן נישט צונויף קודש מיט חול, די תורה איגנאָרירן זיי אין גאַנצן (רח"ל), זייער לאָזונג איז אַ הונדערט פּראָצענטיגער „ככל הגוים בית ישראל" (צו זיין גלייך מיט אַלע פעלקער) האָבן אַ לאַנד און אַ שפּראַכע, מער דאַרף מען נישט.

אָבער צו זיי האָט וועלוול געהאַט אַ אַנדערע קשיא:

אַז איר גלייבט נישט אין די תורה — ווי ס'שטייט עטליכע מאָל, אַז דער אויבערשטער האָט געגעבן דאָס לאַנד צו אברהם אבינו, און זיינע קינדער וועלן דאָס ירש'ענען — וואָס פאַראַ רעכט האָט איר איבערהויפּט צו פאָדערן ארץ ישראל פאַר אייך? די אַראַבער וואוינען דאָך שוין דאָרט צירקע טויזנט יאָר, מיט וואָסערע רעכט ווילט איר דאָס צונעמען ביי זיי, און מאַכן דאָרט אַ „אידיש" לאַנד? דאָס איז דאָך נאָך ערגער ווי „אימפּעריאַליזם".

וועלוול האט דארט עטליכע מאל באזוכט, ער האט געהערט דארט אסאך רעדן פון די מארקסיסטיש-קאָמאָניסטישע שיטה. צו זיין אלע גלייך „חברים״ אָן העכערע ראנגען. און אָן ראסן און רעליגיע אונטערשיידן. צו ארבעטן און לעבן אין א געמיינזאמען פאָרם, פון א בשותפות׳דיגע קאָסע און שותפות׳דיגע אינטערעסן.

וועלוול איז געווען שטארק נייגעריג צו באקענען גרינטליך די קאָמאָניסטישע אידייע. ס׳האט נישט לאנג גענומען און וועלוול האט געלאַנדעט ביי די קאָמאָניסטישע פארטיי. דאס איז אים נאך געפעלן געווארן אומבעסטן. א ריינע גוי׳אישע פארטיי. וואס טויג זיך ארומשלעפן מיט׳ן פעקעלע „אידישקייט״ אז מ׳איז ממילא א גאנצער גוי. וואס טויג זיך מאַטערן צו פארריכטן א קליין גערודפ׳ט פאָלק׳ל, אז אין דער צייט קען מען זיך עוסק׳ן — מכלומרשט — צו פארריכטן די גאנצע וועלט.

וועלוול האט אלע זייערע שיינע דערקלערונגען גענומען פאר גוט געלט, אז אזוי ווי מ׳רעדט אזוי טוט מען טאקע, און מ׳מיינט ריכטיג די אינטערעסע און דאס וואוילזיין פונ׳ם מענטשהייט. ווייל ער איז שוין אליין געווען ווייט פון אידישקייט און פונ׳ם אמת, האט ער נישט דערקענט דעם שקר און בלאָף וואס ליגט דערינען, דאריבער האט עס אים גענומען געפאנגען.

אויבצוואר דארט אין די קאמאניסטישע פארטיי זענען אויך די אידן געווען די הויפטמאכערס און די „ראש המדברים״, אבער זיי האבן נישט גערעדט אין נאָמען פון אידישן פאלק, נאר אין נאמען פון די וועלט-ברודערשאפט.

וועלוול האט זיך אריינגעטאן אינ׳ם קאָמאָניזמוס מיט׳ן גאנצן ברען. די „חיצונים״ האבן געלייגט אויף אים זייערע לאַפעס, ער איז געווען געבונדן אין זייערע הענט ווי א שעפס. און א פלא, וועלוול איז שוין געווען אויסגעטאַן פון אלעמען, אבער דעם אידישן לבוש איז ער נאך געגאנגען, דרויסן האט מען גארנישט דערקענט אויף אים. ס׳האט זיי נישט געארט די קאָמאָניסטישע „כאַווירים״. זיי האבן געהאלטן אז דאס איז גוט פאר פראָפאָגאנדע, אריינצוכאפן נאך א זעלכע העכטן. שפעטער וועט ער שוין אליין אראפווארפן פון זיך די זאכן.

רבקה האט געוואוסט פון איר בראָך, זי האט אלעס געזען און געפילט. זי האט נאָם געמאכט ביינאכט דעם קישן פון טרערן און געבעטן דעם אויבערשטן, ער זאל זיך דערבארעמען און צוריקקערן וועלוול׳ס הארץ צום גוטן.

* * *

דערווייל איז וועלוול געזונקען אלץ טיפער און טיפער. די פירער פון די לאָקאַלע פארטיי און די „אידישע יעווסעקעס״ האבן געהאלטן

א באַראַטונג איבער וועלוול'ען, זענען געקומען צו דעם אויספיר, אַז דאָס בעסטע וועט זיין ווען מ'וועט אַזאַ „כלי" מיט אַזאַ גוטן גמרא קאָפּ אוועקשיקן אויף „מאָסקווע", דאָרט קען ער אויסוואַקסן איינער פון די גרויסע לייט אין די רוסישע קאָמאָניסטישע מוטער פּאַרטיי.

איינמאָל פאַרנאַכט רבקה איז נאָך געווען ביים פאָטער אין שטוב אים צו באַדינען, וועלוול איז אַהיימגעקומען פריער ווי א אַנדערסמאָל, ער האָט זיך צוזאַמען געפּאַקט שנעל זיינע זאַכן, ישראלי'קל איז געשלאָפן אינ'ם וויגל, אינסטיקטיוו האָט ער זיך צו אים צוגעבויגן און געגעבן א קוש, און ער איז שנעל פאַרשוואונדן פון שטוב.

א פּאָר טאָג האָט מען ניט געוואוסט אין ג... וואו וועלוול איז אַהין געקומען, ווי די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען, ביז ענדליך אין א וואָך ארום האָט זיך פאַרשפּרייט א שמועה — וועלכעס האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר ריכטיג — אַז וועלוול איז אָנגעקומען אויף מאָסקווע.

דאָס רוב אינ'ם שטעטל האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וואָס ס'קומט פאָר מיט וועלוול'ען, אַסאַך האָבן געוואוסט אַז עפּעס איז דאָרט געווען דיפערענצן מיט'ן שווער זיינעם וועלכער האָט ניט מסלק געווען דעם נדן, און דער חתן מיט די מחותנים ברוגז'ן זיך, אָבער אויף אַזוי ווייט האָבן נאָר יחידים געוואוסט. דעריבער די שמועה אַז וועלוול האָט זיך אַנגעשלאָסן אין די קאָמאָניסטן און איז אוועק אויף מאָסקווע, האָט געטראָפן דאָס גאַנצע שטעטל ווי א דונער אין העלן טאָג. מ'האָט געדענקט וועלוול'ען אַלס וואונדער קינד מיט זיינע אויסערגעוויינליכע כשרונות צום לערנען און צו זינגען, אין שפּעטער דאָס שפּיגעלע פונ'ם רב'ס ישיבה, און יעדער האָט מקנא געווען ר' מענדל'ען דעם ווין־סוחר וואָס ער האָט אַריינבאַקומען אַזאַ חתן פאַר זיין געראָטענע בת יחידה רבקה.

און איצט אַזאַ קראַך...!

פון די משפּחה פון ביידע צדדים איז דאָך אָפּגערעדט אַז זיי זענען ארומגעגאַנגען ווי „נשרפים" (אָפּגעברענטע) און ווי „אבלים" רח"ל. רבקה האָט געמיינט אַז זי קומט אום פאַר צער. ביז אַהער האָט זי אויך קיינע תענוגים געהאַט פון אים, אָבער זי האָט אַלץ געהאָפט אַז ס'איז נאָר א דורכגענגליכע זאַך ביי וועלוול'ען, סוף סוף וועט ער זיך באַרואיגן און דאָס האַרץ וועט זיך אים צוריקדרייען צו גוטן. אָבער איצט אַז ער איז אוועק אויף מאָסקאווע אַלס קאָמאָניסט, פון דאָרט צוריקקומען איז דאָך באַלד אַזוי ווי צוריקקומען פונ'ם קבר. הייסט עס, אַז זי איז געבליבן א לעבעדיגע אַלמנה אויף אייביג רח"ל, און ישראלי'קל איז געבליבן אָן א טאַטן, וועד ס'זאָל אים מגדל זיין. רבקה האָט פון קיינעם קיין טרייסט ניט אָנגענומען, איר צער איז געווען זייער גרויס.

וועלוול'ס פאטער ר' זלמן לייב, איז געווען צעבראכן ווי א שאַרבן, אויף אזא זאך האט ער זיך נישט גערעכנט, אז ס'זאל אים אזוי פאסירן מיט זיין בן יחיד.

זעלדא די „מרשעת" האט געיאָמערט און געוואָיוועט ווי א שאַקאַל. די גאנצע צייט וואס זי האט אים געהעצט און גערייצט קעגן זיין ווייב, און א קעגן זיין שווער, אָן שום חשבון און אָן שום אחריות, נאר פאר שטאָלצקייט און רשעות, און מ'האט איר געוואָרנט אז זי שפילט זיך מיט פייער, זי מאכט אומגליקליך עטליכע נפשות, האט זי זיך אויסגעלאַכט. אז דער רבי האט איר געלאזט רופן, האט זי געענטפערט מיט חוצפה, אז זי גייט נישט... איצט אז זי האט געגעסן די פרוכט פון איר ארבעט, האט זי אזוינס פארפירט, אז די שטאט איז אויף געווען מיט איר.

אין א פאר טאג ארום איז זי קראנק געווארן מיט גרויסע יסורים. די דאקטורים האבן באהויפטעט אז זי האט רח"ל א קענסער אין די געדערם. קראנקערהייט האט זי געוואלט לויפן צום רבי'ן. דער רבי האט איר בשום אופן נישט געוואלט צולאזן צו זיך. דער רבי האט איר באפוילן די ווערטער:

— זאגט פאר די מרשעת, אז דאס איז נאר דער אָנהויב, וואס ס'וואַרט אויף איר אויף יענער וועלט, איז גענוג פאר צען רשעים. וואס האט זי געמיינט אז ס'איז הפקר א וועלט...?

ר' זלמן לייב האט זיך אָפּגעגעבן מיט די חולנית און איז ארומגעלאָפן נאך דאקטורים. דאס געשעפט איז געווארן פארנאכלעסיגט. אויסערדעם האט ער באקומען א שטארקן קאָנקארענט, די אנדערע טיר נעבן אים האט זיך געעפנט א גרויס נאָבל געשעפט פון ספרים און „תשמישי קדושה". די ביידע זאכן האבן צוגעברענגט אז ר' זלמן לייב'ס געשעפט איז אין א קורצע צייט אין גאנצן רואַנירט געווארן.

* * *

רבקה האט נישט געוואוסט וואס זי זאל טאן מיט זיך פאר גרויס צער, זי איז געבליבן אליין מיט א פיצל קינד. זי האט גענומען דאס קינד אויף איר אָרעם און זי איז אוועק צום רבי'ן, זי איז אריין אין רבינ'ס צימער, און זי האט דארט ארויסגעלאזט אזא געיאָמער, אז הימל און ערד האבן מיט איר מיטגעוויינט:

— רבי, וואס בין איך אזוי זינדיג...? אזוי יונגערהייט דארף איך שוין אזויפיל צרותליידן?! השי"ת זאל מיר געבן כח אריבערצוטראגן...

דער רבי האט מיטגעוויינט, און די אלע וועלכע זענען געווען אין שטוב.

מיין טייער קינד — האט זיך דער רבי געווענדעט צו רבקה

איר צו טרייסטן — שטאַרק זיך, ביזט א מאמע פון א קינד וואס האָט אין זיך א הייליג נפש, איך חזר דיך איבער וואס כ׳האָב דיר געזאָגט ביים ברית, אז דו וועסט נאָך אסאך נחת זען ביי דעם קינד, שטאַרק זיך, דו האָסט אויף דיר א הייליגע אויפגאַבע ביים לעבן, צו ערציען דאס קינד ישראלי׳קל, ער זאל אויפוואַקסן דעם איבערשטנ׳ס א טרייער זעלנער, דאס דאַרף דיר געבן כח צו דערהאלטן זיך.

הייליגער רבי — האָט רבקה געזאָגט — האָט איר פאַר מיר עפעס א עצה, אז איך זאל נישט פאַרבלייבן אויף אייביג א פאַרפינסטערטע ענוגה? וועל איך נאָך מיין וועלוול׳ען אמאל צוריק האָבן ביי מיר?

יאָ איך האָב א עצה — האָט דער רבי געזאָגט — אויב דו וועסט מיך פאָלגן.

וואס פאַר א פראַגע? האָט רבקה געזאָגט — אוודאי וועל איך פאָלגן, איך זאל עס נאָר קענען אויספירן.

ס׳איז נישט קיין שווערע זאַך — האָט דער רבי געזאָגט — זאָלסט א יעדן טאָג וויינען פאַרן איבערשטן מיט טרערן, זאָגנדיג די ווערטער „רבונו של עולם גיב מיר צוריק מיין וועלוול׳ען גאַנץ מיט׳ן נפש און מיט׳ן גוף” בין איך דיר מבטיח אויף זיכער בעזה”י אז די „טרערן” וועלן אים צוריקברענגען.

וואס טרערן פאַר׳ן איבערשטן קענען אויפטאָן, קען קיין זאַך נישט אויפטאָן — האָט דער רבי פאַרענדיגט זיינע רייד.

הייליגער רבי — האָט רבקה געענטפערט — איך זאָג צו מיט׳ן גאַנצן האַרץ דאס מקיים זיין. און איך הייב שוין אָן.

רבקה האָט אנגעהויבן צו זאָגן ביים רבי׳ן אין שטוב מיט זודיגע טרערן די ווערטער:

— רבונו של עולם גיב מיר צוריק מיין וועלוול׳ען גאַנץ מיט׳ן נפש און מיט׳ן גוף. רבונו של עולם גיב מיר צוריק מיין וועלוול׳ען גאַנץ מיט׳ן נפש און מיט׳ן גוף, א.א.וו.

זי האָט אזוי געזאָגט מיט טרערן צירקע צען מינוט צייט. ביי די צען מינוט האָט איר דער רבי מפסיק געווען:

— גענוג! מיין קינד, איצט זיי דיך מחזק, השי”ת וועט העלפן.

## — ה —

ווען וועלוול איז אָנגעקומען אויף מאָסקווע, האָט אויף אים געוואַרט א פריינטליכער „קבלת פנים” פון פאַרטיי חברים, וועלכע האָבן שוין געוואוסט פון זיין אנקומען. פון ג... האָט מען געהאַט פאַרשטענדיגט אין פאָרויס, אז ס׳קומט אהין אָן א נייער „חבר” וועלכער קען אמאל שטאַרק צונוץ קומען, מיט זיינע זעלטענע פעאיגקייטן. וועלוול איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין א שיינעם לוקסוס האָטעל

מיט אלע באקוועמליכקייטן. וואו ס'האבן געוואוינט אויך אסאך אנדערע „כאַווירים״ פון די פראָווינץ. ס'האט אים דארט נישט געפעלט פון פויגל-מילך מיט אלע סאָרט אונטערהאלטונגען.

גאנץ שנעל איז מען ארויפגעקומען אויף זיינע זעלטענע „כשרונות״ מיט זיין שאַרפזיניגקייט. ער איז אריינגעגעבן געווארן אין א שול פון „פוליטבירוי״, אָנאייגענען זיך די לערע פון שפּיאָנאַזש און רעוואלוציאָנערע טעטיגקייטן. ער האט זיך געגרובלט פלייסיג אין די ביכער צו באקענען גרינטליך די מארקסיסטיש-לעניניסטישע לערע. יעדן אויפדערנאכט איז ער דערביי געווען ביי פארטיי-פארזאמלונגען, אויף וועלכן — ס'האט געהייסן — קומען פאָר אידיאלאגישע וויכוחים מיט פולע פרייהייט פונ'ם וואָרט, אבער למעשה האט מען געדארפט זיצן און הערן וואס די פארטיי פירער און קאָמיסאַרן זאגן, אָן צו לאזן הערן א אייגענע מיינונג.

אין א קורצע-צייט האט זיך וועלוול איבערצייגט אז די „אידילאָגיע״ מיט די „ווירקליכקייט״ זענען צוויי קעגנגעזעצטע זאכן. ער האט געזען דאס פארשווענדערישע לעבן פון אלע פירערס און וואָרטזאָגער פונ'ם גרעסטן ביז'ן קלענסטן, אויפ'ן חשבון פונ'ם אָרימען געדרוקטן פאלק. ער האט זיך דערוואוסט מען ליקווידירט טאג טעגליך טויזנטער אומשולדיגע מענטשן ווייל זיי שטימען נישט איין אין גאנצן מיט די פארטיי.

ביי די פארזאמלונגען האט וועלוול קריטיקירט די אויפפירונג פון די וואָרטזאגער און קאָמיסאַרן, אז ס'שטימט נישט איין מיט די מארקסיסטיש-לעניניסטישע לערע ווי ס'איז באַשריבן אין די ביכער.

אידישע „כאַווירים״ זיינע האבן אים געוואָרנט ער זאל האלטן דאס מויל, דא איז נישט קיין „בית המדרש״ (להבדיל) וואס מ'קען זיך פלפול'ען. ער זאל אלעס הערן און זען און שווייגן. ווען נישט קען ער טייער באצאָלן. אבער וועלוול האט זיך אָנגעצינדן מיט א אייפער:

— ס'טייטש? ער זאל האלטן דאס מויל? ס'איז דאך „דעמאָקראַטיע״ מיט'ן פרייהייט דאס ווארט און געדאנקען?!

וועלוול איז געווען פארעקשנ'ט מיט'ן זייניגן, ער האט אריינגערעדט און איבערגהאַקט רעדעס און פאָרטראַגן, געפירט וויכוחים, געטענה'ט אז רעדן רעדט מען אנדערש און טאן טוט מען אנדערש.

* * *

איינמאל אין מיט'ן נאכט, וועקן אים אויף פון שלאָף דריי חברה'לייט, ריזן מענטשן, הויעכע ברייטע מיט פארהאַרטעוועטע פנים'ער, וועלכע וועלוול האט נאך ביז איצט קיינמאל נישט געזען, זיי בעטן אים אָנטאָן זיך, זיי האבן מיט אים צורעדן, זיי פירן אים אריין אונטן אין הויז אין א איינזאם צימערל. פארשליסן די טיר. אָן א וואָרט

הקדמה אדער באמערקונג הייבן זיי אָן ארײנצוהאַקן אים קלעפּ ווי האָגל, מיט א קאַנטשיק, מיט די הענט, איבער׳ן קאָפּ איבער די פּלייצע ווי ס׳איז געגאַנגען, וועלוול שרייט ליאַרעמט, אבער זיי זענען טויב, זיי הערן נישט, זיי טוען דאס זייעריגע. זיי האָבן אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער. וועלוול איז געלעגן אויף דער ערד צעקלאַפּט און צעביילט. ביים אַוועקגיין האט איינער פון די דריי געזאָגט די פאָלגנדע ווערטער:

— נו, „כאַווער״ איך מיין אז איצט וועסטו שוין בעסער פארשטיין די מאַרקסיסטישע לערע, און אפשר וועט דיר נאָך עפּעס קשה זיין, וועלן מיר גערן שטיין דיר צודינסט, אויך א צווייטע מאל.

וועלוול האט זיך שווער און ביטער אויפגעהויבן פון דער ערד, ער האט זיך ארויפגעדראַפּעט צוריק צו זיך אין צימער, אַוועקגעלייגט זיך אויף זיין געלעגער, און איז אַוועקגעליגן אזוי ביז פארנאַכט, אויסגערוט זיך אביסל די צעהאַקטע ביינער.

ביינאַכט איז וועלוול געקומען אינ׳ם פּארטיי־לאָקאַל, און געמאַכט א שאַרפע קלאַגע אויף דעם וואס ס׳האט מיט אים די נאַכט פּאַסירט. דאָרט האט מען אים געענטפערט, אז ס׳קען נישט זיין אזא זאַך, ער האט אוודאי געהאַט א שלעכטן חלום, אדער אפשר חוליגאַנעס האבן זיך צו אים ארײנגעכאַפּט — קעגנער פונ׳ם קאָמאָניסטישן רעזשים — און זיי האבן אים געשלאָגן, מ׳האט אים פארשפּראָכן אויסצופאָרשן די זאַך.

וועלוול האט זיך גאָרנישט איינגעבראָכן פון די מעשה וואס איז איבער אים דורך. ער האט געהאַלטן אז דאס איז א ארבעט פון א כאַפּטע נידער־ראַנגיגע פּארטיי אנגעשטעלטע, וועלכע ווילן אויסנוצן די פּארטיי פאר זייער אייגענעם וואוילזיין, און גראָבן אונטער דאס ערליכע ריינע גערעכטיגקייט פון די קאָמאָניסטישע אידייע. פארקערט, וועלוול האט זיך גענומען נאָך מיט אסאַך גרעסערן אייפער צו קאָמאָנדעווען, ער האט זיך געאייסערט, אז ער וועט נאָך באַווייזן אויסצורוימען די שלעכטע קערנדלעך וואס האבן זיך ארײנגעכאַפּט אינ׳ם קאָמאָניסטישן גאָרטן, און טוען אָן סאַבאָטאַזש ארבעט מיט זייערע דרכים. ער האט אליין געהאַלטן רעדעס צי דערקלערן דעם עולם די ריכטיגע קאָמאָניסטישע שיטה, וועלכעס איז געבויעט — מכלומרשט — אויפ׳ן העכסטן שטאַפּל פונ׳ם „צדק״ און „יושר״. מ׳האט אים געוואָרנט פון אלע זייטן גוטע פריינט באַקאַנטע, אז ער לאָזט זיך אריין אין א געפערליכע אַוואַנטורע, פאר וועלכן ער וועט טייער באַצאָלן. ער זאָל נישט זיין פויפּסט׳עדיגער פונ׳ם פויפּסט אליין, ער זאָל נישט וועלן זיין א בעסערער קאָמאָניסט ווי אלע אלטע קאָמאָניסטישע „כאַווײרים״.

איינער א אלטער „כאַווער״ פון די פּארטיי האט אים פארשטיין געגעבן, אז אמת די קאָמאָניסטישע אידייע איז געבויעט אויף הויעכע רעכטע אידיאַלן, אבער דאס א דורכצופירן אין די וועלט און ארויפצווינגען

אויף דעם די מענטשהייט, צו דעם זענען אלע מיטלען כשר, שקר, גניבה, רציחה, א.א.וו. פארקערט די אלע זאכן זענען דער גרעסטער פאַטריאָטיזם, ווען מ'טוט דאס מיט א ערליכע כוונה, פון מאכן געוועלטיגן די קאָמאָניסטישע שיטה אין דער וועלט.

וועלוול'ס קאפ האט דאס נישט באנומען, ער האט אלעמאל געזוכט קלאָרקייט, אויסגעהאלטנקייט, ער האט נאך אלץ געמיינט, אז אזוי ווי ביי די תורה און אין אלגעמיין ביי אידישקייט (להבדיל א"א הבדלות) פלעגט ער אלץ זוכן — אין טאקע געפונען — א קלאָרקייט, אזוי ווי ס'שטייט „מצות ה' ברא מאירת עינים" (די מצות ה' זענען קלאָר און לויטער עס פארלייכט די אויגן). אזוי אויך ביי אלע „אידייען" פון דער וועלט דארף זיין א קלאָרע שיטה, אויסגעהאלטן, און אזוי ווי מ'זאגט אזוי טוט מען. ער האט נישט באנומען, אז — א חוץ דער דרך התורה — זענען אלע „אידייען" און „שיטות" אין דער וועלט געבויעט אויף שקר און „צביעות", צו דעקן זיך די אייגענע אינטערעסן, יענעם אויסנאַרן א.א.וו. און דאס וואס ס'ווערן ארייגעכאפט איינצלנע מענטשן וועלכע מיינען עווענטועל ערנסט, דאס ענדערט נישט די פאַקטן. דאריבער האט ער געבונטעוועט קעגן די פאַלשקייטן. די אויבנדערמאנטע ערקלערונג פון דעם אלטן „כאווער" האט אים גארנישט גענומען.

ס'טייטש! דאס הייסט דעמאָקראַטיע? דאס הייסט פרייהייט פאַר'ן מענטשהייט? מ'וויל דעם צווייטן צווינגען מיט אלע פאלשע סאדיסטישע מיטלען אז ער זאל אים גלייכן און ליב האבן? דאס אלעס דארף דאך גיין מיט איבערצייגונג און ערקלערונג, אויפצו־ווייזן די גערעכטיגקייט און ערהויבנקייט פון די שיטה, ביז דער צווייטער וועט דאס אויך פארשטיין. אלא מאי, פוילט דא עפעס פון אינעווייניג, און די כוונה איז איבערהויפט נישט קיין ריינע.

וועלוול האט ביי יעדע אסיפה קריטיקירט און ארויסגעברענגט זיין געדאנקען גאנג.

ביז מ'האט איינגעזען אז מ'וועט פון דעם נודניק נישט פטור ווערן, מ'מוז אננעמען א קעגן אים מער ארגינעלע מיטלען.

* * *

אין מיט'ן נאכט זענען נאכאמאל געקומען צו וועלוול'ען אין האָטעל דאסמאל פינף מענטשן, זיי האבן אים אויפגעוועקט, געהייסן אָנטאן זיך. וועלוול האט נישט געוואָלט, ער האט דאך שוין געוואוסט מיט וואס דאס שמעקט. זיי האבן אים פארזיכערט אז זיי שלאגן אים נישט, זיי ווילן נאר ער זאל מיט זיי מיטגיין, ער דארף זיך שטעלן פאר'ן געריכט.

וואס הייסט פאר'ן געריכט? האט וועלוול געטענה'ט — וואס האב איך חוטא געווען? און קעגן וועם? און וואס עפעס אין מיט'ן

נאכט?

די אלע זאכן וועסטו שוין פרעגן דאָרטן — האבן זיי אים געזאגט — אבער דערווייל דארפסטו גיין.

וועלוול האט פארשטאנען אז זיין קעגנשטעלן זיך האט קיין זין נישט, זיי קענען דאך אים נעמען אפילו מיט געוואלד, האט ער זיך אָנגעטאָן און איז ארוים מיט זיי אין די גאס, דארט האט געוואַרט א שווארצע פארמאכטע אויטא, זיי האבן זיך מיט אים ארייגעזעצט און געפאָרן. נאך א קנאפע שעה פאָרן, זענען זיי אָנגעקומען צו א גרויסע שטיינערנע געביידע, דארט האבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, און געהייסן וועלוול'ען גיין מיט זיי. זיי זענען אריין מיט אים אין א גרויסע זאַל, וואס ס'האט אויסגעזען ווי א געריכטס־זאַל, דארט זענען געזעסן פון אויבן דריי ריכטערס, אָנגעטאָן אין שווארצע מאַנטלען.

דער משפט האט זיך אָנגעהויבן, דער פראָקאָראר האט פארגעלייענט א באשולדיגונגס־אַקט, אז וולאַדימיר (אזוי האט מען דארט גערופן וועלוול'ען) ווערט באשולדיגט אין פאַרראַט, ער מיט נאך אנדערע צוזאמען האבן געפלאַנעוועט א אויפשטאַנד קעגן דעם איצטיגן רעזשים אין רוסלאנד, מ'האט זיי נאך בייצייטנס געכאפט. ס'איז דא אויף אלעמען עדות לרוב, צוויי פון זיי זענען איצט דא ערשינען צו זאגן עדות, אז מ'וועט דארפן — די ריכטער וועלן פאָדערן — קען מען צושטעלן נאך עדות. דער פראָקאָראר האט געשילדערט וואסערע שענדליכע טאַט וולאדימיר האט באגאנגען, דאס איז דער דאַנק פאר דעם „הכנסת אורחים" וואס מ'האט מיט אים געטאן, ארייגענומען אין פארטיי, איינגעאָרדנט אויפ'ן בעסטן און שענסטן אופן. סוף האט ער אויסגעפירט, אז ער האָפט דאס די הויכגעערטע ריכטער וועלן אים צופסק'ענען זיין פארדינטע שטראָף.

דער פראָקאָראר האט אראפגעשטעלט דעם באשולדיגונגס־אקט פאר וועלוול'ען, און די ריכטער האבן אים געבעטן, ער זאל דאס אונטערשרייבן. סיידוי שטייען דא גרייט די עדות. פארוואס אומזיסט פטר'ן די צייט?!

וועלוול איז געווארן אזוי שאָקירט פון די מעשה, אז ער האט נישט געוואוסט אויף וועלכע וועלט ער איז.

סטייטש! וויאזוי זאל איך דאס אונטערשרייבן — האט וועלוול געשריגן — ווען ס'איז הוילע שקרים?

אנטשולדיגט פאַניע וולאדימיר — האבן די ריכטער געזאגט אויף א איידילע שפראכע — מיר קענען נישט דא אומזיסט באלמוטשן, מיר גייען ארוים אויף א האַלבע שעה, ביז דעמאלס וועט איר זיך מיישב זיין...

ווי די ריכטער זענען ארוים, האט מען גענומען וועלוול'ען און

אריינגעפירט אין א זייטיק פינסטערן צימערל.

דארט האבן אים דריי פון די פינף וועלכע האבן אים געברענגט — גענומען אריינהאַקן מורא׳דיגע קלעפּ. וועלוול האט געשריגן, געליאַרעמט, אבער ס׳איז געפאַלן אויף טויבע אויערן.

נאך א שטיק צייט אזוי אריינהאַקן אים, האט אים איינער געזאגט:

— נו פאַניע וולאדימיר, איר וועט שוין אוודאי בעסער ווערן, איר וועט פאָלגן וואס מ׳הייסט אייך...

מ׳האט אים אָנגענומען ביים אָרעם און צוריק אריינגעטראגן אינ׳ם געריכטס-זאַל.

די ריכטער זענען צוריק אריינגעקומען, אוועקגעזעצט זיך אויפ׳ן אָרט.

נו פאַניע וולאדימיר — האט דער פארזיצער געזאגט — איר האט זיך שוין זיכער מיישב געווען... איר וועט אונטערשרייבן.

וועלוול האט אנגעהויבן צו שרייען און געוואלדעווען קעגן דעם פארברעכן וואס מ׳טוט מיט אים. וואס דארפט איר אין גאנצן די צערמאָניעס — האט ער געשריגן — איך בין סייווי אין אייערע הענט, שיסט מיך אראפּ און געפּטר׳ט. אונטערשרייבן וועל איך נישט אזעלעכע שקרים!

מ׳צווינגט אייך קיינער נישט — האבן די ריכטער געזאגט — רוסלאנד איז א דעמאקראטיש לאנד... און שיסן שיסט מען נישט א מענטש אָן א משפט. דאס טוט מען נאר אין די בורזשואזע קאפּעטאליסטישע לענדער. אבער מיר מיינען אז ס׳איז צוועקלאָז אייער ווייגערן זיך, ווען דא שטייען א קעגן אייך מענטשן וועלכע זענען בערייט זאגן עדות א קעגן אייך מיט א „שבועה", זיי וויסן איבערצוגעבן אלע איינצלהייטן פּינקטליך.

נו, מיר גיבן אייך נאך א האלבע שעה צייט — האבן די ריכטער אויסגעפירט — צו באַזינען זיך וואס איר האט צו טאָן...

די ריכטער זענען נאכאמאל ארויס אין א זייטיגע שטיבל.

מ׳האט וועלוול׳ען א נעם געטאן אונטערן אָרעם, און מיט געוואלד ארויסגעטראגן צוריק אין דעם פרירדיגן שטיבל.

ס׳האט זיך אנגעהויבן א סעריע פון מורא׳דיגע פייניגונגען.

מ׳האט אים געברענט די נעגל, מיט שרעקליכע יסורים.

וועלוול האט געשריגן: — ניין! ניין! ניין! איך שרייב נישט אונטער.

מ׳האט וועלוול׳ען אויסגעטאן די שיך און א שטופּ אריין געטאן אין א קליינעם צימער, וואו ס׳זענען געשטאנען ארום אייזערנע טשוועקעס פונ׳ם ערדסבוידעם, מ׳האט נישט געקענט אראפּטרעטן אדער געבן א

שפּאַן נאָר אין די טשוועקעס אַריין, מ׳האָט אויף אים פֿערקלאַפּט די טיר פֿון דרויסן. וועלוול האָט געשריגן היסטערישע קולות אַז ס׳האָט געריסן די געהירן. ער האָט געטאַנצט, איין פֿוס אַראָפּ איין פֿוס אַרויף. דאָס בלוט האָט זיך אים געגאָסן פֿון די פּדעשוועס.

שיסט מיך אַראָפּ! — האָט ער געשריגן אַרוים — טוט מיר אַ טובה שיסט מיך אַראָפּ!

מ׳האָט געעפֿנט די טיר, און אַרויסגענומען פֿון דאָרט וועלוול׳ען.

נו וולאַדימיר, איר וועט פֿאָלגן...?

ניין! ניין! ניין! איך וועל נישט אונטערשרייבן — האָט ער געשריגן — איך וויל שטאַרבן. דערבאַרעמט אייך, איך וויל שטאַרבן!

וואָס עפּעס שטאַרבן? — האָט מען אים געענטפֿערט ציניש — איר זענט נאָך אַ יונגער מענטש. איר וועט נאָך צונויץ קומען. אָבער דערווייל דאַרפֿט איר אונטער שרייבן.

ניין! ניין! כ׳שרייב נישט אונטער. איך וויל שטאַרבן — האָט ער ווייטער געשריגן.

מ׳האָט גענומען אַ לעקטער דראָט צוגעטשעפּעט צו וועלוול׳ס קאָפּ, און אַריינגעלאָזט אַ שטראָם.

וועלוול האָט געמיינט אַז ער קומט שוין אום, אָדער ער ווערט משוגע. ער האָט עפּעס אַ מינוט אַנדערהאַלבן אויס געהאַלטן, ווייטער איז אים שוין געווען אומעגליך צו פֿאַרטראָגן.

שוין! שוין! שוין! — האָט ער געשריגן — שוין גענוג! איך שרייב אונטער...

מ׳האָט אַוועקגענומען די לעקטער דראָט. איינער האָט אים געמוסר׳ט:

— וואָס האָט איר געדאַרפֿט די אַלע צרות, איר האָט דאָך געקענט האָבן שכל אין דער ערשטער מינוט. איר האָט אַליין געדאַרפֿט פֿאַרשטיין אַז איר וועט מוזן אונטערשרייבן.

מ׳האָט וועלוול׳ען צוריק אַריינגעפֿירט, צעקאַלעטשעט און צעביילט, קוים קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פֿיס.

די ריכטער האָבן שוין געוואַרט אויף אים.

נו פּאַניע וולאַדימיר — האָבן אים די ריכטער געפֿערגט — וואָס איז אייער באַשלוס? איר שרייבט אונטער...?

וועלוול האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר ער האָט גענומען דעם בויגן און אונטערגעשריבן.

דער פּראָקוראָר האָט זיך אויפֿגעשטעלט און איבערגעחזר׳ט די באַשולדיגונג, און צוגעגעבן, אַזוי ווי דער באַשולדיגטער האָט שוין אַליין מודה געווען, בלייבט נאָר איבער פֿאַר די געערטע ריכטער אַרויסברענגען דעם אורטייל.

לכאורה — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט — וואָלט ער פאַרלאַנגט פאַר אַזאַ פאַרברעכן טויט-שטראָף, נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך אַליין מודה געווען, באַגנוגט ער זיך צו פאַרלאַנגען פאַר אים לעבנסלענגליכע שווערע תפיסה אין סיביר.

די ריכטער האָבן ווייטער געבעטן צייט אויף אַ ווײַלע, זיך צו באַראָטן אין דער זאַך.

זיי זענען צוריק אַרויס אין דעם זייטיק צימערל, און אין פופצן מינוט זענען זיי צוריק אַרײַנגעקומען. אַוועקגעזעצט זיך אויף זייער אָרט.

דער פאָרזיצער האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען לייענען דעם אורטייל, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען, אַז אין דער אמת'ן וואָלטן זיי געדאַרפט אַ קעגנקומען דעם פאַרלאַנג פון'ם פּראָקוראָר, צו פאַר-אורטיילן פאַר אַזאַ פאַרברעכן אויף לעבנסלענגליכע תפיסה. נאָר גענומען באַטראַכט אַז דער באַשולדיגטער איז נאָך אַ יונגער מענטש, מיט אַ ריינעם פאַרגאַנגענהייט, האָבן זיי אים פאַראורטיילט אין גאַנצן אויף „צען יאָר" סיביר, די ערשטע פינף יאָר אַ שווערע תפיסה מיט צוואַנגס אַרבעט. די צווייטע פינף יאָר, נאָרמאַלע באַדינגונגען.

דער פאָרזיצער האָט מוסיף געווען:

פאַניע וולאַדימיר, איר זענט נאָך שטאַרק אַ יונגער מענטש, און מיט גוטע פעאיגקייטן. דאָרט אין סיביר וועט איר האָבן די געלעגנהייט חרטה האָבן אויף אייער פאַרברעכן, אײַנזען אייער גרויסן זינד וואָס איר האָט בעגאַנגען קעגן ראַטנפאַרבאַנד, און נעמען אויף זיך צו פאַרבעסערן אייערע וועגן. אויך וועט איר האָבן געלעגנהייט גרינטליך צו דערלערנען און צו באַקענען די ערהויבענע מאַרקסיסטיש-לעניניסטיש אידיאָלאָגיע, לויט ווי אונזער גרויסער באַליבטער פירער דער „כאַזער" סטאַלין טוט דאָס אויסטייטשן. ווען איר וועט פון דאָרט אַרויסקומען וועט איר נאָך אַלץ זיין אַ יונגער מענטש, אַזוי אַז מיר קענען האָפן אַז איר וועט נאָך ברענגען נוצן פאַר די קאָמאָניסטישע פּאַרטיי און פאַר די אַלגעמיינע מענטשהייט.

וועלוול האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער מ'האָט אים נישט געלאָזט צו וואָרט קומען.

אינ'ם אַנדערן טאָג האָבן די צייטונגען געשריבן:

— „פאַר די „נעקוואָדאָ" (געהיים פּאָליציי) איז ווידער געלונגען צו כאַפּן אַ פאַררעטערישע באַנדע און זיי בייצייטנס אומשעדליך מאַכן, וועלכע האָבן געפּלאַנט אַ אויפשטאַנד קעגן דעם קאָמאָניסטישן רעזשים. אין דער שפּיץ איז געשטאַנען וולאַדימיר...

זיי זענען אלע געשטעלט געווארן צום געריכט. ס'איז איבער זיי געמאכט געווארן א גערעכטער משפט, ווי דער שטייגער איז אין ראטנפארבאנד, וואו „צדק" און „יושר" טוט דאָמינירן. און דער רעזשים איז געבויט אויף די העכסטע אידיאלן פון א פאלקס דעמאקראטיע — נישט אזוי ווי אין די קאפּעטאליסטישע אימפּעריאליסטישע לענדער.

נאכ'ן אויסהערן די עדות האבן זיי זיך אלע מודה געווען. ס'איז אויף זיי ארויסגעטראגן געווארן א גרעכטער אורטייל. זיי האבן באקומען זייער פארדינטן שטראָף, פאר־שיקט צו ווערן אויף סיביר אויף פארשידענע ארעסט טער־מינען.

* * *

ס'איז שוין געווען פארטאגס-צייט ווען די צערעמאָניע פונ'ם משפט האט זיך געענדיגט. מ'האט וועלוול'ען גענומען און אוועקגעפירט אין א ארט, וואו ס'זענען שוין געווען פארזאמלט א צירקע הונדערט מענטשן, אַלע פאראורטיילטע אויף סיביר, וועגן פארשידענע אויסגעטראכטע זינד. יענע האבן שוין געווארט דארט באלד צוויי וואכן אויף דער געלעגנהייט איינוואַגאָנירט צו ווערן צו פירן זיי אויף סיביר. זיי זענען דארט אלע געווען צונויפגעשטופּט אין א גרויסן זאַל מיט שרעקליכע באדינגונגען. מ'האט זיי געטיילט א יעדן טאג א ברויטל פאר פיר מענטשן, און צווייטמאל אין טאג עפּעס א געדיכטע זופּ. געשלאפן זענען זיי אויף די הוילע בריק פון קאלטע שטיינער. א דריי צענדליג אויפגעריסטעטע שומרים האבן זיך געדרייט צווישן זיי מיט נאגייקעס אין די הענט, און פאר יעדע מינדעסטע געהאקט איבער די קעפּ און איבער די פנים'ער.

דארט אהין האט מען איצט געברענגט וועלוול'ען און אריינ־געווארפן צווישן די איבריגע. נאך א צען מענטשן האט מען אין דעם טאג צוגעברענגט. צוויי טאג זענען זיי נאך דארט געווען. אינ'ם דריטן טאג אינדערפרי האט מען זיי אלע גענומען צו דער באַן, מ'האט זיי איינוואַגאָנירט אין שמוציגע פּי-וואַגאָנען, און געלאזט זיך אין וועג אריין אויף סיביר, די באדינגונגען אין די וואַגאָנען זענען געווען שרעקליכע, מ'האט זיי באהאנדלט ווי בהמות. נאך אכט טאג ארומשלעפן זיך זענען זיי אנגעקומען אויף סיביר.

— ו —

אין ג... האט זיך דאס לעבן געפירט ווייטער. ר' זלמן לייב איז פינאנציעל אין גאנצן רואינירט געווארן. זעלדא איז נאך זעקס חדשים מאַטערנישן אין גרויסע יסורים געשטארבן. ר' מענדל

איז געווען א בעט־ליגנדער קראנקער מיט א האלבן פאראליזירטן קער־פער רח"ל. רבקה האט באדינט איר פאטער מיט גרויס געטריישאפט. חי׳ שרה האט זיך געמאטערט ארויסצוברענגען די פרנסה פאר׳ן שטוב, פונ׳ם וויין מסחר, אויף וויפיל זי האט דערצו פארשטאנען, און אירע שוואכע כחות האבן אויסגעטראגן.

פון וועלוול׳ען האט מען אין ג... כמעט ווי פארגעסן. נאר רבקה האט נישט פארגעסן. זי האט געטאן ווי דער רבי האט איר געהייסן, זי האט יעדן טאג אויסגעגאסן א היבש ביסל טרערן, בעטנדיג ביי השי"ת, אז ער זאל איר וועלוול׳ען צוריק ברענגען גאנץ מיט׳ן נפש און מיט׳ן גוף. דערוויל האט זי געפונען א שטיקל טרייסט אין איר חנ׳עווודיג אינגעלע ישראלי׳קל, וועלכער האט זיך אנטוויקלט זייער שיין.

* * *

א צירקע פינף יאר זענען אזוי דורכגעלאפן. אין דייטשלאנד איז היטלער ימח שמו געקומען צו די ממשלה. שווארצע כמארעס האבן זיך באוויזן אויפ׳ן הימל איבער׳ן פאלק ישראל. פולין איז איינגענומען געווארן דורך די דייטשן. היטלער׳ס מיליטער האט זיך פארנומען סיסטעמאטיש אויסצוראטן די דריי מיליאן אידן פון פולין און גאליציע. אביסל אידן האבן זיך געראטעוועט דורך אנטלויפן צו די רוסישע זייט. דארט האט מען זיי אויך באהאנדלט ווי שונאים פון רוסלאנד, מען האט זיי פארשיקט אויף סיביר, און איינגעארדנט זיי אין גרויסע ארבעטס־לאגערן, אין שרעקליכע באדינגונגען, מיט סאדיסטישע אונטער־דריקונגען.

אין ג... איז די קהילה ליקווידירט געווארן און אלע אידן זענען אומגעבראכט געווארן צוזאמען מיט׳ן רב, ווי אין אלע שטעט אין גאליציע. צווישן זיי אויך דער קראנקער ר׳ מענדל מיט זיין ווייב חי׳ שרה. א חוץ איינצעלנע האבן זיך מיט גרויסע נסים געראטעוועט, צווישן זיי איז געווען רבקה מיט איר אינגעלע ישראל׳יקל.

וויזוי רבקה מיט איר ישראלי׳קל זענען געראטעוועט געווארן, און וואס איז איבער איר דורך, פון דעם אליין קען מען אפשרייבן א גאנצן בוך. צוערשט איז זי געווען מיט איר קינד א שטיק צייט באהאלטן ביי א גוי, א געוועזענער באקאנטער זייערער. שפעטער אז דער גוי האט איר געהייסן זיך ארויסקלייבן, ווייל ער האט מורא געהאט פאר די דייטשן, וועלכע האבן נאכשפיאנירט נאך א יעדן אידיש נפש, איז זי אנטלאפן אין וואלד צו די אידישע פארטיזאנען. דארט האט זי מיטגעמאכט צוזאמען מיט איר קינד „שבעה מדורי גהינם" (אלע זיבען אפטיילונגען פונ׳ם גהינם).

ווען נישט, קוקנדיג אויף איר זונדעלע, וואס דאס האט איר

געגעבן כח און מוט צום לעבן, די אויפגאַבע און די פאַראַנטוואָרטליכקייט אים צו ערציען, וואָלט זי זיכער נישט איבערגעהאַלטן די אַלע זאַכן — פלעגט זי זאָגן ווען זי האָט געהערט פון די צייטן, — איבערהויפּט זי האָט זיך דערמאָנט אַלץ אַז דער רבי האָט איר צוגעזאָגט אַז זי וועט נאָך זען אַ סאַך נחת ביי איר ישראל׳יקל, דאָס האָט איר געגעבן אַלעמאָל פרישקייט און כוח אין די ביינער צופאַרטראָגן די סאַך צער און יסורים וואָס איז איבער איר דורך.

ענדליך האָט זי זיך, מיט השי״ת הילף, אַריבערגעכאַפּט אויף די רוסישע זייט, און זי איז מיט ישראלי׳קל צוזאַמען פאַרשיקט געוואָרן אויף סיביר. דאָרט האָט זי זיך געראַנגלט מיט איבערמענטשליכע באַדינגונגען אַ צירקע זעקס חדשים.

דאָרט אין סיביר איז געווען צעשפּרייט און צעזייט, אויף אַ שטח פון אַסאַך הונדערטער מיילן, אַ צירקע הונדערט טויזנט אידן, אַלע געראַטעוועטע פונ׳ם דייטש, וואָס רוסלאַנד האָט זיי אַהין פאַרשיקט. און אַסאַך אַ גרעסערע צאָל גוים פון אַלע פעלקער און ראַסן וואָס זענען אַהין טראַנספּאָרטירט געוואָרן, אַלע שונאים פון רוסלאַנד.

צווישן די אידן איז געווען אַ גאַנץ היבשע צאָל קינדער, יתומים פון טאַטע מאַמען, אויך האַלבע יתומים פון אַ טאַטען אָדער פון אַ מאַמען. און אַזוי ווי די קינדער זענען כמעט אַלע געווען פון פּוילין, האָבן איינפלוסרייכע מענטשן אין די אַליאירטע לענדער. משתדל געווען ביי די פּוילישע גלות־רעגירונג וועלכע האָט שטאַציאָנירט אין לאָנדאָן, אַז זי זאָל אינטערווענירן ביי רוסלאַנד לטובת די קינדער יתומים, מ׳זאָל זיי קענען אַרויסנעמען אין אַ נייטראַל לאַנד אַריין, און די פּוילישע רעגירונג נעמט זיי אונטער איר שוץ מיט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט. די אַקציע איז טאַקע געלונגען בעזה״י. די פּוילישע רעגירונג האָט געפּועל׳ט ביים פּערסישן שאַך אַ באַוויליגונג, אַז מ׳זאָל די קינדער באַזעצן צייטווייליג אויף פּערסישע טעריטאָריע, ביז ס׳וועט געלונגען זיי אַריבערצופירן אויף ארץ ישראל. אַזוי נאָך זענען אַ גרויסער טראַנספּאָרט אידישע קינדער אַריבערגעפירט געוואָרן — נאָך אינ׳ם גרעסטן ברען פון די מלחמה — אויף „טעהעראַן" די הויפּשטאָט פון פּערסיע.

צוזאַמען מיט די קינדער — האַלבע יתומים — האָבן זיך מיט־געכאַפּט אַביסל טאַטעס און אַביסל מאַמעס. אַזוי נאָך האָט זיך צוגעפּירט דאָס ישראלי׳קל צוזאַמען מיט זיין מאַמען רבקה זענען געווען צווישן די טראַנספּאָרטירטע אויף „טעהעראַן". ס׳פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט געהייסן אַ באַזונדערע גליק און סייעתא דשמיא.

אויסערדעם האָבן זיך נאָך עטליכע טויזנט פּוילישע אידן געראַטעוועט אויף דעם וועג, וואָס זיי האָבן זיך צוביסלעך אַריבערגעכאַפּט אויף פּערסיע. די פּערסישע רעגירונג האָט דאָס טאָלערירט. די פּוילישע

גלות-רעגירונג האט זיי גענומען אונטער איר שוץ אלס פולישע אונטערטענער. זיי האבן זיך אלע באזעצט צייטווייליג אין טעהעראַן.

— ז —

וועלוול האט אין די ערשטע פינף יאָר אין סיביר, וואס ער איז געווען פאַראורטיילט אויף צוואַנגס-ארבעט, אסאך מיטגעמאכט. מ'האט אים אלס פּאָליטישער ארעסטאַנט גארנישט געשאַנעוועט. אבער אויס קאָמאניסט איז ער דאך נישט געווארן. אַנהייב איז ער טאקע געווען שטארק א אנטוישטער. דאס איז דער „צדק" און „יושר" פונ'ם קאָמאַניזם? וואס מ'האט מיט אים געטאן אזא הימל-שרייענדער „שקר בלבול" און אזא ציניש ער בארבאריזום, ווי מ'האט אים באהנדלט, דערפאר האט ער זיך געדארפט אזוי מוסר נפש זיין, איבערלאָזן ווייב און קינד, היים און עלטערן, איגנאָרירן זיין גאנצן אידישן פארגאנגענהייט, פאר אזא פאלשע צביעות'דיגע אידייע? וואס פאקטיש זענען די טאָטן דאס פארקערטע פונ'ם פאָרגעשריבענעם און געפּרעדיגטן אידיאָלאָגיע. מפרעדיגט שלום, ברודערשאפט, פרייהייט פאר'ן יחיד א.א.וו. און למעשה פירט מען דורך איבער אומשולדיגע מענטשן אזעלכע בארבארישע סאדיסטישע אַקטן, אויפ'ן יסוד פון אויסגעטראכטע שקרים וואס איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, וואס ס'האט זיין גלייכן נישט איבער דער גאנצער וועלט.

אבער דער קאָמאָניזם איז אים שוין אזוי אריינגעקראכן אין די ביינער, אז מיט דער צייט האט ער זיך איינגעלעבט מיט דעם געדאנק, דאס אין אמת'ן איז דער „קאָמאָניזם" א נאָבעלער הויעכער אידיאל, וואס שטרעבט צו פארריכטן די גאנצע מענטשהייט, צו העלפן די אונטערדריקטע, און איינאָרדנען זיי א בעסער לעבן. און דאס איז דאס שטרעבן און לעבן פונ'ם גרויסן גיניאָלן פירער „כאוועד" סטאלין. נאר שלעכטע פארדארבענע מענטשן, עגאָאיסטן כאפן זיך אריין אין די רייען פון די פארטיי, מיט פאלשע וועגן ארבעטן זיי זיך ארויף אויך פאר פירערס, און די פירן אראפ דעם הויעך אידיאל פונ'ם קאָמאניזם פון וועג, און טוען אָן שענדליכע זאכן, וואס פארשווארצט דעם פנים פונ'ם קאָמאָניזם אין דער וועלט. אבער סוף סוף וועט קומען די צייט אז דעם „כאוועד" סטאלין'ס האנט וועט זיי דערגרייכן, און זיי וועלן ווערן אויסגעראָטעט פונ'ם קאָמאָניסטישן רויזנגארטן, און דער ריכטיגער „צדק" און „יושר" וועט דאָמינירן די פארטיי.

די קליפה פון „קאָמאָניזם" האט אים שוין אזוי ארומגענומען, אז די אויגן זענען אים געווען פארבלענדט צו זען דעם אמת, אז דער פירער „סטאלין" אליין איז דער גרעסטער טיראַן, רוצח, און ציניקער, וועלכער באָדט זיך אין אומשולדיג בלוט טאג טעגליך, און אלע

פארברעכערישע דרכים ווערן געטאן אויף זיין באפעל.

* * *

ווען די פינף יאָר צוואנגס ארבעט האט זיך וועלוול'ען געענדיגט, און איז אריין אינ'ם פעריאָד פון די צווייטע פינף יאָר, ער האט זיך געקענט אין סיביר פריי באוועגן, און טאן וואס ער וויל. האט זיך וועלוול אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט פון מאכן פראָפּאַגאנדע פאר'ן ריכטיגן קאָמאַניזם אזוי ווי ס'ווערט ארויסגעברענגט אין די ביכער פון מארקס און לעניו. ער פלעגט צונויפנעמען זיינע קאָלעגן די פאליטישע ארעסטאנטן וועלכע האבן זיך געפונען אין סיביר אין די פילע טויזנטער, און האלטן פאר זיי רעדעס, אז זיי זאלן בלייבן ווייטער טרייע קאָמאַניסטן, און אָפּפערן פאר דעם נאבעלן אידייע זייער לעבן. „א אמת'ער קאמאניסט קען אוים־קאמאניסט נישט ווערן" איז געווען זיין לאָזונג.

פון אידישקייט האט זיך וועלוול אזוי שטארק דערווייטערט, און אזוי שטארק באהאלטן זיין אידישע פארגאנגענהייט, אז מעהרסטנס האבן די מענטשן אפילו נישט געוואוסט אז ער איז א איד. ער האט מיט דער צייט באקומען אזא פארגרעבטע מגושם'דיגע צורה, ווי א אמת'ער רוסישער פראָלעטאַר.

די רעגירונגס לייט, וועלכע האבן געהאט די אויבערהערשאפט איבער גאנץ סיביר, האבן זיך איבערצייגט איבער וולאדימיר'ס געטריישאפט און איבערגעבנהייט צום קאָמאניזם, און אז ער איז מיט זיינע „כשרונות" א שטארק נוצליכער עלעמענט פאר די פארטיי.

פון מאָסקווע איז געקומען דער באפעל, אז וולאדימיר זאל דערהויבן ווערן אין א ראנג פון „קאָמיסאַר" און ער זאל באקומען די הערשאפט איבער'ן גרעסטן ארבעטס לאגער אין סיביר.

די לאגער איבער וועלכן וועלוול האט באקומען די אבסאלוטע הערשאפט, איז באשטאנען פון א צען טויזנט אידן, און א זעכציג טויזנט גוים. די אידן זענען געווען סעפערירט פון די גוים. קיינער אין לאגער האט נישט געוואוסט אז דער קאמיסאר וולאדימיר איז א איד, ס'איז געווען א זעלכע וואס האבן זיך משער געווען, אבער אויף זיכער האט קיינער נישט געוואוסט. ער פלעגט ארומגיין שטענדיג אין הוילן קאפ מיט א גרויסע ווילדע טשופרינע. ארומגענומען מיט א סטאדע גרויסע וועלף־הונט. גערעדט האט ער נאר רוסיש אריינגעמישט מיט פוילישע ווערטער. צוויי הויעכע רוסישע שקצים זענען געווען זיינע אדיוטאַנטן, וועלכע האבן אים אומעטום באגלייט, און אויסגעפאלגט זיינע באפעלן. אויסערדעם האט ער געהאט אונטער זיך א שטאַב פון עטליכע צענדליגע גוים, מיטהעלפערס, וועלכע האבן אים געהאלפן אויפהאלטן די ארדענונג אינ'ם לאגער.

וולאדימיר האט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס רשעות, קעגן די

אידן נאכמער ווי קענן די גוים, קענטיג אז ער האט געוואלט אנטלויפן פון זיך אליין ווייט ווייט ביז גאר, און דערשטיקן אין זיך די לעצטע געפילן פון זיין געוויסן, וואס בינדט אים נאך אָן מיט א דינעם פאָדים צו זיין אידישן פארגאנגענהייט, דאריבער האט ער משתדל געווען צו רודפ'ן די אידן מיט גרויס סאַדיזים און אכזריות, דאס האט אים געגעבן א מין באפרידיגונג פאר זיין פארדארבענעם נפש. ער האט יעדן טאג גוזר געווען נייע גזירות. באשטימט אויף די מינוטן ווען מ'דארף זיך לייגן און ווען אויפשטיין, ווען מ'דארף קומען נעמען דאס ביסל עסן, וואס איז געווען נישט צו לעבן און נישט צו שטארבן.

און אָח און ווי ווערט זיין צו דעם ווער ס'וועט אפילו מיט א מינוט פארשפעטיגן — האט וולאדימיר געסטראזשעט — ער וועט הייסן זיינע יונגען אדיוטאנטן צו שלאגן „מלקות" מיט נאגייקעס וועלכע ברענען און בראָטן ווי פייער. אדער ער וועט באשטראפן א טאג נישט צו געבן גארנישט צו עסן. אז ער וועט כאפן א איד ביינאכט זיצן ביי עפעס א ספר ביי א לעכטל, וועט ער אים באשטראפן ארויסצוגיין אין די גאס פאר א שומר א גאנצע נאכט, ביי די שרעקליכע אומדערטרעגליכע סיבירער קעלט, וואס מ'האט געדארפט זיין אין שטענדיגע באוועגונג מ'האט נישט געטאָרט אויף א רגע אָפשטעלן זיך, ווייל מ'איז תיכף פארפרוירן געווארן. אדער ער וועט ווערן פארשפארט אין א „קאַרצ'ער" אויף אכט און פערציג שעה (דאס איז א שמאָל עלקערל ווי א מענטש ווערט אריינגעשטופט, ער קען דארט נאר שטיין נישט זעצן זיך, ס'איז א שרעקליכע פיין דאס מיטצומאכן 48-שעה) אדער ווערן אויסגעהאָנגען אויף פינף זעקס שעה (דאס מיינט, אויפהענגען דעם מענטש ביי די הענט, דער קערפער הענגט אראפ, ס'איז שרעקליכע יסורים, אָפטמאל גייען די הענט קאפוט אין גאנצן מ'קען זיי מער נישט נוצן רח"ל) און נאך און נאך אסאך אזעלכע גזירות און סטראזשונקעס. די אידן האבן טאקע געהאט דעם טויט שרעק פאר דעם „המן הרשע צורר היהודים".

די ערגסטע גזירה האט ער ארויסגעגעבן אויפ'ן דאווענען. ער האט באשטימט אז דאווענען איז „סאַבאַטאַזש" ארבעט, און פאר סאבאטאזש קומט א קויל אין קאפ. ער האט מסביר געווען אין א לאנגע דרשה, אז דא אין רוסלאנד מוז יעדער זיין א קאָמאָניסט, ווייל דאס איז די איינציגע אויסלייזונג פאר'ן מענטשהייט. און דאס איז דער ערשטער פונקט אויף וואס דער קאמאניזם איז געבויט, אז רעליגיע מוז אפגעווישט ווערן, אָן דעם קען דער קאמאניזם אין דער וועלט נישט צושטאנד קומען. און דער עיקר סימבאל פון די רעליגיע איז דאס דאווענען, דאריבער מיט'ן דאווענען גרובט מען אונטער די סאָמע יסודות פונ'ם קאָמאניזם. איז פונ'ם העכסטן ראַט פון די

קאָמוניסטישע פּאַרטיי באַשטימט געוואָרן אַז דאַווענען איז סאַבאָטאַזש. און סאַבאָטאַזש איז צוגלייך מיט פאַרראַט.

דער עיקר גזירה האָט וולאַדימיר אַרויסגעגעבן אויף צו דאַווענען אין „פּאַצשורקי׳ס", דאָס איז דער איבערזעץ פון תפילין, אין פּויליש נישט אויף רוסיש, אָדער צו דאַווענען בציבור. אַז ער האָט געזען אַ יחיד ווי דאָס מויל גייט אים ביי דער אַרבעט, האָט ער אים שטאַרק אָנגעשריגן און אָפּגעשפּעט, אויבצוואָר ער האָט באַמערקט, אַז ער ווייס אַז דער עיקר דאַווענען ביי די יעוורעי׳ס איז אין פּאַצשורקי׳ס, אַ חוץ אין זייערע שבתות און ימים טובים. די אידן האָבן זיך געוואונדערט פון וואַנעט איז דער „צורר ישראל" אַזוי גוט באַקאַנט אין די אידישע זאַכן? מסתם ווייל ער קומט אַהער פון פּולין — האָבן איינינגע געזאָגט — זיכער איז ער געווען אַ משרת ביי אַ אידישן דאָזערער.

אין דער אמת׳ן האָט וועלוול געפירט אַ גרויסן קאַמפּף מיט זיך אַליין. ס׳האָבן זיך אין אים אינעווייניג געראַנגלט און געשלאָגן צוויי מלאָכים, דער גוטער מלאך מיט׳ן שלעכטן מלאך, דאָס הייסט דער יצר טוב מיט׳ן יצר הרע. וועלוול אַליין האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון׳ם שלעכטן מלאך, אָבער דער גוטער מלאך איז אויך נישט געווען קיין מפּיל־קינד, און ער האָט וועלוול׳ען נישט געלאָזט קיין מנוחה. דעריבער איז וועלוול געווען אַלעמאָל און אַ אָנגעדרייצטע שטימונג קעגן אידן און אידישקייט. ס׳האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס קען ער נישט זיין אַזאַ רשע ווי אַ אַנדערער? פאַרוואָס האָט ער אַלעמאָל אַ האַרץ קלאַפּעניש? אַלעמאָל ווען ער דאַרף טאָן עפּעס אַ גרויסע עבירה, אָדער ער דאַרף קלאַפּן אַ איד מלקות, קומט דער גוטער מלאך און נוגט אים דאָס האַרץ, און דרייט אים די געדערים:

— וועלוול! ביזט אַ איד! וואָס טוסטו?

וואָס הייסט וואָס איך טו — בייזערט זיך וועלוול אויף זיך אַליין — איך בין אַ גוי ווי אַ אַנדערער גוי, איך מעג אַלעם טאָן.

וועלוול, ניין דו ביזט אַ איד. דו וועסט דאָס נישט טאָן!

איך וועל דיר ווייזן כ׳וועל עס יאָ טאָן — ענטפערט וועלוול צו זיך אַליין.

אָבער וועלוול זוכט זיך שוין דערפון אַרויסצודרייען. ער בלייבט נאָר ביים בייזערן און שרייען.

צומאל דוכט זיך אים אַז דער „יצר טוב" כאַפּט אים ביים האַלז און וויל אים דעו־ווערגן, אויב ער וועט טאָן די זאַך, און וועלוול ראַנגלט זיך מיט די לעצטע כחות:

— איך וועל דיר ווייזן אַז איך וועל עס יאָ טאָן, טראָג דיך אָפּ פון מיר!

דער „יצר טוב" רעדט געלאַסן, נישט געבייזערט:

— איי ווי ווען סטו דאס טאָן, דו ביזט דאך א איד, דו קענסט דאס נישט טאָן.

וועלוול קאכט זיך און בייזערט זיך, סוף רעזיגנירט ער שטילערהייט אָפגעמאטערט ווי נאך א שווערע מלחמה.

דאריבער די אלע אויבנדערמאנטע גזירות, און נאך און נאך וואס וועלוול האט ארויסגעגעבן, זענען מעהרסטנס געבליבן נאר סטראזשנוקעס און געבייזערעכצער. אלעמאל ווען ער האט געוואלט דורכפירן א שטראף אקציע איבער א איד און ער איז געווען אָנגעצינדן ביז גאר, איז געקומען דער „יצר טוב" און געזאגט אים:

— וועלוול...! וואס טוסטו? ביזט דאך אויך א איד...

און וועלוול איז געווארן מאכט לאָז, ער האט שוין געזוכט עפעס א תירוץ זיך ארויסצודרייען, אז דאס איינע מאל שענקט ער אים, אבער דאס צווייטע מאל וועט ער אים באצאלן פאר איצטעט אויך. אדער א תירוץ, ער איז איצט פארנומען, ער האט נישט קיין צייט, ער האט אים אויפגעצייכנט ביי זיך אין ביכל. ער וועט שיקן נאך אים, און ס'וועט אים זיין אָך און ווי...

אבער דאך, מיט די אלע אויסגערופענע גזירות און סטראזשונקעס, וועלכע וועלוול האט טאקע בשעת מעשה געמיינט הונדערט פראצענט ערנסט, איז אים געלונגען אָנצוווארפן א גרויסן פחד אויף די אידן. זיי האבן געהאלטן אז עפעס א גרויסער רשע א שטיק היטלער האט זיך זיי דא אוועקגעזעצט אויפ'ן קאַרג, ערגער ווי אלע קאָמיסאַרן פון אנדערע לאגערס, און מ'האט אים געשאָלטן טאג און נאכט טויטע קללות.

אממעהרסטנס האט זיי וויי געטאן די גזירה וועגן דאווענען, וועלכעס איז געווען ערגער ווי אין אלע אנדערע לאגערס. „תפלה בצבור" האט מען אין די אנדערע לאגערס אויך נישט ערלויבט, אבער אויף א יחיד האט מען נישט אזוי געקוקט, אז ער האט שנעל א דאווין אפגעגעבן צו מיט תפילין צו אָן תפילין, און דא האט דער רשע דער אנטיסעמיט גוזר געווען אזא ביטערע גזירה, אז פאר דאווענען אין תפילין קומט טויט-שטראָף.

אבער אין דער אמת'ן האבן אידן נישט געקוקט אויף דעם רשע'ס גזירה. ס'איז אין לאגער געווען אין גאנצן עטליכע געציילטע תפילין'ס, ווייל אלע זענען דאך געווען אנטלאפענע פונ'ם דייטש, אדער פון וואלד, וואס מ'האט שוין דארט נישט געהאט קיין תפילין. איז די פאָר תפילין'ס זענען געגאנגען פון האנט צו האנט א יעדן טאג, מ'האט עס באהאלטענערהייט אָנגעטאן, כאטש אויף צו זאגן קריאת שמע. אפילו מ'האט געוואוסט אז ס'דרויט דערפאר טויט שטראָף.

* * *

האט זיך אמאל געמאכט אזא מעשה. איינער פון די שקצים

אַדיוטאַנטן האָט וועלוול'ען געמאָלדן אַז ער קומט איצט פֿון די באַראַקן, און פֿאַרביי גייענדיק פֿאַר אַ באַראַק, האָט ער באַמערקט אין אַ זייטיק קעמערל אין אַ ווינקל, שטיין אַ ייִד דאַווענען מיט די קעסטעלעך אויפֿ'ן קאָפּ.

וועלוול האָט זיך אָנגעצינדן מיט אַ גרויסן כּעס:

— נו, איצט וועט ער וויסן וואָס ער קען! איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל מוז ער זיי אָפּלערנען, ווען נישט וועלן זיי האָבן פֿון אים דער גענאַר. ווען ער וועט איינעם אָוועקפּטר'ן מיט אַ קויל אין קאָפּ, וועלן זיי שוין וויסן פֿאַר אים צו ציטערן און פֿאָלגן זיינע פֿאַראָרדנונגען. אַ אומדערהערטע חוצפּה פֿון אַ קרעציקן ייִד, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל דאָס צו דאַווענען מיט „פּאַצשורקי'ס" איז סאַבאָטאַזש, און ס'קומט דערפֿאַר טויט-שטראָף, גייט ער און לאַכט זיך דערפֿון אויס.

נו, נו, ער וועט שוין מער נישט לאַכן — האָט ביי זיך וולאַדימיר געטראַכט — זיי וועלן שוין האָבן צוגעדענקען.

ער איז געלאָפֿן צוזאַמען מיט דעם שייגעץ, ער זאָל אים ווייזן וואו דאָס איז געווען וואָס ער האָט דעם ייִד געזען דאַווענען מיט פּאַצשורקי'ס.

דער שייגעץ האָט אים געוויזן אויף אַ קליין זייטיק קעמערל נעבן אַ באַראַק:

— אָט דאָ!

דער ייִד האָט שוין געהאַט געענדיקט, און איז פּונקט געקומען אַרויס פֿון דעם קעמערל, ס'פֿאַרשטייט זיך, אָן די תּפֿילין, די תּפֿילין זענען שוין געווען ערגעץ באַהאַלטן, אָדער אַ צווייטער האָט עס אָנגעטאָן אויף אַ אַנדער פּלאַץ.

דו לויזיגער הונט — האָט אויף אים געשריגן וולאַדימיר — דו האָסט געדאַוונט מיט די פּאַצשורקי'ס!

וואָס פֿאַלט איין דעם פּאַניע קאָמיסאַר אַזאַ זאַך — האָט זיך דער ייִד געוווּנדערט.

ס'איז זיכער אַזוי — האָט וולאַדימיר געשריגן — מ'האָט דיך געזען.

מיך נישט, ס'איז אַ טעות — האָט דער ייִד געזאָגט.

נו קום אַהער — האָט וולאַדימיר געזאָגט — שאַרץ אַרויף דיין אַרבל.

וולאַדימיר האָט אַפֿילו נישט געוואַרט וויל'אַנג דער ייִד טוט דאָס, ער האָט געהייסן דעם שייגעץ ער זאָל עס אים טאָן.

נו וואָס איז דאָס?! — האָט וולאַדימיר געשריגן מיט אַ זיגערישן טריאומף, און ער האָט אַרויפֿגעוויזן אויף די קאַרבן אינ'ם פֿלייש פֿונ'ם אָרעם, וואָס די „רצועות של יד" לאָזן איבער. וועלכע זענען טאַקע

נאך געווען פריש און שטארק קענטיג.

דער איד האט שוין מער נישט פרובירט צו לייקענען, ער איז געשטאנען און געשוויגן, געווארט אויף זיין גורל.

נו, דו וועסט שוין מער די פאצשורקי׳ס נישט אָנטאן — האט וולאדימיר געשריגן — פאר דאוועגען אין פאצשורקי׳ס קומט איינעם זיכער „גן־עדן״ אויף יענער וועלט. הא... וואס זאגסטו יעוורעי? איז נישט אזוי...? נו וועל איך דיך אוועקשיקן אין „גן עדן״. אין די אלע קרעציגע הונט וועלן וויסן פון היינט אָן אז מיין וואָרט איז א וואָרט.

ס׳זאל שוין געגעבן ווערן א באפעל — האט וולאדימיר געזאגט צום שייגעץ זיינעם — אז אלע מענטשן פונ׳ם לאגער דארפן זיך פארזאמלען אינ׳ם „צענטער־רינג״ געבוי זייגער צוועלף!

דער צענטער־רינג איז געווען א געוואַלדיגער גרויסער ליידיגער שטח אין מיטן פונ׳ם לאגער.

דער „יצר טוב״ האט זיך פרובירט — ווי זיין שטייגער — זיך אריינמישן:

— וועלוול וואס איז מיט דיר? דו מיינסט עס טאקע ערנסט? דו טראכסט טאקע צו שיסן א איד?

אבער דאסמאל האט אים וועלוול אוועקגעשטויסן מיט׳ן גאנצן כח:

— יאָ איך מיין עס ערנסט, וועסט נישט פועל׳ן ביי מיר גארנישט. איך בין נישט אנדערש ווי א אנדערער רוסישער קאָמיסאר אדער נאצשעלניק. מ׳שיסט אין רוסלאנד מענטשן, אָן א הוסט אדער א ניס צו געבן, וועגן אויפהאלטן דעם קאָמאָניסטישן אָרדנונג. איך בין א קאָמאָניסט מיט לייב און מיט זעל. איך וועל אים שיסן ווי א הונט. אלץ איינס ביי מיר צו א איד אדער א גוי... זאל מען וויסן איינמאל פאר אלעמאל אז מיינע באפעלן דארף מען אויספאָלגן.

דער „יצר טוב״ האב אים געענטפערט:

— נו, מיר וועלן נאך זען... איך גלייב נישט אז דאס וועט פאסירן.

דער איד האט געוואוסט וואס ס׳ווארט אויף אים. אין אָנהייב איז ער געווארן שטארק צעבראכן און דערשיטערט. ער האט מיטגעמאכט איבערמענטשליכע גרויסע צרות ביים דייטש, און דערנאך אין די בונקער׳ס אין דער ערד. און אין די וועלדער. צענדליגע מאל האט אויף אים געלויערט דער טויט, און ער איז פון אלעם ארויס לשלו׳ם. און איצט דארף ער דא דערשאָסן ווערן פון דעם ימח שמו׳ניק.

אבער באלד דערויף האט זיך דער איד מחזק געווען, און געטראכט:

— איך דארף דאנקען השי״ת, אז ער גיט מיר די געלעגנהייט

„מקדש השם" זיין „ברבים" מיט מיין טויט. איך וועל נישט לייקענען, אדרבה איך וועל אים זאגן דעם רשע דעם אמת, און אז איך בין מוכן בשמחה צו שטארבן פאר'ן אויבערשטנס וועגן און פאר זיינעם א מצוה'ה, זאלן עס אלע הערן, זאל מען זיך דערפון אָפּלערנען. און דאס וועט זיין מיין באלוינונג.

וואס איז מיין גאנץ לעבן — האט זיך דער איד געמאכט א חשבון — ווייב און קינדער האב איך שוין מקריב געווען פאר'ן אויבערשטנ'ס וועגן, נאך ביים דייטש. און וואס בין איך בעסער פון זיי? און פון די אלע פיל טויזינטער טייערע אידן וועלכע זענען אומגעקומען אויף „קידוש השם", געלויבט זאל זיין זיין הייליגער נאמען וואס איך האב די זכי' צו שטארבן וועגן אזא טייערע מצוה ווי תפילין. קיין גרעסערס איז נישט דא אויף דעם עולם. אסאך צדיקים האבן זיך געוואונשן זאלן קענען שטארבן אויף קידוש השם.

דאס זענען געווען די געדאנקען פון דעם איד.

וועלוול האט געפיבערט פאר כעס און אויפרעגונג, דער שטן האט זיך דאסמאל אין אים אנגעצונדן מיט'ן גאנצן רשעות.

איצט וועט זיין מיין פּראָבע — האט ער ביי זיך געטראכט — איצט דארף איך באווייזן דעם „יצר טוב" אז איך בין א גוי ווי אלע גוים, און ער זאל זיך אָפּטשעפּען פון מיר. און אז איך וועל איצט נישט אויספירן דאס מייניגע, בין איך א פארפאלענער... א שאָד פאר די מי...

איך וועל זיך שטארקן מיט'ן גאנצן כח — האט וולאדימיר ביי זיך אָפּגעמאכט — און איך וועל פייערן א טאָטאַלן זיג איבער'ן „יצר טוב"... איינמאל פאר אלעמאל, און ער וועט מיך מער נישט דערקוטשן.

אין צוועלף א זייגער, איז געשטאנען אויפ'ן גרויסן שטח פונ'ם צענטער רינג עטליכע צענדליגע טויזינטער לאגער מענטשן.

לכאורה איז געווען דער באפעל אז נאר די אידן דארפן זיך פארזאמלען, אבער די גוים האבן געהערט וואס ס'גייט פאָר, אז מ'גייט דורכפירן א עקזעקוציע איבער א איד, האבן זיי זיך געבעטן אז זיי ווילן עס אויך בייוואוינען. וולאדימיר האט עס זיי באוויליגט. דאריבער איז אויך געווען אנוועזנד א גרויסער צאָל פון די גוים.

אין מיטן צענטער-רינג איז געשטאנען אויפגעשטעלט א בימה. דארט איז שוין וולאדימיר געשטאנען אויפגעריסטעט מיט א ביקס אין זייט, מיט זיינע ארויסהעלפער.

מ'האט געברענגט דעם איד, די הענט געבונדען אויף הינטן.

וועלוול האט באמערקט ווי דער איד שטייט מיט א פנים פון שטאָלץ און מוט, און מיט א אויפגעהויבענעם קאפּ, נישט א צעבראכענער א ציטערדיגער, האט עס אים שטארק איבערראשט און צערודערט.

ווען אלעס איז שוין געווען גרייט, האט פלוצים וועלוול אנגעהויבן צופילן ווי דער „יצר טוב" רוקט זיך אָן, און זאגט אים:

— וועלוול דו ווילסט טאקע שיסן א איד? ביזט פון זינען אראָפ...? בארעכן זיך...

וועלוול האט זיך נישט גוט געפילט. ער האט געוואלט שנעל איבערגעקומען בעפאר דער יצר טוב וועט אים אינגאנצן באגעוועלטיגן. אבער ער מוז דאך עפעס זאגן א פאָר ווערטער צוליב דעם גרויסן פארזאמלטן עולם, מ'זאל וויסן פארוואס און פארווען מ'פירט דא דורך א טויט-אורטייל איבער דעם איד, כדי ס'זאל מאכן די ריכטיגע ווירקונג אויף אלעמען. האט ער זיך געווענדעט צו דעם איד:

— זאג דא פאר אלעמען וואס דו האסט געטאן!

יא, איך האב געדאווענט אין תפילין!— האט דער איד געענטפערט מוטיג.

זאג ארויס דייטליך אז יעדער זאל פארשטיין — האט אויף אים וולאדימיר געשריגן — נישט אין א תלמודיש'ן שפראך.

איך האב געדאווענט אין תפילין, דאס וואס איר רופט אן „פאַצשורקי'ס" — האט דער איד אויסגעבעסערט.

דו ווייסט אז לויטן געזעץ פונ'ם לאגער איז דאס „סאַבאָטאַזש" וועלכעס איז צוגלייך מיט פאַרראַט? און ס'קומט פאר דעם טויט-שטראָף?

יאָ איך וויים! — האט דער איד געענטפערט.

איז, קענסטו דא ערקלערן פארוואס דו האסט דיר איינגעשטעלט דאס לעבן? — האט אים וולאדימיר געשטעלט די פראגע.

יאָ, איך וועל ערקלערן — האט דער איד געזאגט — ווייל איך בין א איד, און דאס איז מיין גלויבן, און איך האַלט אז דאס איז דער גרעסטער „פאַרראַט" צו אנטלויפן פון אייגענעם גלויבן, דער וואס טוט דאס פאַרראַט זיך און זיין פאָלק, און זיין באשעפער וואס האט אים באשאפן! און ער וועט זיין גורל סיי ווי נישט אויסמיידן. דאריבער איידער ווי צו זיין אזא מיאוס'ער פאררעטער, איז מיר ליב צו שטארבן אלם העלד. און זיין ליבער נאמען פון ג-ט ב"ה זאל געהייליגט ווערן.

און דו מיינסט — האט דער איד פארגעזעצט ווענדנדיג זיך צו וולאדימיר — אז דו קענסט מיר עפעס טאן אויב דער אויבערשטער הייסט נישט? דו קענסט די האנט נישט אויפהייבן אָן דעם אויבערשטנ'ס ווילן! און דעם אויבערשטנ'ס ווילן נעם איך אויף מיר מיט ליבע און פרייד.

אבער דו טיראַן, דו רוצח! — האט דער איד פארענדיגט אויפן הויעכן קול, ווייזנדיג מיט'ן פינגער אויף וולאדימיר — דו וועסט דעם אויבערשטנ'ס שטראָף נישט אויסמיידן, ג-ט'ס האנט וועט דיך דערגרייכן אומעטום.

דער עולם הערנדיג די מוטיגע רייד פון דעם איד, האט עס זיי אויך שטארק דערמוטיגט, און זיי האבן אלע אויסגעבראכן אין א הי־לעכדיגן פאַטשעריי. אפילו די גוים האבן מיט געפּאטשט. ס'איז געווען א אמת'ער „קידוש השם"

דער יצר טוב" האט זיך גערייצט מיט וועלוול'ען:

— נו וועלוול, וואס זאָגסטו צו די רייד? דו האסט דיר אָפּגע־זוכט... דו ווילסט נאך שיסן...?

ווי האט שוין וועלוול אין זינען געהאט צו שיסן. ווען ער האט געהערט די אמת'ע רייד פון דעם איד, לויט וועלכן ס'קומט אויס אז ער איז עס גאר דער ריכטיגער פאררעטער, וואס האט, פאררראטן זיין גלויבן און זיין שטאַם, ס'האט זיך אים געדאַכטן ווי דער איד כאפט אים ביים האלז און ווערגט אים... און דערצו איז נאך צוגעקומען די אפענע אפלאָדיסמענטן פונ'ם גאנצן עולם, האט עס אים איבערגע־שראקן, ס'זאל נאר נישט אויסברעכן דא פלוצים א קעגן אים א אָפענער רעוואָלט. ס'איז אים געווען זייער נישט גוט אויפ'ן הארצן, ער וואלט אומבעסטן אנטלאָפן פון דאָרט ווי דער שווארצער פעפער וואקסט. אבער וויזוי טוט מען דאס? וויזוי דרייט מען זיך ארוים? אז ער זאל נישט איינגעמען חרפות און בושות, ער זאל נישט אויסזען ווי א געשמיסענער. ער האט זיך געדרייט אהער און אהין ווי אין קאנוואולסיעס.

סוף האט ער זיך געווענדעט צום עולם מיט די רייד:

— דעם איד קומט זיכער דער טויט שטראף, פאר זיין „סאבאטאזש" וואס ער האט געדאוונט אין פאַצשורקי'ס, און דערצו פאר זיין פרעכ־קייט. אבער איך מוז זאגן, אז ס'געפעלט מיר וואס א מענטש לאזט זיך הרג'ענען פאר זיין „אידייע". ביי אים איז די אידייע „רעליגיע" צו דאוונען אין פאצשורקי'ס און נאך אזעלכע זאכן, און ביי מיר איז די אידייע „קאָמאָניזם", דער קאָמאָניזם פארלאנגט אויך דאס זעלבע, מ'זאל גרייט זיין זיך אוועק צו געבן דערפאר דאס לעבן.

געדענקט דאס דאָ אלע — האט וועלוול אויסגערופן — אז נאר פון אזעלכע מענטשן קען געבויט ווערן דער קאָמאָניזם וואס זענען גרייט זיך לאזן הרג'ענען פאר א „אידייע" ווי דער איד דאָ.

קום אהער יעווּרעי, בראַוואָ! — וועלוול האט אים געקלאפּט אין פלייצע — דו געפעלסט מיר, דו וועסט נאך זיין אמאל א גוטער קאָמאָניסט. איך שענק דיר דאס לעבן.

וועלוול האט געהייסן דעם עולם זיך צעגיין. ביז א האלבע שעה זאלן זיך אלע צושטעלן צו דער ארבעט, יעדער אויף זיין אָרט.

* * *

נאך די מעשה איז וועלוול א שטיק צייט ארומגעגאנגען ווי א

צעמישטער און א רעזיגנירטער. ער האט זיך געשמעט א קאָפּ אויפ־הייבן און צו קוקן א מענטש אין פנים אריין.

דער „יצר הרע", וועלכער איז שוין א לענגערע צייט געשטאנען ביי וועלוול'ען אין זייט ווי א פענסיאָנירטער גדול, וועלוול אליין האט שוין פארטרעטן און געטאן זיין ארבעט, ער איז נאר געשטאנען און צוגעקוקט און געשעפּט נחת, האט זיך איצט א ביסל דערשראקן און איז אריין אין דער ארבעט:

וולאדימיר! זיי א מענטש, פאַל נישט ביי דיר! — האט אים דער יצר הרע אנגהויבן צו דערמוטיגן — אויב דו וועסט איצט ארויס־ווייזן א שוואכקייט ביזטו דאך א פארפאלענער. דער „לאגער" וועט א קענען דיר אין גאנצן רעוואָלטירן, און דו וועסט פארלירן די שליטה. און פאר אזא זאך מאכט מען איינעם אין רוסלאנד מיט א קאפּ קלענער. וועסטו ווידער אויפדעקן דיין אידישקייט און ארויסווייזן צו די אידן דאָ סמפאטיע, נו מער דארף מען נישט, די קאמאנוסטישע פירערס — די העכערע איבער דיר — זאלן געוואויר ווערן אז דו ביזט א איד, און דו טוסט סימפּאַטיזירן מיט די אידן דא, וועט מען דיך סייווי ליקווידירן אלס פאררעטער פון די פארטיי.

שטאַרק זיך! זיי ביי דיך פעסט — האט אים דער יצר הרע געמונטערט — דו האסט דא די פולע הערשאפט אין האנט, קענסט טאן וואס דו ווילסט, דו האסט דיינע ארויסהעלפערס דערצו, דו קענסט אפילו מאָביליזירן אהער מיליטער אויב דו דארפסט.

נאָר פון איצט אָן ארבעט מיט שכל — האט אים דער יצר הרע געלערנט — דו האסט איבערגעצויגן די שטריק, מיט דעם טויט־אורטייל אויף א איד וואס ער האט געדאַוונט. דו האסט אליין געקענט פארשטיין אז דאס וועט דיר זיין צו־שווער א דורכצופירן.

איצט באלד נאך א צוויי וואכן וועט זיין „ראש השנה" פאר די אידן — האט אים דער יצר הרע געגעבן א לעקציע — און אידן וועלן דאך זיכער דאווענען בציבור, איז, צום ערשטן זאלסטו ווי פריער נאכאמאל באקאנט מאכן אין לאגער דעם שטרענגן פאַרבאָט אויף צו דאַווענען בצבור, און די אלע וואס זיי וועלן געכאפּט ווערן, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט די האַרבסטע שטראָפן. מעלד נישט קיין טויט־שטראַף, ס'איז דא גענוג אנדערע שטראָפן און פייניגונגען, איינשפּאַרן אין „קארצ'ער" אויף 48 שעה אדער אויף מער, אדער ווערן אויסגע־האנגען ביי די הענט אויף א פּאָר שעה, נישט געבן צו עסן א טאג אדער צוויי א.א.וו. אדער אלע שטראָפן צוזאמען אויב מ'דארף. ראש השנה אינדערפרי וועסטו אליין גיין מאכן א אינספעקציע, און די וואס וועלן געכאפּט ווערן זאלסטו באשטראָפן אָן רחמנות. זאלסט אויפהערן מיט די עקלהאפטיגע „אידישע" סענטימענטן, זיי א מענטש מיט

מענטשן גלייך! ווייל נאָר אַזוי נאָך וועט דער דיסיפּלין אין לאַגער און דיין רעפּוטאַציע אַביסל צוריק געשטעלט ווערן.

אָבער אַז דו וועסט דאָס נישט קענען באַווייזן — האָט אים דער „יצר הרע" געסטראַזשעט — ביזטו אַ פאַרפאַלענער... ביזט נישט ווערט צו טראָגן דעם נאָמען „קאָמאַניסט".

וועלוול איז געוואָרן צוריק געפאַנגען פונ׳ם „יצר הרע" אין גאַנצן. ער האָט אַלעם אויסגעפאָלגט ווי ער האָט אים דיקטירט. ס׳איז באַקאַנט געמאַכט געוואָרן אין לאַגער אויפסניי דער פאַרבאָט אויפ׳ן דאַווענען בציבור אויפ׳ן שטרענגסטן אויפן, מיט די אַלע סטראַזשנוקעס פון די שרעקליכע שטראָפן און פייניגונגען.

וועלוול האָט זיך געגרייט צו באַפאַלן אידן אין ראש השנה, ווי אַ רויב פויגל אויף די קליינע פייגעלעך.

* * *

עטליכע טעג פאַר ראש השנה האָבן זיך אידן געסוד׳עצט, ווי מ׳וועט מאַכן מנין אין ראש השנה. אַ איד האָט זיך אויפגעשטעלט און געטענה׳ט, מ׳זאָל זיך איצט נישט איינשטעלן. דער רשע איז איצט אין אַ געפערליכע גערעגטע שטימונג, מ׳קען פּשוט צו אים נישט רעדן, ער פרעסט מענטשן מיט׳ן בליק. וועט ער איצט לאָזן זיין גאַנצן כעס אויף די וועלכע ער וועט כאַפּן ביים דאַווענען, מ׳איז פּשוט איינגע־שטעלט מיט׳ן לעבן.

די איבעריגע אידן האָבן דעם איד אָפּגעשריגן:

— ס׳טייטש! ווי קען אַ איד אפילו אַזאַ זאַך זאָגן, מ׳זאָל ראש השנה נישט דאַווענען בציבור. אידן האָבן זיך ביים דייטש אין אויש־ווינצין און בערגן־בעלזן און אויף די אַנדערע פּלעצער, איינגעשטעלט דאָס לעבן אין ראש השנה, און מ׳האָט גאַנץ פרי פאַר די אַרבעט אָפּגעכאַפּט אַביסל תפלה בציבור וויפיל ס׳האָט זיך געלאָזט, און נישט איינמאָל האָט מען טאַקע געכאַפּט אידן און געשיקט גלייך אין די גאַז קאַמערן פאַרברענט צו ווערן. דעסוועגן האָבן אידן ווייטער נישט נאָכגעלאָזט. וועט מען דאָ איצט נאָכלאָזן? ווייל דער רשע דער משוגע־נער הונט וויל אַזוי?! ער וועט איינעמען אַ מיתה משונה, ער וועט נישט דערלעבן צו קומען זען. און אַז חלילה יאָ, איז אויך פאַרפאַלן, מיר זענען גרייט אַלעם צו ליידן פאַר׳ן אויבערשטנס וועגן.

ס׳איז געבליבן אַז מ׳וועט דאַווענען גאַנץ פרי, אויף עטליכע פּלעצער, מער ווייניגער באַהאַלטענע פּלעצער.

און וואָס וועט זיין מיט „שופר"? — האָט זיך אָנגערופן אַ אַלטער איד וואָס ער איז געווען אַ שמש אין אַ שול אַלע יאָרן.

מאַכט אייך נישט נאַריש — האָט אים אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן כל ולך, אָפּגעשריגן — ראשית איז דאָך

נישטא קיין שופר. שנית, אפילו ס'זאל זיין, דאס הייסט דאך שוין „בידים" ארויסרופן דעם רשע, ס'איז דאך „פקוח נפשות". איר זעט דאך אפילו „שבת" איז דוחה דעם שופר, אז ראש השנה געפאלט אין שבת בלאָזט מען נישט. מכל-שכן „פקוח נפשות" וועלכעס איז דוחה שבת, איז עס דאך אוודאי דוחה דעם „שופר".

יונגערמאנטשיק! פלפול דיך נישט ארום — האט דער אלטער שמש אים אריין געזאגט — איך זאג אז מ'דארף בלאזן שופר, ס'איז א „מצות עשה דאורייתא". און ווער זאגט אז ס'איז „פקוח נפשות" מ'פארלאזט זיך אויפ'ן הייליגן באשעפער, דער זכות פון די מצוה וועט באשיצן. דערווייל האט מען נאָך דא קיינעם נישט געהרג'עט פאר'ן דאווענען. ער האט נאָר א גרויס מויל דער „צורר היהודים" אבער אז ס'קומט למעשה, פאלט אויף אים אָן א „קדחת" און ער טרעט אָפּ.

זאגט פעטער — האט דער יונגערמאן צוריק געענטפערט — און ווערן אויסגעהאנגען אויף פינף זעקס שעה, איז ביי אייך גארנישט? דאס איז אויך א האלבער טויט. אדער ווערן ארייגעלייגט אינ'ם קארצ'ער אויף א צוויי טעג, וואס די נשמה הענגט איינעם שוין אויף די שפיץ נאָז, און נאך אנדערע אזעלכע פייניגונגען.

יונגערמאן! איך בין עלטער פון דיר — האט דער אלטער שמש געזאגט — ראשית, ווי ס'איז, איך ווייס נישט פארוואס און פארוועו, אבער איך האב נאך נישט געזען דא א איד הענגען און נישט אין קארצ'ער ארייגלייגן, פון די גוים האב איך שוין יאָ געזען אויסהענגען עטליכע מאָל, אבער פון די אידן נישט. נישט מער ווי דער רשע פיסקעוועט. איך ווייס נישט צו איז דאס אינ'ם זכות פון דעם רשע, אדער איז דאס עפעס א אונזערער „זכות אבות". נאָר אזוי איז דער פאַקט, דער אויבערשטער העלפט. וועט דער אויבערשטער ווייטער העלפן. שנית, און אפילו ווען יאָ חלילה, וואס איז אז מ'ליידט פאר'ן אויבערשטנס וועגן אביסל יסורים? פאר די מצוה פון „שופר" זאג איך אז ס'איז כדאי צו ליידן. פאר א „עבירה" רח"ל ליידט מען מער אין גהינם. אַ יאָ יונגערמאן?

וואס טויגן די אלע דיבורים — האט זיך אנגערופן א דריטער — אז ס'איז קיין „שופר" בכלל נישט דא. אַבי זיך אומזיסט מתווכח צו זיין.

פאוואָליע ברודער'צשו — האט דער אלטער שמש געזאגט — איך וועל אייך אויסזאגן דעם „סוד", איך האב א „שופר", איך האב נאר געוואָלט הערן וואָס איר זאגט. דעם שופר האב איך נאך מיטגע-בראכט פון דערהיים, איך האב אין דעם געבלאזן אכט און צוואנציג ראש השנה'ס, און איך האב „ברוך השם" אינ'ם דייטשן לאגער אויך געבלאזן מיט דעם שופר, ס'איז מיר ב"ה געלונגען צובאהאלטן אים

אזוי די רשעים זענען בלינד געווארן און זיי האבען עס נישט געזען. און איצט אין דעם ראש השנה וועל איך אויך אין דעם בלאָזן. און דער רשע מיט זיין כאַפּטע רשעים וועלן ווערן טויב און זיי וועלן עס נישט הערן.

פאַרשטאַנען? — האט דער אלטער שמש געענדיגט.

קיינער האט נישט געהאט מער אויסצוזעצן קעגן זיינע רייד גארנישט. אויב ס'איז דא א שופר וועט מען בלאָזן.

* * *

ראש השנה גאנץ פרי האט זיך וולאדימיר געלאזט אין יער אריין צום באפאלן אידן, ווי א ווילדע חי' אויפן רויב. ער האט מיט זיך מיטגענומען זיינע צוויי שקצים אדיוטאַנטן. ער האט שוין געוואוסט ביילייפיג אין וועלכן באַראַק צו זוכן.

ער האט טאקע נישט געמאכט קיין טעות, דאָרט אין דעם באַראַק האבן זיך אידן פארזאמלט ראש השנה צום דאווענען.

וועלוול איז געגאנגען פון הינטן ארום מ'זאל אים נישט באַמערקן. ער האט זיך אוועקגעשטעלט נעבן א הינטער טיר פונ'ם באַראַק צו הערן וואס ס'קומט פאָר אינעווייניג. פונקט האט מען געמאכט די ברכה „אשר קדשנו במצותיו וצונו לשמוע קול שופר". וועלוול איז געווען גרייט ארייננצוברעכן מיט א שטורעם אינם באַראַק, אבער הערנדיג אזוי לויטער די ברכה, האט ער זיך ווי אינסטיקטיוו א שטעל אָפּגעטאָן.

דער יצר טוב האט זיך אָנגערוקט:

— וועלוול, זיי נישט קיין גזלן! אידן האבן ערשט געמאכט א ברכה , וואס ברענט עס? וואַרט אָפּ אַ פּאָר מינוט, זאלן זיי כאטש נישט האָבן געמאכט א „ברכה לבטלה".

וואס ברכה לבטלה? ווען ברכה לבטלה? — האט וועלוול זיך געערעגט אויף זיך אליין — וואס איז דאס מיין עסק? אבער ער האט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי ער וואלט געווארן געליימט!

וועלוול, זיי נישט קיין נאַר — האט אים דער „יצר טוב" געזאגט שטיל — האב אין זין יוצא צו זיין, ביזט דאָך א איד... ס'איז „ראש השנה"... איי, געדענקסט ביים רבי'ן אינדערהיים... איי איי, ווי זעסטו אוים?

וועלוול איז געשטאנען און געשטאנען, דאס הארץ האט זיך אים דערוועקט, ער האט געמיינט אז ער פלאַצט אוועק, ער האט געפילט אז ער קען ווייטער נישט אויסהאלטן.

ער האט געגעבן א באפעל פאר זיינע שקצים:

— קומט! — און איז געלאפן צוריק פון וואו ער איז געקומען. אויפ'ן וועג גייענדיג צוריק האט ער געזאגט צו זיינע אדיו־

טאנטן:

— ס'איז בעסער וואס מיר זענען נישט אריין, איך וועל זיי נאכמיטאג אהער נעמען, און זיי וועלן דאך אודאי לייקענען, וועט זיין זייער שולד א גרעסערער, איך וועל זיי שוין אָפּלערנען...

ס'איז איבעריג צו זאגן, אז וועלוול האט זיך נאכמיטאג געמאכט פארגעסן פון די גאנצע מעשה. און דעם אנדערן טאג איז אים שוין אפילו נישט איינגעפאלן ארויסצולאזן זיך אויפ'ן יאגד. ער איז געווען איינגעקורצשעט אין זיך, און האט נישט געוואוסט אויף וועלכע וועלט ער איז.

ווידער פּאַשפּילט — האט זיך וועלוול גענעסן דאס הארץ — וואס וועט זיין דער סוף פון דעם אלעמען? איך בין דאך נישט קיין איד און נישט קיין גוי. ס'קען אזוי נישט גיין ווייטער!

וועלוול האט זיך געמאכט א ריכטיגן „חשבון" זיצנדיג אליין ביי זיך אין צימער. ער איז געווארן צעבראכן ווי א שארבן. אבער וואס טוט מען ווייטער? ס'דוכט זיך אים אז צוריק צו אידישקייט קען ער שוין בשום אופן נישט גיין, ער האט שוין איבערגעריסן אלע פעדעמער מיט זיין פארגאנגענהייט.

א מענטש וועלכער איז שוין אזוי געזונקען — האט זיך וועלוול געטראכט — האט דען נאך א האפנונג? איך וועל פשוט מיך מאכן פאר א חוזק־שפּיל, כ'וועל זיין נישט אהער נישט אהין.

אבער אלדע רוחות! — האט ער זיך געבייזערט — איך בין אזוי אויך נישט קיין גוי, איך האב דאך שוין געזען אז ס'גייט נישט, כ'קען נישט זיין א גוי ווי אלע גוים, ס'איז מיר אוממעגליך!

ווייטער, זאל איך מיך פלוצים אויפדעקן אלס רעליגיעזער איד, איך? אזא פארברענטער קאָמאָניסט? וועט מיר דאס די פארטיי שענקען?! מ'וועט דאך מיך תיכף פאראורטיילן — אזוי ווי אין יענעם פינסטערן נאכט פאר'ן געריכט — אויף ליקווידירט צו ווערן. קיינער וועט אפילו נישט וויסן ווי מיינע געביינער זענען אהין געקומען.

מיט א זעלכע געדאנקען איז וועלוול ארומגעגאנגען אין די „עשרת ימי תשובה". ביז ס'איז אָנגעקומען די נאכט פון יום כפור.

* * *

וועלוול איז גראדע געזעסן פארנאכט אין זיין ביראוי, ארומגענומען מיט זיינע ארויסהעלפער. פלוצים איז אים אין זין ארייינגעקומען אז איצט איז „כל נדרי" נאכט, האט ער געזאגט צו זיינע „משרתים":

— איצט אין די דאזיגע נאכט איז ביי די „יעוורעי" א גרויסער יום־טוב, זיכער האבן זיי געבראכן דאס געזעץ, און זענען זך צונויפ־

געקומען אויף דאווענען, כ'מוז זיי גיין איבערראַשן, און אָפּלערנען זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

ס'פאַרשטייט זיך אַז דאַסמאָל איז עס שוין נאָר געווען אַ אויס־רייד. ס'האָט אים ווי מאַגנעט געצויגן זען און הערן די הייליגע נאַכט ווי אידן דאַווענען.

זיינע צוויי אַדיוטאַנטן האָבן זיך געמאָלדן מיטצוגיין.

מ'דאַרף נישט — האָט וועלוול געזאָגט — איך וועל זיך שוין אַליין ספּראַווען מיט זיי.

וועלוול איז געקומען צו דעם זעלבן באַראַק ווי ער איז געווען ראש השנה, און האָט זיך אוועקגעשטעלט ביי דעם זעלבן הינטער־טיר, ווייל דאָרט איז ער געווען באַהאַלטן פון פאַר די מענטשן, די טיר האָט מען געוויינליך נישט גענוצט.

ווי וועלוול איז אַנגעקומען אויפ'ן אָרט האָט ער פּונקט געהערט אויסזינגען „כל נדרי" מיט דעם האַרצרייסנדן אַלטן מעלאָדיע. ער האָט עס שוין אַ סאַך יאָרן נישט געהערט. ס'האָט אים אַ ריס געגעבן ביים האַרץ, אַז ער האָט געמיינט דאָס ער לאָזט זיך שוין אויס. זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט איז אים פאָרגעקומען פאַר די אויגן, די קינדערישע יאָרן אין חדר ווי גוט ער האָט געלערנט, מ'האָט אויף אים געלייגט גרויסע האָפנונגען. שפּעטער אין די ישיבה ביים רבי'ן, דאָס „חיות" און פאַרגעניגען וואָס ער האָט געפילט ביים לערנען. און ביים רבי'נס אַ טיש, ביים רבי'נס אַ תורה. ס'איז גאָרנישט דאָ אַזאַ סאָרט פאַרגע־ניגן אין די וועלט מ'זאָל עס קענען צוגלייכן צו יענעם „תענוג" און געוואַסן, שפּעטער ווען ער האָט גענומען „סמיכה" אויף „רבנות". אוי ווי! און וואָס האָט זיך פון אים אויסגעלאָזט? אַ פאַרברענטער קאָמאָניסט. אַ נידריגער הולטיי!

דער חזן האָט נאָך געזונגען דעם „כל נדרי" ניגון, ווען ס'איז אים געקומען וועלוול'ען אין די געדאַנקען זיין ווייב רבקה, אַזאַ ערליכע אידישע טאָכטער, שטיל און גוט ווי אַ טויב, וויפיל זי האָט פון אים געליטן און זי האָט אַלעם מקבל געווען באַהבה, צום סוף האָט ער איר אַזוי פאַרשעמט... אוי ווי! פאַרוואָס האָט ער איר דאָס געטאָן? אוי, און זיין אינגעלע ישראל'יק מיט די קלוגע שוואַרצע אויגעלעך. ווער ווייסט וואָס טוט זיך מיט זיי? צו זיי לעבן נאָך ערגעץ? זיינע חברים, זיין פאָטער'ס שטוב? אַלעם האָט ער איבערגעלאָזט, ווי אַ אומפאַר־אַנטוואָרטליכער ווילדער טיגער. און פאַרוואָס און פאַרוואָן??? ער איז אַנטלאָפן פונ'ם ליכטיגן אידישקייט אינ'ם אָפּגרונד אַריין, אין די גרעסטע געמיינסטע „טומאה". וואָס האָט ער פון זיין גאַנץ לעבן?

פון וועלוול'ס אויגן האָט זיך געגאָסן די טרערן. ביי אַ יעדן „טריל" פונ'ם „כל נדרי" ניגון האָט ער געפילט, ווי מ'וואָלט אַריינגע־

גראַבלט אין זיין מוח און מ׳וויל עס פון דאָרט אַרויסרייסן, און ווי זיין האַרץ שפּאַלטנט זיך אויף הונדערט שפּאַלטנס.

אַזוי איז ער געשטאַנען דאָרט וועלוול, געוויינט און געוויינט איבער׳ן גאַנצן דאַווענען. ער האָט נישט געהאַט די מוט צו עפענען די טיר און אַריינגיין אויסשרייען „אידן איך בין דאָ צוריק"! דערבאַרעמט אייך איבער מיר!

נאָכן דאַווענען איז ער אַוועק אָן דעם וואָס עמיצער זאָל אים באַמערקן. וואָס ער זאָל איצט טאָן, האָט ער נאָך נישט באַשלאָסן, אָבער קודם דעם יום כפור האָט ער געפאַסט ווי אַלע אידן. ער האָט זיך מיט פאַרשידענע תירוצים אַרויסגעדרייט פון עסן.

* * *

נאָך יום כפור, האָט זיך דער „יצר הרע" געמאַלדן, איך בין דאָ! דו וועסט נישט אַנטלויפן אַזוי שנעל פון מיר! ער האָט אים אַנגעהויבן צוריק מבלבל זיין דעם קאָפּ:

— אויף צוריק איז דיר סייווי נישט דאָ קיין וועג. די אידישע געזעלשאַפט האָט דיך אויסגעשפּיגן און מ׳וועט דיך שוין נישט צוריק אַריינגעמען. און דו וועסט דיך אויך נישט אַריינפּאַסן. דו לעבסט שוין אין אַ אַנדער וועלט. דו וועסט קענען זיין צוריק אַ פרומער איד ווי דו ביזט געווען? מאַך דיך נישט נאַריש, ס׳איז אוממעגליך!

דו האָסט אַזויפיל מיטגעמאַכט אין געליטן פאַר׳ן קאָמאָניזם — האָט אים דער „יצר הרע" געמאַכט ווייטער דעם חשבון — און ענדליך האָסטו דיך שוין גאַנץ שיין אַרויפגעאַרבעט. דו האָסט געווינען די צוטרוי פון די גרויסע פירערס, און דו וועסט נאָך שטייגן ווייטער. ווילסטו איצט דיין קריירע איבעררייסן, וועגן גאַנץ אומזיכערע זאַכן וואָס איז שוין פון דיר אין גאַנצן פאַרפרעמדט, וועסט בלייבן אין די לופטן נישט אַהער און נישט אַהין. און דערצו איז דאָך נאָך זיכער דאָס מ׳וועט דיר דעם פאַרראַט נישט שענקען, דו וועסט ווערן ליקווידירט צווישן אַ יאָ און צווישן אַ ניין, ס׳וועט קיינער נאָך דיר אפילו אַ ניס נישט געבן.

ס׳איז נישט כדאי זאָלסט דיך אַריינלאָזן אין אַזאַ פרישע מסוכן־דיגע אַוואַנטורע — האָט אים דער „יצר הרע" געראָטן.

אָבער דער „יצר טוב" האָט אויך געטאָן דאָס זייניגע:

— וועלוול, לאָז דיך נישט! רייס דיך אַרויס פונ׳ם זומפּ! איצט איז די צייט. דו האָסט דאָך אַמאָל געלערנט, ווייסטו דאָך, אַז די טויערן פון „תשובה" זענען קיינמאָל נישט פאַרשלאָסן. באַרעכן דיך וועלוול. דו קענסט נאָך אַלעס צוריק פאַרריכטן. ווילאַנג מ׳לעבט איז קיינמאָל נישט שפּעט. אפשר וועסטו נאָך אפילו צוריקטרעפן דיין ווייב און קינד. אפשר וואַרטן זיי דיך ערגעץ? אפשר לעכצן זיי נאָך

דיר? אפשר די „טרערן" פון דיין ווייב וואס זי פארגיסט איבער דיר לאָזן דיך נישט רוען. זעסט דאך אז ס'איז נישט פשוט. וויפיל דו האסט דיך געמאַטערט צו ווערן א גוי גלייך ווי אלע גוים, איז דיר נישט געגאנגען.

איצט איז די צייט וועלוול — האט מיט אים דער יצר טוב איינגעטענה'ט — קער צוריק, זיי צוריק א מענטש. די תורה וואס דו האסט געלערנט אין די יוגנט וועט דיך ארויס העלפן צו געפינען צוריק דעם וועג.

אזוי האבן זיך אין אים געשלאגן דער „יצר טוב" מיט'ן „יצר הרע", און וועלוול איז ארומגעגאנגען א צעמישטער. ער האט נישט געוואוסט ביי וואס זיך אָפּשטעלן.

ס'פארשטייט זיך, אז ביי די אידן אין לאגער האט ער שוין כמעט אין גאנצן אויפגעגעבן די שטרענגקייט. זיי האבן נישט געוואוסט וואס מיט דעם „צורר היהודים" איז געווארן, ער מאכט זיך נישט הערנדיג נישט זעענדיג. און אפשר איז דאס גאר ביי אים עפעס א כיטרע פלאַן — האבן א סאך געטראכט — ער זאל געוואויר ווערן אלעס וואס זיי טוען, זיי זאלן זיך פאר אים פארטרויען, און נאכהער וועט ער אויף זיי ארויספאלן, ווי א חי' אויף זיין פארצוקטע רויב.

* * *

ביז חנוכה צייט, איז וועלוול ארומגעגאנגען מיט זיינע פלאַנטערנישן אין קאפּ. און האט נישט געהאט בכח צו באשליסן אויפ'ן צוריקקער צום אידישקייט. ער האט אבער געפילט אז לאנג קען ער עס שוין נישט ציען. ס'דארף אים נאר אונטערקומען עפעס א געלעגנהייט, וואס דאס זאל אים געבן א שטארקן שלעפּ ארויס מיט א טרייסל אין די ביינער, און ס'זאל אים אוועקשטעלן אויפן ריכטיגן וועג.

און דער געגעלעגנהייט איז געקומען.

ס'איז געווען אין א קאַלטער ווינטער נאכט. וועלוול האט זיך נישט גוט געפילט זיצנדיג אין שטוב. ער האט געוואלט זיך אביסל דורכגיין. ארייגזאפּן א ביסל פרישע קאַלטע לופט. ער האט זיך אנגעטאָן דעם ווינטער-פעלץ מיט די געפּוטערטע שטיוול און נאך אלע אנדערע זאכן דערצו, צו באשיצן פון די שרעקליכע סיבירער קעלט. און איז ארויסגעגאנגען מאכן א שפּאציר אינ'ם לאגער. קומענדיג צווישן די באַראַקן פון די אידן, האט ער דערהערט עפּעס א מאדנע ציענדן ניגון מיט הארציגע לירישע טענער זינגען. ער איז נאכגעגאנגען דעם ניגון ביז ער איז צוגעקומען צו א אָפּגעזונדערט שטיבעלע אין איינעם פּון די באַראַקן, פון דארט איז דער קול ארויס צירקע צוויי מנינים אידן — גאַליציאנער חסידים — זענען דארט געזעסן און געזונגען מיט גרויס געפיל און דביקות א „זמר" מיט אַן אַלטן שיינעם ניגון.

עס איז געווען די נאכט פון „זאת חנוכה", די אידן זענען זיך צונויפגעקומען צוליב די אכטע חנוכה ליכט, צו פארברענגען א ביסל אין איינעם, ווי אינדערהיים ביים רבי'ן אין די גוטע צייטן. א ביסל משקה האט אויך נישט געפעלט. ־וועלוול האט זיך אזועקגעשטעלט הינטערן פענסטער אריינזאפן אין זיך די הארציגע טענער פון דעם סקארבאווער ניגון, דאס געזיינגעכץ האט אים תיכף געפאנגען דאס הארץ, און דער ניגון האט אים ווי צוגעשמידט צום ארט. איבערהויפט זעענדיג דורכ'ן פענסטער די דביקות'דיגע פנים'ער פון די חסידים ביים זינגען, האט ער געפילט ווי יעדער „טריל" פונ'ם ניגון קלאפט אפ אויף די סטרונעס פון זיין הארץ, און ס'ברענגט אין אים אויף אמת'ע „תשובה" געדאנקען, גאר אויף א טיפערן אופן ווי ביז אהער ביי די אלע גלעגנהייטן.

נאכ'ן אפזינגען דעם ניגון א שטיקל צייט, האט זיך אויפגעשטעלט דער עלטסטער פון די חבורה, און אנגעגאסן א גלעזל „משקה", און געזאגט:

— לאמיר טרינקען ברודערלעך וואס מיר זענען „אידן"!

געמאכט א ברכה, פארזוכט א ביסל, און געזאגט:

— לחיים ברודער! לאמיר טרינקען וואס מיר זענען „חסידים"!

פארזוכט נאך א ביסל, און געזאגט:

— לחיים ברודער! דער זכות פון די צדיקים זאל אונז ביישטיין, מיר זאלן זיך קענען דערהאלטן.

פארזוכט נאך א ביסל, און געלאזט זיך אויף א „ריקוד" מיט די חברה, אויף די ווערטער:

„ברוך אלקינו שבראנו לכבודו, והבדילנו מן התועים, ונתן לנו תורת אמת".

זיי האבן אפגעטאנצט א שטיקל צייט מיט א גרויסע שמחה און התלהבות. נאכהער האט נאכאמאל דער עלטסטער פון די חבורה גענומען צו זינגען די ווערטער:

„ברודער טייערע! מיר האבן א בורא —
„מיר זענען גליקליך מיט זיין תורה —
„דאריבער האבן מיר פאר קיינעם נישט מורא —
„נו, זינגטשעט „ליהודים היתה אורה" —

דער עולם האט נאכגעזונגען מיט התלהבות די ווערטער, נאכאמאל און נאכאמאל. מ'האט נאכאמאל גענומען אביסל „משקה", און דער עלטסטער האט געזאגט:

לחיים ברודער! נאר געלעבט, נישט מייאש זיין זיך, נאר געלעבט! ס'וועט נאך אויפשיינען דער מארגנשטערן...!

נאכהער האבן זיי זיך גענומען ווידער צו זינגען א שיינעם „זמר" צוליב חנוכה, אויך זייער א הארציגער התעוררות'דיגער ניגון,

וואס וועקט דאס הארץ צו „תשובה".

דאס אלעס האט וועלוול אויסגעהערט פון דרויסן. ער האט געפילט אז ווייטער גייט עס נישט. דאס מעסטל האט זיך איבערפולט, און ער מוז עס אויסלאָדענען זאל זיין וואס ס'זאל זיין. דאס הארץ האלט אים ווייטער נישט אוים.

וועלוול האט ספאָנטאן געעפנט די טיר, און איז אריין מיט א שטורעם:

— אידן! איך בין דא צוריק! ראַטעוועט מיין נשמה!

וועלוול האט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד „בפישוט ידים ורגלים" (אויסגעשטרעקטע הענט און פים).

אוי! אידן ראַטעוועט! ראַטעוועט! — האט ער געשריגן מיט גרוים געוויין — איך בין אויך א איד, איך בין געווען א חסיד, איך האב אויך געהאט א רבי'ן.

געוואלד אידן! דערבאַרעמט אייך, ראַטעוועט א פאַרבלאָנ־דשעטע נשמה! ראַטעוועט, נעמט מיך מיט אייך, פאַרלאזט מיך נישט!

די אידן האבן זיך זייער דערשראקן די ערשטע מינוט. ס'האט געדויערט א ביסל ווילאנג זיי האבן זיך געכאַפּט אז דאס איז „וולאדי־מיר" דער קאָמיסאַר, וועלכער האט זיך געהאט אויסגעצייכנט מיט זיין רשעות. זענען געווארן אזוי איבערראשט, אז זיי האבן נישט געקענט ארויסרעדן א וואָרט. זיי וואָלטן זיך אזא זאך אין ווייסטן חלום נישט פארגעשטעלט, אז וולאדימיר איז א איד פון א פרומען שטאם, געווען א חסיד פון א רבי'ן.

נאך א ביסל ווארטן, דער ערשטער שאָק האט זיך א ביסל איינגעשטילט. וולאדימיר האָט נאך געוואָיוועט ליגנדיג אויף דער ערד, האט דער עלטסטער זיך אנגערופן:

— פאָניע וולאדימיר, בארואיגט אייך...

אוי געוואלד! זאגט מיר נישט „פאָניע וולאדימיר" — האט אים וועלוול אין מיט'ן איבערהאקט — איר שטעכט מיך ווי מיט א שפיז. מיין נאמען איז „וועלוול". דערבארעמט אייך אויף „זאב בן זעלדא" בעטיך פאר מיין נשמה...

ווען די מענטשן האבן שוין אנגעהויבן א ביסל צו פארנעמען וואס דא קומט פאָר, האבן זיי זיך ערשט נישט געקענט גענוג וואונדערן, וויאזוי האט דאס פאַסירט אז אזא פארקראָכענער נפש אין די „מ"ט שערי טומאה" זאָל אזוי נתעורר ווערן צו תשובה? ווי האט זיך גענומען צו אים אזא כח? ער זאל גרייט זיין אלעס אוועקצווווארפן, זיין גאנצע שררה, ער זאל נישט קוקן אויף די אלע סכנות וואס לויערט אויף אים דאדורך...?

וואס וואונדערט איר אייך ברודערם? — האט זיך דער עלטסטער

אַנגערופן — דאס איז דער כח פונ'ם „בעל שם טוב הקדוש", ער האט געהאט בכח ארייננבלאָזן א „חיות" אין „עצמות יבשות" (פארטרוקנטע ביינער). זיין כח איז איצט אין די דאָזיגע נאכט דערוועקט געווארן.

קומט אהער ר' וועלוול — האט ער געזאגט צו וועלוול'ען — נעמט א גלעזל משקה, איר זענט געווארן די נאכט צוריק אַנגעקניפּט אין אייער שורש.

נאר געלעבט ר' וועלוול! ווילאנג די נשמה איז אין מענטש קען מען אלעס פארריכטן.

נאכדעם ווי די געמיטער זענען א ביסל בארואיגט געווארן, האט מען אנגעהויבן צו טראכטן א עצה, וואס טוט מען מיט וועלוול'ען?

נאך א באראַטונג פון א צוויי שעה איז געבליבן, אז מ'זאל וועלוול'ען דערווייל אויסבאהאלטן אין א „מקום סתר" (א פארבאָרגן פלאץ). ס'וועט ארויסגיין א קול אז וולאדימיר דער קאָמיסאר איז פלוצים אוועקגעקומען. דאס וועט קיינעם נישט איינפאלן אז ער איז א איד, און ער געפינט זיך באהאלטן צווישן די אידן. מ'וועט אים אוודאי זוכן א שטיקל צייט, דערנאך וועט מען זיך בארואיגן אז ער איז אוודאי פארקראָכן טיף אין א וואלד און איז אומגעקומען פון קעלט אדער פארצוקט געווארן פון א חי', וואס זענען שטארק שכיח אין די סיביר'ער וועלדער. אין רוסלאנד — איבערהויפּט אין סיביר — מאַכט מען נישט אַ גרוים עסק פון אַ מענטש, ער איז „אַוועקגעקומען" און ערלעדיגט. מ'וועט באלד זעצן אויף זיין אָרט אַן אַנדערן קאָמיסאַר.

דער פלאן האט געארבעט גאנץ גוט. ס'איז אלעס געווען גענוי ווי מ'האט זיך פארגעשטעלט. פון מאסקווע איז באשטימט געווארן א נייער קאָמיסאר אויף וועלוול'ס פלאץ. און וועלוול איז געווען באַהאלטן. צוויי חסידים — פון די וואס זענען געווען אנוועזנד יענע נאכט — זענען געשטעלט געווארן צו זארגן פאר וועלוול'ען אלע געברויכן. אלעס איז געגאנגען בסודי סודות, די איבריגע מענטשן האבן קיינער קיין אַנונג נישט געהאט וואס דא איז פארגעקומען מיט וולאדימיר דער קאמיסאר, און וואו וועלוול איז איצט באהאלטן.

וועלוול איז געווארן א אמת'ער „בעל תשובה". ער האט אין זיין באהעלטעניש עוסק געווען אין תשובה און אין תפלה א גאנצן טאג מיט גרויסע בכיות. צוביסלעך איז ער געלייטערט געווארן, ער האט באַקו־מען צוריק א אידישע צורה.

וועלוול האָט אויף זיך גענומען, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיגן, וועט ער — מיט השי"ת הילף — פאָרן אויף ארץ ישראל, און אויסנוצן זיין גאַנצן כח אויף צו ראַטעווען אידישע נשמות פון די ציוניסטישע „כופרים", וועלכע בושעווען דאָרט אָרום. דאָס וועט זיין זיין „תקון הנפש" אויף זיין „עבר" וואָס ער האָט אַזוי

שטאַרק מורד געווען אינ׳ם הייליגן באַשעפער.

ווי ס׳האָט זיך געעפנט פאַר אידן דער וועג, אַרויסצופאָרן פון סיביר און לאָזן זיך אין וועג אַריין אויף ארץ ישראל, איז וועלוול געווען פון די ערשטע. ער האָט אָנגעווענדעט אַלע כוחות. און איז נאָך אַ פּאָר חדשים וואַנדערנישן אָנגעקומען, מיט׳ן אויבערשטנ׳ס הילף, אויף ארץ ישראל.

— ח —

„טעהעראַן״ — האָבן מיר שוין אויבן געשריבן — איז געוואָרן אין מיטן ברען פון די מלחמה, אַ רעטונגס־אָרט און אַ זאַמלפּונקט פאַר אַ באַדייטנדן צאָל אידישע פליטים. און דער עיקר פאַר מינדעריעריגע אידישע קינדער, פון פּוילישע בירגערס, וועלכע האָבן זיך אויף פאַרשידענע אופנים געראַטעוועט פונ׳ם דייטש, דורך די רוסישע גרענעץ. מעהרסטנטייל יתומים, וועלכע האָבן שוין מיטגעמאַכט שרעקליכע זאַכן אין זייער יונג לעבן אויף דער וועלט. אַסאַך פון זיי האָבן אַליין מקבר געווען זייער טאַטן אין די סיבירער וועלדער, אָדער נאָך אין אַ פּוילישע וואַלד ביי די פּאַרטיזאַנען. און זיי האָבן אַרומגעוואַנדערט אַנדערהאַלבן צוויי יאָר אין פאַרשידענע צרות מיט איבערמענטשליכע באַדינגונגען. ביז דער אויבערשטער האָט געהאָלפן, אַז זיי זענען געווען פון די גליקליכע וואָס די פּוילישע גלות־רעגירונג האָט זיי גענומען אונטער זייער שוץ און אַריבערגעפירט זיי אויף „טעהעראַן״, אַלס פאַר־פּאָסט צו ארץ ישראל.

די קינדער זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאַגערן. וועלכע האָבן זיך געפונען אַביסל אויסער די שטאָט, די פּוילישע רעגירונג האָט מסכים געווען צו שטעלן די קינדער אונטער׳ן אויפזיכט און פאַרוואַלטונג פונ׳ם „סוכנות״ אין ארץ ישראל (די סוכנות איז געווען די לעגאַטימע פאַרטרעטונג פונ׳ם אידנטום אין ארץ ישראל אַ קעגן די וועלט. אַ פרייע סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט. צונויפגעשטעלט פון די ציוניסטישע פירערס). די סוכנות האָט אַרויסגעשיקט אַ גרויסן שטאַב פון ערציערס, וועלכע זיי האָבן גערופן מיט׳ן נאָמען „מדריכים״. זייער אויפגאַבע איז געווען אויפצופּאַסן אויף די קינדער און געבן זיי אַ ציטוויילעגע ערציאונג, און צוגרייטן זיי צו די עלי׳ אויף ארץ ישראל. דער הויפּט פון די מדריכים דעם סוכנות׳ס פאַרטרויאונגס מענטש איז געווען אַ געוויסער „לעדערבערג״, אַ חלוץ פון איינעם פון די לינקע קיבוצים פונ׳ם סוכנות, אים האָט מען גערופן „מדריך ראשי״.

אויף צו דעקן די שפּעזן פונ׳ם אויפהאַלטונג פון די קינדער, האָט די פּוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן באַשטעטיגט צו צאָלן פאַר יעדן קאָפּ אַכט לירות פּער־חודש, דאָס איז געווען אין יענע צייטן אַ קלאָסאַלע

סומע וואס א פאמיליע האט געקענט אין ארץ ישראל דערפון אנשטענדיג אויסלעבן. שפעטער מיט א פאר מאנאט, אז די פולישע רעגירונג האט דערפארן אז די קינדער ווערן דורך די שליחים פון סוכנות ערצויגן צו „כפירה בהשם" רח"ל האט זי זיך אויסגענומען א „תנאי" אז זי צאלט די אכט לירות פער קאפ נאר אזוי אויב זי וועט באקומען א פארפליכטונג דאס די קינדער וועלן באקומען א רעליגיעזע ערציאונג. זי האט באטאנט און איר ווענדונג, אז זי מיינט נישט די קריסטליכע רעליגיע, פארקערט זי האט געגעבן א שטרענגן פאראדערונג פאר די מיסיאנערישע אגנטן אין טעהעראן אז זיי זאלן אבסעלוט נישט פירן קיין אגיטאציע צווישן די געראטעוועטע אידישע קינדער. אבער זי פארלאנגט זיי צוערציען לויט די אידישע רעליגיע מיט „אמונה בהשם" נישט קיין עטאאיסטישע ערציאונג. ווארום זי האט א הונדערט פראצענדיגע אימפארמאציע אז די אלע קינדער פון פולין זענען פון דערהיים אוים „רעליגיעזי" ווי ס'איז אויך באוואוסט אז „רוב רובו" פונ'ם פולישן אידנטום זענען געווען פרומע אידן.

די „סוכנות" האט זיך געזען אין דעם אנגעלעגנהייט מיט'ן פולישן מיניסטער „קאט" און פארשטענדיגט אים, אז די „סוכנות" פארציכטעט אויף די העלפט פון די שטיצע, זי איז בערייט צו נעמען פיר לירות פאר יעדן קינד אנשטאט אכט, נאר די פולישע רעגירונג זאל אפטרעטן פון דעם „תנאי" צו ערציען די קינדער „רעליגיעזי". און געגעבן אויך צולאזן הערן דעם מיניסטער קאטעגאריש, אז אויב די פולישע רעגירונג וועט באשטיין דורכאוים אויף איר „תנאי" איז די סוכנות בערייט מוותר צו זיין אין גאנצן אויף איר שטיצע — טראצדעם וואס זי געפינט זיך צוליב די מלחמה אין דער וועלט אין א שווערע פינאנציעלע לאגע אבער זי וועט דעם „תנאי" נישט נאכגעבן, זי וועט די קינדער ערציען נאר לויט איר איבערצייגונג און אנשויאונג. די פולישע רעגירונג איז געווען אינטערעסירט צוליב פאליטישע און פראפאגאנדע צוועקן יא אנצוגיין מיט די שטיצע, איז — על כל פנים — רעדוצירט געווארן די שטיצע פון אכט אויף פיר לירות פאר יעדן קינד.

* * *

די קינדער-לאגערן אין טעהעראן זענען אויפגעשטעלט געווארן אלול תש"ב.

ווי רבקה מיט איר ישראלי'קל, זענען אנגעקומען אויף טעהעראן, האט זי אויך געדארפט אריינגעבן איר ישראלי'קל אינ'ם קינדער-לאגער צווישן די איבריגע, און זי איז אריין אין א אנדערן לאגער פון ערוואקסענע פרויען וועלכע איז באשטאנען מעהרסטנטייל פון די מאמעס פון די קינדער.

אינ'ם לאגער וואס ישראלי'קל האט זיך געפונען איז געווען ס"ה

— 65 — 733 — קינדער. איבער די — 733 — קינדער זענען געווען — 65 — „מדריכים" פונ'ם „סוכנות", ד.ה. א מדריך פאַר יעדע עלף קינדער. דאָס איז זייער א גרויסער צאָל, אין קיין שום קינדער־אַנשטאַלט געפונען זיך נישט פאַרפּאַרציאָנעל אַזאַ גרויסע צאָל „מדריכים" אָדער ערציערס.

פון די ערשטע מינוט איז געווען קענטיג דאָס די אַלע — 65 — מדריכים, האָבן דער עיקר געהאַט „איין" אויפגאַבע, צו היטן די קינדער פון „אידישקייט", היטן זיי פון „שמירת התורה והמצות", און אָפּהאַלטן זיי פון אַלע רעליגיעזע געוואוינהייטן, מאַכן זיי צובים־לעך פאַר „כופרים בעיקר" רח"ל. די מדריכים האָבן דאָס גערופן אין זייער שפּראַכע „צוגרייטן די קינדער צום נייעם סאָרט לעבן פון ארץ ישראל".

דאַווענען מיט „מנין" האָט מען זיי פון דער ערשטע מינוט פאַרבאָטן. און אַז עטליכע עלטערע אינגלעך האָבן קעגן דעם פּראָ־טעסטירט:

ס'טייטש, אין וועלכן לאַנד איז דאָס פאַרבאָטן צו דאַווענען „בציבור" אויסער דייטשלאַנד?

האָט זיי דער מדריך „ברוינשטיין" געענטפערט:

אַז רוסלאַנד איז א גרויס מעכטיג לאַנד פון צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן, און ס'איז דאָרט אויך פאַרבאָטן צו דאַווענען בציבור".

אָבער אין דער אמת'ן האָט מען געשטערט אויך דאָס דאַווענען „ביחידות", מיט פאַרשידענע אויסרייד. ווען א קינד האָט געדאַווענט אין באַראַק ווי זיי האָבן געוואוינט, האָט מען אים געשטערט מיט'ן אויסרייד, אַז ס'איז נישט שיין צו דאַווענען אין דעם אָרט וואו מ'שלאָפט. איז דאָרט געווען א גרויסער זאַל וואו ס'האָט געדינט צו לערנען דאָרט נייען די מיידלעך, האָבן זיי געבעטן מ'זאָל זיי לאָזן דאָרט דאַווענען, נישט אין די אַרבעט־צייט, האָט מען זיי נישט ער־לויבט. די קינדער האָבן געטענה'ט:

— גוט מיר וועלן נישט דאַווענען „בצבור", אָבער גיט אונז א פּלאַץ וואו מיר זאָלן קענען דאַווענען „ביחידות", סיי ווי זענען די מערהסטע קינדער געווען אונטער די בר־מצוה.

מ'האָט זיי אָפּגעזאָגט: — ס'איז נישטאָ!

סוף האָבן די קינדער אַרויסגעזוכט א ליידיגן פאַרלאָזטן באַראַק, זיי האָבן דאָס אויסגערייניגט מיט זייערע יונגע הענטלעך, און זיי האָבן אָנגעפאַנגען דאָרט צו דאַווענען. האָבן די מדריכים געזאָגט, אַז דאָס פּלאַץ ווילן זיי נוצן צו באַשמירן די פּאַרוואָרלויזטע און פון בייסעניש ליידנדע קינדער, און אין מיטן ווי די קינדער האָבן געדאַ־ווענט, האָט מען אַריינגעבראַנגט אַהין די דאָזיגע ליידנדע קינדער, אויסגעטאָן זיי נאַקעט אין גאַנצן, און באַשמירט מיט א שאַרפן גרוכנדיגן

זאָלב. אזוי אז די קינדער האבן נישט געקענט מער אריינקומען דאווענען.

די קינדער האבן זייער געוואלט זאגן „קדיש" נאך זייער אומגעבראַכטע עלטערן. האבן זיך עטליכע מאל צונויפגעזאמלט א גרופע קינדער און געזאגט א קדיש נאך זייערע עלטערן.

דער מדריך ראשי „לעדערבערג" האט דאס באמערקט, האט ער געגעבן א שטרענגן באפעל — „צו זאגן קדיש איז פאר די קינדער שטרענג פארבאָטן", מיט'ן אויסרייד: — אז פאר די קינדער'ס וואויל־זיין איז געזונטער ווען זיי פארגעסן פון זייערע עלטערן, כדי די שרעקליכע גרויזאמע איבערלעבונג וואס זיי האבן מיטגעמאכט זאל אויסגעמעקט ווערן פון זייער „זכרון".

די קיך אינ'ם לאגער איז געווען „טריפה". אין אָנפאנג האבן א סאך קינדער נישט געוואלט געניסן פון די טריפה'נע קיך, זיי האבן נאר געגעסן ברויט מיט וואסער, און א ביסל גרינס אדער א פרוכט וואס מ'האט געטיילט פאר אלעמען גלייך. צוביסלעך איז אלץ ווייניגער געווארן די צאל פון די „כשר" עסערס זיי האבן נישט אויסגעהאלטן, זיי זענען סייווי געווען אלע אָפגעשוואַכטע קינדער פון דעם אלעם וואס זיי האבן שוין מיטגעמאכט. די צאל וואס איז נאך געבליבן האבן זיך געווענדעט צום מדריך ראשי לעדערבערג, ער זאל באשטימען פאר זיי מער ברויט און גרינס מיט פירות ווי פאר די אנדערע וויניגסטנס א טאָפעלע פאַרציע, ווארים זיי עסן דאך נישט די געקעכץ פון די קיך.

לעדערבערג האט נישט באוויליגט — ס'איז נישט דא קיין געלט אויף דעם — האט ער זיי געענטפערט.

אין דער זעלבער צייט האבן די מדריכים אויסגעגעבן הונדערטער טאָמאַן'ס (פערסישע געלט) אויף טעיאַטער'ס און סינימאַ'ס א יעדן טאג.

אין לעדערבערג'ס געבורטסטאג האבן זיי געקויפט וויין פאר פינף הונדערט טאָמאַן'ס און איינגעאָרדענט א „באַל" פאר אלע מדריכים, זיי האבן זיך כמעט אלע אָנגעשיכור'ט געהוליעט און געוואלדעוועט, ביז די פערסישע פאליציי האט זיך געדארפט אריינמישן, זי האט עטליכע און צוואנציג ארעסטירט.

די „כשר עסער" קינדער האבן געמוזט אויסקומען פון די געוויינליכע פארציע ברויט וואס מ'האט אלעמען געטיילט, זיי זענען שטארק אפגעשוואכט געווארן, ס'איז אָפט פאָרגעקומען צווישן זיי פאַלן פון חלשׁ'ן און הארץ־אפשוואכונג. ס'איז געווען א פאַל וואס א קינד פון די כשר עסער האט גע'חלש'ט און א דאקטער האט אים באהאנדלט. האט לעדערבערג געמאכט א באמערקונג פארבייגייענדיג פאר'ן דאקטער:

— נישט געפערליך אויב ס'וועט שטאַרבן איינער אדער צוויי פון זיי, וועלן זיי דאן פאַרציכטן אויפ'ן כשר'ס, וועט זיין אָרדענונג אין לאַגער.

* * *

ישראל'יקל איז שוין דעמאָלס געווען אַ אינגל אינ'ם ניינטן יאָר, אַ פאַרשטענדליך און אַנטוויקלט קינד. זיינע קענטעניסן אין אידיש־קייט איז געווען דער עיקר וואָס ער האָט נאָך אין זיך איינגעזאַפּט אינדערהיים ביז צו די צירקע זעקס יאָר, און דאָס איבעריגע וואָס די מוטער האָט מיט אים געלערנט אונטערוועגס, וויפיל אַ מאַמע האָט שוין בכח צו לערנען, איבערהויפּט אין אַ זעלכע אַפּנאָרמאַלע אומ־שטענדן. אָבער פאַר ישראל'יקס שאַרפן מוח איז דאָס שוין געווען גענוג אויף צו זיין אַ באַוואוסט־זיניגער איד, דורכגעדרונגען מיט פרו־מע אידישע געפילן.

ישראל'יקל האָט לכתחילה נישט באַנומען וואָס דאָ קומט פאָר, זיין יונגער קאָפּ האָט נישט געקענט באַגרייפן ווי איז מעגליך אַזאַ זאַך אַז אידן זאָלן איינעם רודפ'ן וועגן „אידישקייט". ער פלעגט יעדן צווייטן דריטן טאָג אַריבערכאַפּן זיך צו די מוטער אויף אַ ווייַלע, דאָס האָט ער געטאָן „בגניבה" אָן „רשות", ווייל רשות האָט מען נאָר געהאַט איינמאָל אין וואָך צו באַזוכן אינ'ם באַראַק פון די מאַמע'ס, און אויך אין באַגלייטונג פון אַ „מדריך" אדער „מדריכה" עטליכע קינדער צוזאַמען אויף אַ שטאַרק באַגרעניצטע קורצע ווייַלע.

איינמאָל איז ישראל'יקל געקומען צו די מוטער שטאַרק פאַר־וויינט. אויף איר אינטערעסירן זיך פאַרוואָס ער וויינט? האָט ישראל'יקל געענטפערט, אַז ער ווייס נישט וואָס דאָ קומט פאָר, די מדריכים לאָזן נישט דאַוונען, און זיי שטערן בכלל אידישקייט, זיי רעדן אויפ'ן אויבערשטן — כביכול — מיאוס'ע רייד (רח"ל). אַ סאַך מאָל דוכט זיך אים — האָט ישראל'יקל געזאָגט די מוטער — אַז ס'איז אפשר אַ טעות אין גאַנצן וואָס ער מיינט אַז ער איז שוין אַרויס פון דייטשלאַנד און פון רוסלאַנד...

די מוטער האָט אים באַרואיגט:

— וויין נישט קינד מיינס, מיר וועלן דאָך נישט זיין לאַנג דאָ, מיר האָפן — מיט השי"ת הילף — ביז אַ יאָר זיכער צו זיין אין ארץ ישראל, אינ'ם הייליגן לאַנד וואו אונזערע אבות אברהם יצחק יעקב האָבן גע־וואוינט, און די אַלע „תנאים" וועלכע האָבן געמאַכט די גמרא, דאָרט איז זיכער יעדער פרום און גוט און דאָרט איז נישט דאָ צו אידישקייט קיין שום שטערונג...

אָבער מאַמעשו — האָט ישראל'יקל געפרעגט — די אַלע „מדרי־כים" אונזערע קומען דאָך אויך פון ארץ ישראל...?

אויף דעם האט שוין די מאמע אויך נישט געהאט קיין ענטפער. זי האט עס טאקע נישט פארשטאנען ווי ס'קען זיין. אבער זי האט געשטארקט ישראל'יקן, ער זאל זיך נישט לאזן חלילה אראפפירן פונ'ם אידישן וועג.

א סאך טרערן האב איך פארגאסן — האט זי אים געזאגט — אז דו זאלסט זיין ערליכער איד. זאלסט מיך נישט פארשעמען, ישראל'יקל טייערער.

מאמעשו, דו דארפסט מיר אפילו דאס נישט זאגן — האט ישראל'יקל בארואיגט די מוטער — איך וועל קיינמאל נישט אראפ פון דעם וועג וואס דו האסט מיך געלערנט... איך בין שטארק, איך וועל זיך נישט לאזן...

ישראל'יק האט טאקע געקעמפט א קעגן די מדריכים, ווי א גרויסער בחור. ער האט נישט פארפעלט א טאג צו דאווענען, ער האט געהאט באהאלטן א סידור, און ער פלעגט דאווענען פון א סידור. ער האט נאך צוגערעדט אנדערע קינדער אויך צו דאווענען, ער האט געליען גערן זיין סידור.

פון די וויייניג געבליבענע „כשר עסערס" איז ישראל'יקל געווען איינער. סוף איז דער צאל פון די כשר עסערס אזוי צוזאמען געשרומפען אז ס'איז אין גאנצן געבליבן אין לאגער „פערצן" כשר עסערס, צווישן די איז נאר ישראל'יקל געווען אין א זעלכע יונגע יארן.

— „היטן — קאפעלעך" אויף די קעפ, האבן די מדריכים גערודפ'ט מיט אלע מיטלען. דער מדריך „ברוינשטיין" האט איינגעפירט אז ווען א קינד גייט אריין אינ'ם ביראוי פונ'ם לאגער מוז ער אויסטאן דאס היטל, ווען נישט ווערט ער נישט געענטפערט. אין אלגעמיין האבן די מדריכים געפאדערט, אז בשעת זיי פארנעמען זיך אפיציעל מיט די קינדער „אפעל" (צעלן) פארטראגס א.א.וו. זאלן די קינדער אויסטאן די קאפעלעך, ווען נישט האט מען זיי באשטראפט. ס'זענען פארט געווען קינדער וועלכע האבן זיך מוסר נפש געווען נישט אויסטאן דאס היטל. ישראל'יק איז געווען פון צווישן די.

אסאך מדריכים האבן אפילו גענייט די קינדער צו עסן אן היטלעך. „בנימין" א זיבן יעריג קינד האט נישט געוואלט עסן אן א היטל, האט ער פאר א עונש נישט באקומען פינף טאג מיטאג-עסן, סוף האט ער זיך אונטערגעגעבן און האט שוין אויסגעטאן דאס היטל אפילו ווען מ'האט אים נישט געבעטן.

ס'איז געווען טראגיש צו זען א סצענע, ווי א מדריכה א "מרשעת" האט געוואלט צווינגען א גרופע קינדער פון אכט-ניין יאר אלט צו עסן אן היטלעך, צווישן זיי איז געווען ישראל'יקל, זי האט צוגענומען מיט געוואלד פון אלע די היטלעך, האט ישראל'יק גענומען דעם האנ-

טוך און צוגעדעקט דערמיט דעם קאָפּ, האָט די גאַנצע גרופּע דאָס נאָכגעטאָן. האָט די „מרשעת" צוגענומען די האַנטוכער, האָט ישראל'יק אַרויסגענומען אַ העמד פון שאַפע צוגעדעקט דערמיט דעם קאָפּ, אַלע אַנדערע האָבן עס נאָכגעטאָן, איינער האָט גענומען אַ העמד איינער אַ טישטוך א.א.וו. האָט זי גענומען די אַלע זאַכן, פאַרשלאָסן די שאַפע, האָט ישראל'יק גענומען אַ ליידיג טעלער און אַרויפגעלייגט אויפ'ן קאָפּ, האָבן עס די איבעריגע נאָכגעטאָן. איז די מדריכה געקומען אין כעס און זי האָט געזאָגט:

— אויב אַזוי וועט איר נישט פרעסן.

און זי האָט געלאָזט די קינדער הונגערן ביז בייַנאַכט.

* * *

דעם ערשטן ראש השנה אין לאַגער, האָבן די קינדער גע'חלש'ט צו דאַווענען „בציבור". די ערשטע נאַכט פון ראש השנה האָבן זיך די קינדער פון זיך אַליין אַלע פאַרזאַמלט אינ'ם גרעסטן באַראַק, און איינער אַ גרעסער אינגל האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אַ „שליח צבור". נאָך צירקע דריי יאָר אַרומוואַנדערן אין צרות און נויט איז דאָס געווען פאַר זיי דער ערשטער ראש השנה. די קינדער האָבן זיך דערמאָנט ווי זייערע עלטערן פלעגן דאַווענען אינדערהיים אין די הייליגע טעג, זיי האָבן אַהערגעשטעלט אַ דאַווענען מיט התלהבות און אַ גרויס געוויין, אַז ס'איז געווען אַ מורא'דיג בילד צו זען. די קינדער האָבן געבעטן און געוויינט אויף די רעטונג פון זייער רעשט־משפחה, וועלכע זענען נאָך געבליבן ביים דייטש, אָדער ביים רוס.

די מדריכים האָבן זיך אַריינגעריסן אין מיטן דאַוונען ווי ווילדע חיות און זיי האָבן באַפוילן שוין איבערצוהאַקן דאָס דאַווענען. זיי האָבן געטענה'ט אַז דאָס דאַווענען ברענגט אַריין די קינדער אין אַ היסטערישן טרויער. ס'איז געווען שרעקליך צו זען ווי קינדער שטייען שוין „שמונה עשרה" צווישן זיי איז אויך געווען ישראל'יק, און די מדריכים שטויסן זיי, רייסן פון זיי שטיקער, זיי זאָלן מפסיק זיין און אַרויסגיין, און דאָס קינד לאָזט זיך קלאַפּן און רייסן און ער רירט זיך נישט פון אָרט.

צומאָרגנס האָבן די מדריכים אויסגערופן, אַז יעדעס קינד קען דאַווענען פאַר זיך אויב ער וויל, אָבער דאַווענען „בצבור" איז נישט ערלויבט. אָבער די קינדער האָבן ווי אינסטינקטיוו געצויגן איינער צום אַנדערן, און ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל אין איינעם, זיי האָבן געדאַווענט מיט גרויס כוונה און געוויין. זיי האָבן געבעטן אַ שופר צו בלאָזן. האָבן די מדריכים אָפּגעלאַכט פון זיי. אַ מדריך האָט זיי גע־ענטפערט מיט געשפעט:

— בלאָזט אין די לינקע פּיאה!

אגב, איז דאָ צו באַמערקן, אַז די פּיאות האָט מען זיי כמעט

פאר אלע אָפּגעשניטן, אויסער געציילטע גרעסערע קינדער וועלכע האבן געקעמפּט ווי לייבן און נישט געלאָזט אראָפּשניידן די פּיאות. צווישן די איז געווען דער קליינער ישראל'יקל. ווען מ'האט אים געוואָלט רירן די פּיאות האט ער געמאַכט אַ זעלכע קולות און יללות אַז זיי האָבן געמוזט אָפּשטיין. ביינאַכט פלעגט ער שלאָפן פאַרבינדן דעם קאָפּ מיט אַ האַנטוך, ווייל ער האט מורא געהאַט אַז מ'וועט אים אין מיטן שלאָף אראָפּשניידן די פּיאות, אַזוי ווי מ'האט טאַקע געטאָן פאַר אַ סאַך פון זיי.

„ערב יום כפור" האבן די קינדער געפאָדערט, אַז מ'זאָל זיי פירן אין די שטאָט אין שול אַריין צו „כל נדרי". זיי האבן זייער פאָדערונג באַגלייט מיט אַזאַ ליאַרעם און רעוואָלט, אַז די מדריכים זענען געקומען צום באַשלוס, דאָס ס'איז נישט כדאי זיך אַזוי איינרייסן מיט די קינדער איבער דעם, מ'וועט זיי דאָסמאָל נאָכגעבן. מ'האט אַלע געפירט אין אַ גרויסע שול אין טעהעראַן. די קינדער זענען דאָרט געקומען אין אַזאַ געהויבענעם עקסטאַזיס אַז זיי האבן זיך פּשוט נישט געוואָלט אָפּרייסן פון די שול. די מדריכים האבן זיי נאָכ'ן דאַווענען מיט געוואַלד גע־שלעפּט אַרויס אַהיים צו גיין.

ווי די קינדער זענען געווען צוריק אין לאַגער, האט דער „מדריך ראשי" לעדערבערג אויסגעשריגן מיט אַ הויך קול:

— אַלע קינדער צום עסן!

ליידער זענען דאָס רוב קינדער איבערגערעדט געוואָרן צו עסן. פון אונטער די בר־מצוה איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אַ סאַך פון איבער די בר־מצוה קינדער האבן זיך אויך געלאָזט איבעררעדן. דער „מדריך ראשי" האט זיי געהאַלטן אַ פאַרטראַג און ערקלערט פאַר די קינדער אַזוי ווי זיי זענען סיווי אַלע אָפּגעשוואַכט פון די לעצטע יאָרן וואָס זיי האבן מיטגעמאַכט ליגט גאָרנישט אויף זיי קיין „חוב" צו פאַסטן.

די מדריכים אַליין זענען געזעסן אינ'ם ביראָו, געעפנט ברייט די פענסטערס, און אַהער געשטעלט אַ סעודה פון אַלעם גוטן, פאַר די אויגן פון די קינדער.

צומאָרגנס האט דער „מדריך ראשי" באַשטעלט אויטאָבוסן, און מ'האט די קינדער מיט געוואַלד אַריינגעזעצט און אַזוי געפירט זיי אין שול, טראָצדעם וואָס ס'איז נישט געווען מער ווי צוואַנציג מינוטן גאַנג צופוס, און די קינדער האבן געשריגן געוויינט, אַז זיי ווילן נישט פאָרן נאָר גיין צופוס.

ווען די קינדער זענען אָנגעקומען אין שול אַריין האט מען שוין געהאַלטן ביים סוף פון תפלת שחרית. די קינדער האבן זיך געזוימט אין שול נישט מער ווי אַ שעה־צייט, ביז איבער „קריאת התורה". דער ציל איז געווען צו דערוועקן די רחמנות פון די טעהעראַנער עשירים

אז זיי זאלן ספענדן פאר די קינדער. מ׳האט טאקע מנדב געווען ביי די עליות גרויסע סומעס געלד פאר דעם קינדער־לאגער, ס׳איז איינגעקומען זעכציג טויזינט טאַמאַן׳ס, א ריזן סומע. נאכן לייענען האבן די מדריכים געהייסן די קינדער צו גיין צוריק אין לאגער. איין קינד האט געוואלט דורכאוים בלייבן ביי „יזכור" צו מאכן „הזכרה" פאר די נשמה פון זיינע עלטערן, דער מדריך „בלייכער" האט אים געשלאגן, און ארויסגעפירט מיט כח.

„סוכות" איז נישט ערלויבט געווארן אין גאנצן פאר די קינדער צו גיין אין שטאט אריין. די קינדער האבן זיך געבעטן, אז זיי ווילן גיין אין שטאָט וועגן „אתרוג בענטשן". האבן זיי די מדריכים געענטפערט סאַרקאַסטיש:

— דריי יאָר האט איר פארציכטעט אויף א אתרוג, און איר האט עס אויסגעהאלטן. וועט איר היי־יאר אויך פארציכטן, איר וועט עס אויסהאלטן.

„שמחת תורה" האט מען פאר די קינדער איינגעאָרדענט א באנקעט, מ׳האט פאר אלע געטיילט פוטער־ברויט, מיט חזיר־פלייש.

די מדריכים האבן צוגעלייגט: דאס באקומט איר לכבוד יום־טוב.

* * *

די קינדער זענען געווען אפגעריסן אָפגעשליסן, נאקעט און באָר־וועס, אָן א רעכטן „מלבוש" אַנטועכץ. איינער א גרויסער עושר אין טעהראן, א געוויסער „פאַללאַק", האט געספענדעט ווארימע סוועטערס פאר אלע קינדער. אבער למעשה האבן די מדריכים צוטיילט נאר דריי הונדערט סוועטערס. פון די דריי הונדערט צוטיילטע פאר די קינדער האט אנגעהויבן יעדן טאג צו פעלן סוועטערס, די קינדער האבן נישט געוואוסט וואוהין קומען אוועק זייערע סוועטערס. ביז ס׳איז נישט געבליבן מער ווי אכט קינדער מיט סוועטערס. די קינדער אליין די על־טערע האבן געמאכט א אויספארשונג, האבן זיי אנדעקט אז די „מדריכות" אין לאגער האבן צוגעגנב׳עט די סוועטערס, אויפגעטרענט זיי און אויפגענייט זיך דערפון נייע קליידער.

די זעלבע איז געווען מיט די שיך. די פולישע רעגירונג האט געשיקט געלט אויף אזויפל שיך וויפיל קינדער ס׳איז דא, פאר יעדן קינד א פאָר שיך. אבער למעשה האבן נאר באקומען שיך פופציג קינדער, די וועלכע זענען געווען ארויסהעלפערס פאר די מדריכים. די דאזיגע קינדער זענען שוין אזוי בעארבעט געווארן פון די מדריכים אז זיי זענען געווען „מוסרים" און סאדיסטן פונקט ווי די מדריכים. די איבריגע שיך זענען אוועקגעקומען. די קינדער האבן געמאכט א אויספאָרשונג און זיי האבן אנדעקט ביי א סאך פון די מדריכים צוואנציג דרייסיג פאָר שיך באהאלטן אין זייער צימער.

* * *

מיר זענען נישט אינטערעסירט דא אין אונזער דערציילונג ארוים ברענגען אלע איינצעלהייטן פון די טראַגעדיע וועלכעס רופט זיך „ילדי טעהעראן" (די טעהעראַנ'ער קינדער) וואס ס'האט אין זיין צייט אויפגע־רודערט די רעליגיעזע וועלט. ס'איז פון דעם געשריבן געווארן א גאנ־צער בוך פון א רעליגעזן שרייבער אין ארץ ישראל. מיר האבן דא נאר געברענגט עטליכע גאנץ קורצע שטריכן. דער עיקר האבן מיר נאר געוואלט דא ארויסברענגען די דאָזיגע גרויזאמע סיסטעמאטישע פאר־פאַלגונגען אויף דעם אידישן גלויבן פון די מדריכים „שליחים פונ'ם סוכנות אין ארץ ישראל" אין וועלכן אונזער העלד פון אונזער דערציי־לונג „ישראל'יקל" איז פארמישט.

ס'איז צו באמערקן, אז די מדריכים האבן זיך נישט באגנוגנט מיט זייער „שמד" ארבעט איבער די פליטים־קינדער. זיי האבן געפרואווט אויך ארייננדרינגען צווישן די פערסישע אידישע יוגנט, זיי האבן געמאכט מיט זיי פארזאמלונגען, געהאלטן פאר זיי פאַרטראגן, איינגעארדנט צוזאמען באנקעטן, מיט די איינציגע טריפה'נע כוונה, צו פארסם'ען די דאָרטיגע יוגנט מיט „כפירה" און „מינות". אבער די טעהעראן'ער ספרד'ישער אידישע יוגנט, וועלכע איז געווען טיף דורכגעדרינגען מיט רעליגיעזע געפילן האבן זיך שנעל געכאפט, און זיי האבן אפגעשטויסן פון צווישן זיך דעם געפערליכן כפירה'דיגן ארץ ישראל עלעמענט. ס'איז עטליכע מאל געקומען צו סקאנדאלן, וואס די מדריכים האבן געדארפט מיט חרפות און בושות מאכן א ריקצוג.

ס'איז אינטערעסאנט דא אראפצוברענגען א בריף פון א גרויסן קריסטליכן „גלח", וואס ער האט געשריבן צו זיינעם א אידישן פריינט אויף ענגלאנד אין אנבעלאנגט די טעהעראן'ער רעליגיע פארפאלגונגען פון די „ארץ ישראל שליחים" איבער די פליטים קינדער. דער בריף איז געשריבן געווארן נאָנט פאר'ן אַפרייזן פון די קינדער אויף ארץ ישראל.

דער בריף איז פארעפנטליכט געווארן אין ארץ ישראל אין א באוואוסטע פרייע צייטונג „הבוקר". דאטום א' אלול תש"ג לפ"ק. (איבערגעזעצט אין אידיש וואָרט ב'וואָרט).

„צו מיין ליבן פריינד...

...ווען ס'האבן אָנגעהויבן א סאך פליטים צו שטראָ־מען איבער די רוסישע גרעניץ אויף פערסיע, איז געשיקט געווארן א גרופע פונ'ם ענגלישן קירכנטום זיך אָפצוגעבן מיט די פליטים, מיט מאַטריעלע און גייסטליכע באהאנדלונג. ס'האט זיך ארויסגעוויזן דאס די דאזיגע פליטים זענען מעהרסטנס אידן, געשוואָלענע פון הונגער, אָנגעשטעקט מיט קראנקהייטן אפגעריסן אפגעשליסן, וואס קוים מיט'ן לעבן

זענען זיי אריבער אויף פערסיע, מיט דער האפנונג אַנצוקו־מען וואס פריער צו זייער היים־לאַנד ארץ ישראל.

...די גייסטיגע צושטאנד פון די פליטים, איז גראדע געווען גונסטיג פאר מיסיאָנערישע טעטיגקייטן, און מיט א ברייט פארצווייגטע טעטיגקייט וואלט מען געקענט א סאך אריבערפירן צום קריסטליכן גלויבן... אבער ס׳איז געקו־מען א פאראָרדענונג פון לונדון, אז — גענומען אין באַטראַכט די שרעקליכע נאַכריכטן אויפ׳ן אונטערגאנג פונ׳ם אייראפע־אישן אידנטום — זאל מען נישט מאכן גאר קיין מיסיאָנע־רישע טעטיגקייט צווישן די אידישע פליטים. העלפן זיי מאט־ריעליש ווי ווייט מעגליך, אָן דעם וואס מ׳זאל פרואוון זיי צו בעאיינפלוסן אנבעלאנגט דאס גלויבן. די דאזיגע פאראָרדענונג איז געווארן אָפגעהיט און ס׳ווערט אויך היינט אָפגעהיט אויף הונדערט פראָצענט.

„ס׳איז מערקווירדיג, אז די אידן, צווישן זיי אויך די קליינע קינדער, האלטן זיך אָפּ מט אלע מעגליכקייטן אַנצו־קומען צו קריסטליכע אנשטאלטן.

„ווי ס׳איז אביסל געווארן ארגאניזירט דער פארבאַנד פון די אידישע פליטים אין פערסיע, און פיל הונדערטער קינדער זענען צונויפגענומען געווארן און איבערגעגעבן גע־ווארן אונטער דער אויפזיכט און פאַרוואַלטונג פון די אידן, איז אנגעקומען צו אונז נאכריכטן איבער א אלגעמיינע העץ קאַמפּעני קעגן גלויבן צווישן די אידישע פליטים, און הויפט זיכטלך צווישן די קינדער, וועלכע זענען נאך נישט אימשטאנד צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס. די דאזיגע העץ־פראָפּאַגאַנדע, ווערט געפירט דורך אידישע יונגעלייט, וועלכע טוען ערציען די קליינע פליטים צו ווערן אַטעאיסטן (כופרים בעיקר רח״ל). אין אנהויב האט מען זיך נישט אינטערעסירט אין דער זאך. אבער גאנץ שנעל האבן די טעהעראן׳ער אידן אָנגעהויבן צו רעדן עפנטליך איבער די מעשים פון די דאזיגע אידישע יונגעלייט, וועלכע האבן צעשטערט דאס ג־טסבא־העפטונג פון די קינדער, און זיי האבן פארשפרייט א פאר־דארבענע גייסט צווישן די אידישע פליטים. אויך די נישט־אידישע באפעלקערונג, און הויפטזיכליך צווישן די פערסישע יוגענט האט מען אנגעהויבן צו רעדן אויף די טאטן פון די אויבנדערמאנטע. זיי האבן זיך געווענדעט מיט א קלאגע צו די רעגירונג, דאס זי זאל אננעמען מיטלען קעגן די דאזיגע אידישע יונגעלייט וועלכע זענען דא נישט לאנג געקומען

אין לאנד, און ס'איז העכסטוואַרשיינדליך אַז זיי זענען קאַ־
מאַניסטן.

„די ווירקונגען פון די אויבנדערמאָנטע יונגעלייט, האט דער עיקר אנגערירט די פליטים־קינדער, אבער זיי האבן געשטרעבט אויך אריינצודרינגען אין די קרייזן פון פערסישן אידישן יוגנט אין טעהעראן, אבער נישט מיט א ערפאלג. עטליכע פערסישע אידישע קרייזן זענען געווארן דערשי־טערט פון די נאכריכטן איבער דעם צוואנג אויף די קינדער, עובר צו זיין אויף די מצות פון די תורה. אבער צו ערנסטע שריטן נעמען קעגן זיי, איז די זאך נישט געקומען.

„פון דעם טעהעראן'ער קירכנטום האט מען זיך אויך אינטערעסירט אין דער זאך, און ס'איז פעסט געשטעלט געווארן אז ס'ווערט ריכטיג געפירט צווישן די קינדער א העץ־קאמפעני צו כפירה אין ג־ט (רח"ל).

„ווען איך בין אָנגעקומען אויף טעהעראן, האב איך געוואלט נעמען די אינציאטיוו אין דער זאך, און זארגן אז די קינדער זאלן יאָ באקומען א רעליגיעזע ערציאונג. ווארים וויסנדיג דעם ביטערן שיקזאל פון דעם אייראָפעאישן אידנ־טום, טוט מיר לייד צו זען ווי די קליינע צעבראכענע צעשטוי־סענע קינדער געראטעוועט פון אונטערגאנג פאלן א קרבן צום וואנדאליזם פון געוויסנסלויזע יונגעלייט. אבער אין פארלויף פון עטליכע טעג האָבן זיי שוין אָנגעהויבן זייער רייזע אויף ארץ ישראל.

„ס'איז מיר באוואוסט, אז עטליכע מיליטערישע גייסט־ליכע זענען אָנפארטרויט געווארן פונ'ם ענגלישן קירכנטום צונויפשטעלן א גינויען פראָטאָקאָל איבער'ן רעליגיעזן צו־שטאנד פון די מיליטער לייט אין מיטל־מזרח. די זעלבע האבן אויך צונויפגעשטעלט א פראָטאָקאָל אויפ'ן רעליגיעזן מצב פון די אידן אין ארץ ישראל. און איצט זענען זיי פארנומען מיט'ן שרייבן א ענליכן פראָטאקאל אויף די מוסולמענער און די אָרטיגע קריסטן.

„איך מוז באַטאָנען מיט באדויער אז דער אויבנדער־מאנטער פראָטאָקאָל פון ארץ ישראל, וועט זיכער מאכן א שלעכטן איינדרוק אויף ברייטע שיכטן פונ'ם ענגלישן קיר־כנטום, די זעלבע וועלכע זענען געוועזן ביז היינט שטיצערס פונ'ם ציוניזם.

„איין זאך מוז זיין קלאר און פעסטגעשטעלט:

— „די אידן קענען פאדערן ארץ ישראל נאר לויטן

תנ"ך און זייער היסטאָרישער פארגאנגענהייט, וועלכע זענען די איינציגע דאקאמענטן וואס זאגן עדות אויף זייער פולע רעכט אין ארץ ישראל. אבער אויב די אידן אליין טוען איגנארירן און טרעטן די געזעצן פון די „תורה" וואס עס איז זיי געגעבן געווארן, וויאזוי קענען זיי פארלאנגען פון אנדערע דאס צו רעספעקטירן און אָננעמען אירע רייד?

„איך ווייס אז די טענה איז גענוצט געווארן פיל מאל אלס וואָפן אין די הענט פון די פיינט פונ'ם ציוניזם, אבער איך טו דאס באמערקן מיט א ריינע כוונה אָן פאָראורטייל, כדי איך זאָל מעגליך קענען ברענגען צו א פארבעסערונג אינ'ם רעליגיעזן מצב צווישן דעם אידישן קאָלאָניאַליזם אין ארץ ישראל.

„ס'איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז איך האב לעצטנס געהערט פון מערערע פאלן פון נאכזוכונג נאכ'ן „באשעפער פון די וועלט", גראדע פון צווישן די ערצויגענע אין אזעלכע „קיבוצים" וואו דער אטעאיזמוס (כפירה בעיקר רח"ל) איז זייער טעגליכעס ברויט.

„מיינע רייד וואס איך האב דא ארויסגעברענגט, זענען כדאי צו ברענגען זיי צום אויפמערקזאמקייט פונ'ם אידישן פובליקום, דאמיט זיי זאלן נישט אין א שיינעם פרי-מארגן שטיין פאר א איבערראשונג פון א ברייטן קרייז אנטי-ציוי-ניסטן צווישן די גייסטליכע און גלויביגע אין ענגלאנד, וועלכע וועלן שאפן א בעוועגונג — נישט קיין פאליטישע — „קעגן געפאר פון א רעליגיעזן אונטערגאנג אינ'ם מיטל מזרח".

אייער פריינד...

(דער נאמען איז אין רעדאקציע)

דער בריף דארף קיין קאָמענטארן, ער רעדט פאר זיך אליין... ואוי לאותה בושה...!

— ט —

ווען ס'האט זיך דערנענטערט די צייט וואס מ'האט שוין אנגע-הויבן צו רעדן זאכליך, פונ'ם עולה זיין די טעהעראן'ער פליטים-קינדער אויף ארץ ישראל. האט אנגעהויבן אין ארץ ישראל זיך שטארק צו טומלען איבער די צוקונפט פון די קינדער. די רעליגיעזע האבן געפא-דערט אז די אלע קינדער יתומים פון פולין דארפן איבערגעגעבן ווערן אין רעליגיעזע הענט. אבער פאר די „סוכנות" איז אזא זאך אפילו נישט איינגעפאלן. זי האט געטענה'ט אז די קינדער געהערן אלע צו זיי — די פרייע — און זיי וועלן זארגן פאר זייער חנוך ווי זיי פארשטייען.

ס'האט זיך צעפלאַקערט איבער דעם א גרויסער קאמף.

אין ארץ ישראל האט מען געוואוסט די גאנצע צייט געני פון אלעמען, וואס קומט פאָר אין די קינדער לאגער אין טעהעראן. פונ'ם אינקוויזאציע אויפ'ן „דת" וואס די מדריכים פירן דאָרט דורך. רעליגיעזע קערפערשאפטן האבן פראטעסטירט צום „סוכנות", און אפילו אין די פרייע צייטונגען איז ערשינען ארטיקלען, אז מ'באגייט מיט די יתומים פון פולין וועלכע זענען אלע פון „פרומע", אדער ווייניגסטנס „רעליגיעזע" היימען, און די מדריכים „שליחים פון סוכנות" טוען זיי מיט אלע־ערליי צוואנג־מיטלען איבערפירן צו „חפשיות" פרייהייט און כפירה (רח"ל).

אבער די „סוכנות" איז געווען טויב, זי האט זיך געמאכט נישט הערנדיג נישט וויסנדיג. ס'איז ערשינען קעגן־ארטיקלען לרוב, קעגן די אויבענדערמאַנטע ארטיקלען פון די „מליצי יושר" אין די פרייע בלעטער.

ס'איז אונז אינטערעסאנט אראפצוברענגען א ארטיקל וואס א באוואוסטער פרייער שרייבער, האט געשריבן אין יענע צייטן, אינ'ם אָרגאַן פון די מפא"י, איבער דער אנגעלעגנהייט פון די טעהעראנ'ער קינדער:

...דא רעדט זיך נישט דווקא פון די קינדער וועלכע וועלן בקרוב עולה זיין פון טעהעראן, דא איז זייער א וויכטיגע פרינציפיעלע שאלה „צו מיר (די פרייע) וועלן אפטרעטן מיט'ן מינדעסטן ריקצוג פון אונזערע רעכטן צו א פרייעם נישט רעליגיעזן חינוך אין ארץ ישראל". פון דער ערשטער מינוט וואס מיר האבן זיך גענומען אריינלייגן אונזערע כחות אין „בנין ארץ ישראל" איז אונז אלעמען קלאר געווען אז דער אלגעמיינער „חנוך" פון די „אומה" (פאלק) וועט געשטעלט ווערן אויף א באזעס פון א „פרייעם חנוך". דאס מיינט נישט אז מ'וועט שטערן די רעליגיעזע צו געבן זייערע קינדער א רעליגיעזן ערציאונג, פונקט ווי מ'וועט נישט שטערן די אראבער צו געבען זייערע קינדער א מוסולמענישע אדער קריסטליכע ערציאונג. מיר אלע שטרעבן צו א דעמאָקראַטישן סיסטעם אין לאנד. אבער דער אלגעמיינער אפיציעלער חינוך דארף אָן ספק זיין א פרייער דאס איז אונז אלעמען קלאַר, וואס אויף דעם איז גארנישט דא וואס צו דעבאַטירן. דאריבער איצט אז ס'וועלן אָנהייבן צוקומען די ערשטע שוואלבעלעך פון די געראטעוועטע און איבערגעבליבענע קינדער פון די מלחמה, וואס דאס וועט זיכער האבן א פארזעצונג. דארף ווערן קלאר פאר די רעליגיעזע

און פאַר די גאַנצע וועלט, אַז מיר וועלן נישט אויפגעבן אונזער רעכט צו אַ אַלגעמיינעם „פרייעם חינוך״ אין לאַנד אפילו אויף אַ האָר נישט. דער קאַמף גייט דאָ נישט איבער די עטליכע הונדערט קינדער פון טעהעראַן, וועלכע האַלטן איצט ביים עולה זיין. דאָ איז אַ „הייליגער״ פּרינציפּיאָנעלער קאַמף, איבער די צוקונפטיגע אַלגעמיינע „צורה״ פון אונזער „אומה״.

די רעליגיעזע האָבן נאָר „איין״ באַשיידענע פאָדערונג:

— „אַלע הונדערטער טעהעראַן׳ער קינדער, און אַלע צענדליגער טויזענטער קינדער וואָס מיר האָפן זיי אַרויפברענגען אויף ארץ ישראל, זאָלן איבערגעגעבן ווערן צו אַ רעליגיעזן חינוך, אונטער׳ן טאָטאַלן אויפזיכט פון׳ם „רבנות הראשית״ (הויפּט ראַבינאַט).

ניין! דאָס וועט נישט זיין!

אמת אַז אין „גולה״ (חוץ לארץ) האָט מען זיך געפירט אַז „יתומים״ זענען אַריינגעגעבן געוואָרן אין „תלמוד תורה״. אָבער דאָ אין ארץ ישראל איז דער מנהג קיינמאָל נישט געווען, און ס׳וועט נישט זיין! קיין שום פּאַרטיי, קיין שום ערציאונגס שטראָם — אַ חוץ די די רעליגיעזע זעלבספאַרשטענדליך — וועט נישט מסכים זיין צו אַ איינהייטליכן חינוך אין ארץ ישראל אונטער׳ן אויפזיכט פון׳ם „רבנות הראשית״.

מיר פאַרשטייען די רעליגיעזע ווען זיי פאַרלאַנגען פון אונז רעספּעקט פאַר די „אידישע טראַדיציע״, און מ׳זאָל קיינעם נישט שטערן ווער ס׳וויל זיך פירן רעליגיעז אין ארץ ישראל. אָבער מיר פאַרשטייען זיי נישט ווען זיי פאַרלאַנגען אַ „רבני׳שן רעזשים״ אין ארץ ישראל, מיט אַ קאָנסטיטוציע פון די „אַלטע תורה פון סיני״. ווען דאָס לאַנד וואָס מיר האָפן דאָ צוגרינדן פאַר׳ן פאָלק ישראל, זאָל זיין אַזוינער (אַ רבני׳שער רעזשים), איז בעסער ער זאָל נישט געשאַפן ווערן ווי ער זאָל געשאַפן ווערן. ע״כ.

אַ רעליגיעזער צייטונג ברענגט אַראָפּ דעם בריף, דאַטום י״א חשון תש״ד. און אין אירע קאָמענטאַרן צום דעם בריף שרייבט זי פאָלגענדעס:

— דער אָפּנהאַרציגער בריף פון דעם באַוואוסטן פרייעם שרייבער, שפּיגלט אָפּ גענוי די לאַגע פון׳ם רעליגיעזן אידנטום מיט די פרייע אין ארץ ישראל, און וויפיל די רע־

רעליגעזע קענען פון די פרייע דערוואַרטן...

* * *

טראָצדעם וואָס די פרייע האָבן אַזוי געליאַרעמט איבער זייער לעגיטימער רעכט אויף די טעהעראַן׳ער קינדער, און דאָס זעלבע אויך אויף אַלע קינדער וואָס מ׳וועט אַריינברענגען אין לאַנד. איז אָבער דער רעש און דער טומל אין דער וועלט געוואָרן אַזוי גרויס איבער דעם „טעהעראַן׳ער קינדער רויב״, אַז די „סוכנות״ האָט סוף סוף איינגעזען אַז די זאַך קען ברענגען גרויסע שאָדנס פאַר איר געלט-פאָנדן אין דער וועלט, איז זי סוף סוף איינגעגאַנגען אויף אַ שטיקל פשרה (וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסן שווינדל) נעמליך:

— די „סוכנות״ וועט נישט לייגן די הענט אויף די קינדער סתם אַזוי אָן אַ וואָרט צו זאָגן. נאָר ס׳וועט געזעצט ווערן אַ „קאָ-מיסיע״ וואָס איר אויפגאַבע וועט זיין אויסצופאָרשן אַ יעדן קינד באַזונדער פון וואָסערע היים ער קומט הער צו פון אַ „רעליגיעזן״ אָדער פון אַ „נישט רעליגיעזן״ און לויט דעם וועלן די קינדער צוטיילט ווערן צווישן „רעליגיעזע״ און „נישט רעליגיעזע״ קיבוצים אָדער אַנשטאַלטן.

די סוכנות האָט געמאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי ס׳וואָלט געווען וואָס צו פאָרשן, אַ זאַך וואָס אפילו די גוי׳אישע פּוילישע רעגירונג האָט געוואוסט אויף קלאָר, אַז אַלע קינדער פון פּוילן קומען אַהער — בדרך כלל — פון פרומע היימען.

צו דעם אַ צוגאָב, איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס אויס-פאָרשן דעם „היים״ פון די קינדער, איז נאָר ביי קינדער פון אונטער פערצן יאָר, העכער פערצן יאָר דאַרף מען גאָרנישט פאָרשן, מ׳וועט אים נאָר פרעגן וואָס ער וויל, וואו ער וויל גיין, אויב אין „רעליגיעזן״ אָרט, אָדער אין אַ „נישט רעליגיעזן״ אָרט. מיט דעם באַגרינדונג, אַז אַ אינגל פון פערצן יאָר איז שוין פעאיג אַליין צו באַשליסן אויף זיין לעבנס-פאָרם.

אין דער אמת׳ן האָט דער סוכנות געמאַכט דעם דאַזיגן באַ-שלוס, פאַרלאָזנדיג זיך אויף אירע כחות וואָס זי האָט אין דעם אַריינגעשטעקט אין טעהעראַן, און וואָס זי וועט נאָך אָנווענדן איבער די קינדער אין ארץ ישראל אַז די פערצן יעריגע קינדער וועלן שוין, מעהרסטנטייל, אַליין פאַרלאַנגען אַריינשטעלן זיי אין אַ פרייעם קבוץ אָדער אַנשטאַלט.

ס׳האָט נישט געהאָלפן וואָס די רעליגיעזע האָבן קריטיקירט דעם „הסכם״ און געוואָלט דערינען אויסבעסערונגען, מעהרסטע מענטשן האָבן פאַרשטאַנען אַז ס׳איז פון׳ם סוכנות אַ גרויסע אָפּפער אַריינצוגיין אין אַזאַ פשרה, און מ׳דאַרף אָננעמען אַזוי ווי ס׳איז. באין ברירה, האָבן

זיך די רעליגיעזע געלאַזט צופרידן שטעלן מיט דעם כלומר׳שטן „הישג״.

אַזויפיל האָט מען נאָך אויסגעפועל׳ט מיט שווערע ראַנגלענישן אַז אין די אויפפּאַרשונגס־קאָמיסיע איבער דעם „הײם״ פון די קינדער, וועלכע איז באַשטאַנען פון פינף מיטגלידער, זאָל זיין איינער אַ „רעלי־גיעזער״, און די איבעריגע פיר — זעלבסטפאַרשטענדליך — פון די פיר גרעסטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס מפא״י, שומר הצעיר, ציונים כללים, רעוויזיאָניסטן. קיינער וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון זיינע רעכטן.

מ׳וואָלט געקענט מיינען, ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס אַ ערנסטע „אויספאָרשונגס קאָמיסיע״, מ׳דאַרף דאָ פאַרשטן כאָטש די לבנה מיט די פּלאַנעטן. אין דער אמת׳ן איז עס געווען — ריכטיג געזאָגט — אַ „רויב קאָמיסיע״, דאַריבער האָבן געוואָלט זיין דערינען אַלאַ פּאַרטרעטן. קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זיין חלק אין „נפש הילד״. אפשר וועט מען קענען צורויבן פאַר זיך מער מיט אַ קינד, איז עס אַ הויפּט־טרעפע.

* * *

דער געגנאַרטער טאָג ווען די קינדער פון טעהעראַן וועלן אָפּ־פאָרן אויף ארץ ישראל האָט זיך דערנענטערט.

רבקה האָט זיך געגרייט צו דעם טאָג ווי מ׳גרייט זיך צו אַ גרויסן יום טוב. אַז זי וועט שוין קענען ענדליך מיט איר ישראל׳יקל פאָרן אינ׳ם הייליגן לאַנד. זי וועט דאָרטן ישראל׳יקלען תיכף אריין געבן אין אַ גוטע תלמוד תורה אין ירושלים עיר הקודש, און נישט אויף לאַנג אין אַ ישיבה. דעם רבי׳נס הבטחה וועט זיכער מקוים ווערן, אַז זי וועט נאָך ביי ישראל׳יקל אַ סאַך נחת זען. און אפשר וועט זי נאָך די זכי׳ האָבן צובאַגעגענען אַמאָל איר מאַן „וועלוול״. דער רבי האָט דאָך איר צוגעזאָגט אַז די „טרערן וועלן אים צוריק ברענגען״ נו, זי פאַרפעלט דאָך נישט די אַלע יאָרן אַ יעדן טאָג צו וויינען פאַרן אויבערשטן „רבונו של עולם גיב מיר צוריק מיין וועלוול׳ען גאַנץ בנפש און בגוף״ וועט דאָך סוף סוף דער אויבערשטער צוהערן איר געוויין און געבעט, און דעם רבי׳נס הבטחה וועט מקויים ווערן.

אויבצוואַר ס׳איז טאַקע אַ שווערע זאַך — האָט זי ביי זיך געטראַכט, — אַז אַ קאָמאַניסט זאָל איבערלאָזן מאָסקווע און קומען אויף ארץ ישראל, אָבער אַז דער אויבערשטער וויל איז דאָך נישט שייך צו זאָגן, ס׳קען אין אים אריינגיין אַ „רוח טהרה״ און אַ „הרהור תשו־בה״ און קען צוריקקערן צו אידישקייט.

די מדריכים אין טעהעראַן האָבן דערקענט ישראל׳יקן פאַר אַ שווערן נים וואָס ס׳איז שווער צו עפענען. וויפיל זיי האָבן אים געררודפ׳ט האָט עס אויף אים נישט געווירקט נאָכצולאָזן זיין פרומע געוואוינ־הייט. דערצו האָבן זיי געזען אַז ער איז נישט אַ דורכשניטליכער אינגל,

ער האָט אין זיך גרויסע „כשרונות" און קלוג ווי דער טאָג. האָבן זיי אים דווקא יאָ געוואָלט אַריינבאַקומען אין זייער נעץ פאַר אַ יעדן פּרייז. ס'איז אָבער נישט געגאַנגען. די מדריכים האָבן געמאַכט אַ באַראַטונג איבער אים צוזאַמען מיטן „מדריך ראשי" לעדערבערג. ס'איז ביי זיי געבליבן אַז אַרויסלאָזן פון זייער הענט וועלן זיי אים נישט, דאָס וואָס איז נישט געגאַנגען דאָ אין טעהעראַן וועט גיין אין ארץ ישראל, ווען ישראל'יקל וועט אַהין אָנקומען און ער וועט זיך באַקענען מיט די פאַקטן, דעם צווישנשייד פון דעם רייכן לעבן פון זייערע קיבוצים מיט אַלע געניסן און באַקוועמליכקייטן, און דערקעגן דאָס אָרימע „קצבה" לעבן פון די פרומאַקעס אין ירושלים, וועט ער אַליין זיך בוחר זיין צו גיין מיט זיי.

די ערשטע זאַך — איז ביי זיי געבליבן — דאַרף מען ישראל'יקן צעשיידן פון די מוטער. די מוטער איז אויף אים שטאַרק משפיע צו האַלטן זיך ביי די פרומקייטן. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן, דאָס איצט וואָס דער גאַנצער לאַגער פון 733 קינדער, און מיט זיי אויך אַ עטליכע צענדליגער דערוואַקסענע, וועלן אָפּפאָרן מיט די שיף אויף ארץ ישראל, וועט מען ישראל'יקנס מוטער נישט מיטנעמען. זי וועט קומען ביי אַ צווייטע געלעגנהייט. און ביז דעמאָלט איז צוהאָפן אַז ישראל'יק וועט אין ארץ ישראל בעאַרבעט ווערן, און ווערן אַ זייעריגער. און אַז די מוטער וועט קומען שפּעטער אויף ארץ ישראל וועט זי שוין טרעפן אַ געשעענעם פאַקט, ישראל'יק וועט שוין זיין אַ „קיבוץ-אינגל".

* * *

ווען מ'האָט פאַר רבקה פאַרשטענדיגט — אַ טאָג בעפאַר די שיף איז אָפּגעפאָרן — אַז זי קען איצט נישט מיטפאָרן מיט ישראל'יקן צוזאַמען, זי דאַרף וואַרטן אויף אַ צווייטע געלעגנהייט, האָט זי געחלש'ט. מ'האָט איר געדאַרפט מינטערן ביז זי איז צוזיך געקומען.

זי איז געלאָפן, געבעטן, געוויינט פאַר דעם „מדריך ראשי" לעדערבערג, זי איז געפאַלן אים צופים, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן, זי קען נישט זיין — אפילו אויף אַ קורצע ווייל, מכל-שכן ווער ווייס אויף וויפיל חדשים — אָן איר בן יחיד'ל ישראל'יק, וואָס איז איר איינציגע איבערגעבליבענע טרייסט אויף דעם עולם. זי האָט נעביך געמיינט אַז זי וועט קענען לעדערבערג'ס האַרץ ווייך מאַכן. אָבער לעדערבערג'ס האַרץ איז שוין לאַנג געווען פאַרוואַנדלט פאַר אַ שטיין, און איר וויינען און בעטן האָט אויף אים געווירקט וויניגער ווי ווען אַ קאַץ וואַיוועט. ער האָט איר אָפּגעשטויסן פון זיך און געזאָגט:

— דאָס איז דער באַפעל, און מ'קען עס אַנדערש נישט מאַכן!

זי האָט געקלערט, אפשר זאָל זי ישראל׳יקן אַרויסנעמען פון׳ם קינדער לאַגער און ער וועט שוין פאָרן מיט איר צוזאַמען?

איז ראשית, האָט דער מדריך ראשי געזאָגט אַז ער לאָזט אים נישט אַרויס פון זיינע הענט, ער האָט געטראָגן איבער אים ביז היינט די פאַראַנטוואָרטליכקייט, און ער איז פאַראַנטוואָרטליך אים צו צושטעלן אין ארץ ישראל.

שנית, אפילו זי זאָל פּרובירן אים אַרויסצוגנב׳ענען פון דאָרט, אָבער זי האָט דאָך אפילו נישט וואו צו האַלטן אים. און ווער ווייס ווילאַנג ס׳וועט נאָך געדויערן ווילאַנג זיי וועלן קענען פאָרן, וועט דאָס קינד אויסגעצעצט זיין צו פּלוגעניש און מאַטערניש. דעריבער איז ביי איר געבליבן אַז זי וועט אים לאָזן פאָרן, דער וואוילזיין פון׳ם קינד פאָדערט אַזוי. זי וועט שוין איבערהאַלטן די צייט, ווילאַנג זי וועט זיך מיט אים ווידערזען אין ארץ ישראל.

רבקה איז שוין נישט געווען אַזוי נאַאיוו ווי אין אָנהייב מיט איר אינפאָרמאַציע איבער׳ן לעבן אין ארץ ישראל. זי האָט שוין דער־פאָרן אַז ס׳איז נעביך דאָ דאָרט אַ סאַך פרייע אומפאַראַנטוואָרטליכע עלעמענטן, פון דעם סאָרט ווי די מדריכים זענען, וועלכע קומען אויך פון ארץ ישראל. און די ערליכע פרומע אידן ליידן דאָרט פון זיי. ס׳איז טאַקע דאָ אַ סאַך צדיקים און ישיבות — דער עיקר אין ירושלים — אָבער די פרייע זענען די מייראָטעט און זיי האָבן אין האַנט די געוועלטיגונג איבער׳ן ישוב אין ארץ ישראל. און זיי לייגן אַן גרויסע כחות אַריינצוכאַפּן קינדער אין זייער נעץ אַריין. מ׳דאַרף זיין אַ שטאַרקער באַוואוסזיניגער פרומער איד, פון זיי ניצול צו ווערן.

האָט איר טאַקע דאָס האַרץ געפּאָכעט איבער איר ישראל׳יקל ער זאָל חלילה נישט אַראָפּגעפירט ווערן פון׳ם דרך הישר,- דעמאָלט איז איר לעבן קיין לעבן נישט. אָבער זי האָט זיך געטרייסט, אַז זי האָט דאָך געזען ווי שטאַרק ישראל׳יקל איז דאָ געווען אין אידישקייט, ער האָט געקעמפט ווי אַ גרויסער מענטש קעגן די מדריכים רשעים, איז, אין ארץ ישראל וועט ער אַ וודאי נאָך זיין שטאַרקער, און ער וועט זיך האַלטן פעסט ביי אידישקייט, נישט לאָזן זיך חלילה פאַרפירן.

פונדעסטוועגן האָט זי אירע „חששות״ פאַרגעברענגט פאַר ישראל׳יקן. ישראל׳יקל האָט איר שטאַרק אויסגערעדט, אַז זי זאָל גאַרנישט איבער־טראַכטן וועגן אים. זיי זענען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע פון פערצן קינדער וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביז איצט צוזאַמען אין אַלע אידישע זאַכן, זיי האָבן באַשלאָסן אַז זיי וועלן זיך דאָרט אויך ווייטער האַלטן צו־זאַמען. זיי וועלן זיך העלפן איינעם דעם אַנדערן איינאָרדענען זיך אין ישיבות אָדער חדרים אין די הייליגע שטאָט ירושלים. זיי וועלן גיין צו די פרומע מענטשן אַז זיי זאָלן זיי העלפן. און דער אויבערשטער

וועט זיי זיכער נישט פארלאזן.

רבקה איז נאך אריבערגעגאנגען צום „מדריך ראשי" לעדערבערג, און געזאגט אים, זי וויל אז ישראל'יקל זאל דורכאויסאיינגעאָרדנעט ווערן אין ירושלים, ער זאל קענען פאָרזעצן דאס לערנען אין א תלמוד תורה.

האט איר דער ציניקער געענטפערט:

— וואו ער וועט פארלאנגען וועט מען אים שיקן. אין ארץ ישראל נייט מען נישט קיינעם טאן אנדערש ווי זיינע געוואוינהייטן, און ווי ער האט געזען אין דערהיים ביי זיין מאמען.

זי האט געוואוסט אז אויף זיין וואָרט קען מען א סאך נישט שטעלן. אבער דאך האט עס איר געגעבן א שטיקל בארואיגונג.

ווען די שיף האט געהאלטן ביים אפפארן און די קינדער זענען צוביסלעך איינגעשטיגן, איז רבקה דארט געשטאנען מיט פארוויינטע אויגן. ווען ישראל'יקל האט געדארפט שוין איינשטייגן, האט זי אים נאך איינמאל ארומגענומען און צוגעדרוקט צו זיך. עפעס א שלעכטער פאָרגעפיל האט איר א דורכגענומען. זי האט אים געזאגט:

— ישראל'יקל מיין הארץ מיין קרוין, זאלסט מיך נישט פאר־שעמן... איך בין א צעבראכענע מאמע, אליין האב איך דיך ביז איצט ערצויגן, איך האב זיך שוין א סאך געפלוגט מיט דיר און א סאך מיט־געמאכט. זע מיין טייער קינד, זע... זאלסט זיין שטארק ווי א לייב... און דער אויבערשטער „דער פאטער פון די יתומים" זאל זיין מיט דיר.

זי האט אים נאך באשיט מיט קושן, און נאס געמאכט זיין פנים מיט אירע טרערן.

פאר ישראל'יקל איז אויך געווארן פארקלאמערט דאס הארץ. ער האט נאר אזויפיל ארויסגערעדט:

— מאמעשו וויין נישט, מאמעשו זארג נישט...

ער האט איר געגלעט מיט זיינע הענטעלעך אויף איר פנים.

ענדליך מיט גרויסע שוועריגקייטן האבן זיי זיך צעשיידט. ישראל'יקל איז אריין אין שיף. און די שיף מיט די קינדער האט זיך געלאזט אין וועג אריין אויף ארץ ישראל.

* * *

די קינדער אויף די שיף, וויסנדיג אז דאס פאָרן זיי אויף ארץ ישראל, דאס הייליגע לאנד פון אונזערע אָבות, האט זיך זייער נפש אין זיי דערוועקט. ס'האט זיי א דורכגענומען א הייליגער געפיל. און אלע זענען דערהויבן געווארן אין א הויעכן עקסטאַזים. אפילו די וועלכע האבן שוין לאנג אויפגעהערט צו דאווענען, אונטער די השפעה פון די מדריכים, האבן זיך אויך איצט צוריק דערוועקט, זיי האבן זיך בארעכנט ווער זיי זענען, פון וואו זיי קומען אהער, זיי האבן זיך

אַנגעטאַן צוריק די היטעלעך אויפ׳ן קאָפּ און האָבן זיך גענומען צוריק צו דאַווענען.

די מדריכים, זעענדיג אַז די קינדער איז באַפאַלן אַ הויעכער רעליגיעזער געפיל, און אַלע האָבן זיך דערוועקט צוריק צו אידישקייט, זענען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע. ס׳טייטש, די גאַנצע האָראָ־וואַניע פון איבער אַ יאָר וועט גיין קאַפּוט. זיי האָבן זיך גענומען קאָ־מאַנדעווען איבער די קינדער מיט די גרעסטע שטרענגקייט. געשטערט דאָס דאַווענען, אַראָפּגעכאַפּט די היטעלעך פון די קעפּ, געצוואונגען זיי צו עסן אָן די היטעלעך. די קינדער האָבן נעביך געהאַלטן די לינקע האַנט אויפ׳ן קאָפּ, מיט די רעכטע האַנט האָבן זיי געגעסן. איבער׳ן טאָג האָבן זיך אַ סאַך קינדער געפונען אויבן אויפ׳ן דעק. לעדערבערג איז אַרויף אויפ׳ן דעק, און געזען אַז אַלע קינדער זענען דאָרט אין די היטעלעך, איז ער געפאַלן אין כעס אַריין און געהייסן די מדריכים מיט אים צוזאַמען, אַראָפּנעמען אַלע היטעלעך מיט געוואַלד פון די קעפּ און אַריינוואַרפן אין ים אַריין. אַ צירקע הונדערט היטעלעך זענען געפלויגן אין ים.

ישראל׳יקל איז אויך געווען אויפ׳ן דעק. זעענדיג וואָס די מדריכים טוען, האָט ער זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל מ׳זאָל אים נישט באַמערקן, און מיט ביידע הענט געהאַלטן פעסט זיין היטל אויפ׳ן קאָפּ. אַ מדריך האָט אים באַמערקט, ער האָט געוואָלט אַראָפּרייסן זיין היטל פונ׳ם קאָפּ וואַרפן אין ים אַריין, ישראל׳יק האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטשעריי און געוויינעריי מיט אַזאַ געוואַלד, אַז דער קאַפּיטאַן פון שיף איז געקומען צו לויפן.

וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? — האָט ער געפרעגט איבער־ראַשט.

ער גיט אַ קוק אין ים אַריין זעט ער שווימען אַ גרויסן צאָל היטעלעך. דער קאַפּיטאַן האָט געמיינט אויף זיכער אַז די היטעלעך זענען אויף עפּעס אַ אופן אַריינגעפאַלן אין ים, און אויף דעם וויינען די קינ־דער. ער האָט געהייסן צוויי מאַטראָזן אַראָפּלאָזן זיך אין ים, צונויפ־קלייבן און אַרויפברענגען די היטעלעך.

אויפן צווייטן טאָג האָט זיך די סצענע איבערגעחזר׳ט. די מדרי־כים האָבן געמאַכט אַ סיסטעמאַטישן געיעג נאָך די היטעלעך פון די קינדער, און אַריינגעוואָרפן זיי אין ים אַריין.

דער קאַפּיטאַן באַמערקט ווייטער אַרומשווימען אין ים אַ וועלט מיט היטעלעך. דאַסמאָל איז ער שוין אויפגערעגט אויף די ווילדקייט פון די קינדער און אויף דעם נישט דעסיפּלינירטן ערציאונגס סיסטעם פון די מדריכים. ער הייסט נאָכאַמאָל די צוויי מאַטראָזן אַראָפּלאָזן זיך אין ים און צונויפקלייבן די היטעלעך.

דעם דריטן טאג, אז ער זעט ווייטער דאס זעלביגע, האט ער שוין פארשטאנען אז עפעס גייט דא פאָר. גייט ער צו צום „מדריך ראשי" לעדערבערג און פרעגט אים, וואס איז דאס?

ענטפערט אים לעדערבערג, אז דאס טוען זיי אליין די מדריכים, און דאס געהער צום ערציאונגס־סיסטעם. ווארום די קינדער האבן מיט זיך מיטגעברענגט פון זייער היים, פארשידענע פארעלטערטע פאנאטי־שע געוואוינהייטן, וואס זענען שוין היינט נישט נוטיג, ווי צום ביישפיל צו גיין אין היטעלעך אפילו ווען די זון ברענט א.ד.ג. זענען מיר גע־צוואונגען זיי מיט געוואלד פון דעם אָפּגעוויינען.

דער קאפיטאן איז געווען א גלויביגער גוי, און דער „הסבר" האט זיך אים גארנישט געקלעבט אין מוח.

נו, און צווינגען קינדער יתומים אראפצוגיין פונ'ם רעליגיעזן דרך פון זייערע עלטערן — האט דער קאפיטאן געפרעגט — דאס איז ביי אייך אזוי רעכט? די אידן זענען דאך א רעליגיעזע פאלק, זיי האבן מקבל געווען א תורה אויפ'ן בארג סיני..

איר ווערט אנטשולדיגן, מיסטער קאפיטאן — האט אים לעדער־בערג אָפּגעענטפערט — אבער דאס זענען אונזערע זאכן, מיר גייען זיך אונזער גאנג.

איר זענט גערעכט, איך מיש מיך נישט אין אייערע זאכן — האט דער קאפיטאן צוגעגעבן — אבער צו וואס דארפט איר די היטע־לעך ארייננווארפן אין ים אריין. ס'איז דאך א שאד פאר זיי, גיט זיי מיר אהער.

אין דעם שטעקט א אויסרעכענונג — האט אים לעדערבערג ערקלערט — די קינדער זאלן נישט מיינען אז מיר זוכן דא ביי די היטעלעך פשוט עפעס צו פארדינען, מיר מיינען „ביזנעס", זיי זאלן דערקענען אז דאס איז א פרינציפּ זאך, וועט עס מער ווירקן אויף זיי.

אידישע שפעקולאציעס... — האט דער קאפיטאן געמורמלט — און איז זיך ווייטער געגאנגען.

— י —

ווען דער שיף מיט די קינדער איז אריינגעשוואומען אין חיפה'ר פּארט, האט מען שוין פון דערווייטנס דערקענט א מענגע מיט מענטשן ווארטן ביים האפן.

שוין וואכן לאנג וואס אין לאנד האט זיך געטומלט מיט א פיבערישן ווארטונג און צוגרייטונג מקבל פנים זיין די ערשטע גרעסטעוועטע רעשטלעך פונ'ם גרויזאמען אייראפע'אישן מל־חמה, פונ'ם סיסטעמאטישן נאצישן אידן־אויסראָטונג וואס קומט דארט פאָר. יעדער פוילישער איד האט גערעכנט אז אפשר וועט ער דערקענען

צווישן די קינדער אַ איבערגעבליבענעם זכר פון זיין אומגעקומענע משפחה.

ווען די קינדער זענען אַרויס פון די קאַבינען, אַרונטערצוגיין מיט די טרעפּלעך פון׳ם שיף אויף דער „יבשה״, האָט זיך געטאָן אַ געוויינקעכץ מיט אַ פּייפּעכץ און אַ געשרייעכץ פון די וואַרטערס, מיט די הענט מיט אַפּיטשיילעס, וויזוי מ׳האָט געקענט האָט מען געוואונקען און געפּאַכעט. די קינדער האָבן צוריקגעוואונקען צוריק געשריגן. יעדן פון די ביידע צדדים האָט זיך געדאַכטן, אַז מ׳האָט זיך שוין עפּעס דערקענט מיט קרובים.

אַ אינגל האָט געזאָגט צום צווייטן:

— קוק! קוק! יענער איד דאָרטן מיט די שוואַרצע באָרד זיכער איז דאָס מיין פעטער, ער זעט אויס פּונקט אַזוי ווי מיין טאַטע האָט אויסגעזען.

אַ איד פון אונטן האָט געזאָגט צום שכן:

— אוי וויי! אוי וויי! זעט נאָר דאָס אינגל דאָרטן, דאָס מוז דאָך זיין מיין ברודער׳ס אַ קינד — פונאַנדער געשיידן — ער זעט פּונקט אַזוי אויס. ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

אַ סאַך האָבן גאָר דערקענט פון וויטענס זייערס אַ פאַרלוירן קינד, אָדער אַ ברודער׳ל. ס׳פאַרשטייט זיך אַז דאָס אַלעס איז געווען דמיונות, ווייל פונדערווייטנס האָט מען גאַרנישט געקענט פעסטשטעלן.

אַלענפאַלס, די געשפּאַנטקייט פון די וואַרטערס איז געווען ביז גאָר.די מענטשן זענען אַריין אינ׳ם וואַרטע-זאַל, און מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף די קינדער, אַז זיי וועלן דאָרט אַ דורך גיין.

אָבער ווי ווען וואָס! אַ נעכטיגן טאָג! מ׳וואַרט און מ׳וואַרט איין שעה, צוויי שעה, ס׳איז נישטאָ קיין קינדער.

סוף ווערט מען געוואויר, אַז די קינדער האָט מען אַלע שוין לאַנג אַרויסגעפירט דורך אַ זייטיגן טיר, אַריינגעפּאַקט זיי אין אויטאָבוסן וועלכע האָבן ספּעציעל געוואַרט אויף זיי, און אַפּגעפאָרן.

וואָס איז דאָס? — פאַרשטייען נישט די מענטשן — מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַ גוט אויג?

נו, פאַרשטייט מען נישט. אַ סאַך זאַכן טוט דער „סוכנות״ וואָס מ׳פאַרשטייט נישט.

אָבער וואוהין זענען די קינדער געפאָרן?

מ׳אינטערעסירט זיך דאָ און דאָרט. ביז מ׳ווערט געוואויר. די קינדער האָט מען אַריינגעפירט אין „עטלית״, אַ „מחנה הסגר״ (אַ פאַרשלאָסענע לאַגער). דאָרט וועלן זיי זיין, אָן צו קומען אין באַרירונג מיט די מענטשן פון׳ם ישוב, ביז ווען די „קאָמיסיע״ וועט זיי אויספאַרשטן, און די מדריכים וועלן זיי סאָרטירן יעדן איינעם וואו ער געהער.

פאר די סוכנות לייט מיט זייערע מדריכים, איז ווייניג געווען וואס מ'האט די קינדער געקאָר מעט מיט „כפירה" און אויסגעלאסנקייט איבער אזא לאנגע צייט אין טעהעראן. אפשר האבן זיי עפעס פארגעסן קומענדיג אויף די שיף. מ'דארף זיי נאך מאכן א לעצטן טרענירונג און „מוח-וואשונג" בעפאר מ'וועט זיך אוועקזעצן זיי „אויספארשטן". אויף דעם צוועק האט מען די קינדער איינגעשפארט אין „עטלית" אויף נאך א פאָר וואכן.

אויף די קינדער אין עטלית איז געמאכט געווארן פשוט א קאַ־ראַנטין" ווי זיי וואלטן געהאט א אַנשטעקיגע קראנקהייט רח"ל, אדער געווען פארברעכערס, גענגסטערס. נישט אריין, נישט ארויס. נאר די מדריכים און די „שישקע-פילוועדס" פונ'ם סוכנות. מענטשן זענען געקו־מען צופארן פון אלע עקן פון לאנד זען די קינדער, א בליק געבן אויף זיי, כאפן א שמועס מיט איינעם צוויי, אפשר וויים ער עפעס פון די משפחה? מ'לאזט נישט אריין. דריי פאליזן שטייען ביים טויער און טרייבן אוועק.

נאך אכט טאג האט מען געהערט, אז מ'גייט שוין עפעס יאָ אריין. דער און יענער איז געווען דערינען, מ'האט שוין אפילו גערעדט מיט די קינדער. מ'גייט נאכאמאל צו צום טויער. מ'לאזט נישט אריין. אין מיטן קומט אונטער איינער, ער זעט אוים ווי א חלוץ, מ'עפנט אים דעם טויער און ער גייט אריין. ס'קומט אונטער א צווייטער, אויך עפעס א פנים ווי א סאָציאליסט, מיט א גרויסע ווילדע טשופרינע אויפ'ן אָפענעם קאפ. מ'לאזט אים אריין. א דריטער קומט גראדע ארוים. א גאנצער פארקער.

וואס איז דאס? שרייט א איד מיט א באָרד — איך בין שוין דא דאס דריטע מאל און מ'לאזט מיך נישט אריין. און וואס איז יענער אריין?

יענער איז פון די „פערסאָנאל".

און דער אנדערער דארט?

ער האט א וויכטיגן שליחות אינ'ם ביראוי אריין.

און דער דריטער? וואס איז מיט אים דער יחום?

ער ארבעט דא עפעס א זאך.

דער פערטער? ער איז א משפחה מיט'ן „מדריך ראשי".

דער פינפטער?

הערט ר' איד — שרייט אויף אים דער שומר — טשאַדעט נישט אין קאפ אריין. בעסער שניידט אייך אראפ די קאָלטענעס, און זעט אוים ווי א מענטש, וועט מען אייך ארייַנלאזן.

אזוי?! פארשטיי איך שוין — האט דער איד געזאגט — א איד מיט א באָרד איז דא „אסור לבוא בקהל" (פערבאָטן צו קומען

אין געזעלשאַפט).

דער איד האָט זיך נאָך נישט געלאָזט אַזוי שנעל. ער איז דאָרט געשטאַנען אַ שטיק צייט. האָט ער געזען אַז דער פּאָליז האָט געזאָגט ליגנט. מ'דאַרף נישט האָבן דווקא אַ באָרד אויף נישט אַריינ־צולאָזן. אַז מ'האָט נאָר באַמערקט אויפ'ן קאָפּ אַ קאַפּעלע, גרויס ווי אַ פּיאַסטער, האָט מען שוין נישט אַריינגעלאָזט. ס'האָט נישט גע־האָלפן זיין שרייען און קאָמאַנדעווען.

דער איד מיט דער באָרד האָט זיך אַביסל באַרויִקט:

אַבי ער האָט געמיינט אַז דער עיקר איז די באָרד. ניין! ס'הייבט זיך נישט אָן. פאַר יעדן איד וואָס רופט זיך „רעליגיעז" האָט מען דאָ מורא, ווי דער „שד" פאַר'ן „ויהי נועם".

וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן אין עטלי'ת, פאַר די אויגן פון די קינדער, איז אַ טראַגישע פּרשה פאַר זיך. מ'האָט דאָרט דעם שבת געטראָטן מיט די פיס. אַלעס איז געפאָרן, געקומען, געאַרבעט, געשריבן, די ראַדיאָ האָט געשפּילט א.א.וו. אַלעס צו ווייזן פאַר די קינדער וויזוי ס'זעט אויס דער „נאָרמאַלער" לעבן אין ארץ ישראל. דאָס האָט טאַקע משפּיע געווען אויף די קינדער מער ווי אַלץ. אַז אין ארץ ישראל איז אַזוי איז דאָך טאַקע עק וועלט — האָבן זיך די קינדער געטראַכט — מ'קען דאָך נישט אַרויסלויפן פון דער וועלט. מ'האָט פאַר זיי געהאַלטן פאַרטראָגן מיט אַלערליי „כפירה" רייד, וואָס מיר ווילן נישט באַשמוצן דאָ אונזער ספר אַראָפּצוברענגען עפּעס דערפון.

און אַז ס'האָט זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט אַ רב אויף שבת מיט אַ טריק, ער האָט איינגערעדט דעם איראַקישן פּאָליז ביים טויער — אַ פּאָר מינוט פאַר שבת — אַז ער האָט אַ געשריבענעם „רשיון" (פּערמיט) אויף אַריינצוגיין ער האָט עס נאָר גראָדע נישט ביי זיך, און איצט האָט ער שוין נישט קיין עצה, ער קען שוין אין ערגעץ נישט גיין, ס'איז באַלד שבת. דער פּאָליז איז וועם ס'האָט נאָך געקלאַפּט עפּעס אַ אידישער אָדער, האָט אים אַריינגעלאָזט. האָט זיך דאָרט געטאָן אין לאַגער אויף טיש און אויף בענק. מ'הט גליאַרעמט און געפּאָרשט וויזוי ער איז אַריינגעקומען. און די קינדער האָבן געמיינט אַז דער איד איז דאָ אַראָגעפאַלן פון עפּעס אַ פּלאַנעט. וואָרים אין ארץ ישראל איז דאָך שוין נישט דאָ דער מין סאָרט איד „מיט באָרד און פּיאות" — אַזוי האָבן זיך געשוואוירן פאַר זיי אַלע מדריכים און מדריכות. מ'האָט דעם איד געהיטן ביי טריט און שריט, וואו ער גייט, און וואָס ער רעדט. די קינדער זענען געווען אָנגעזאָגט נישט צו קומען אין באַרירונג מיט אים.

אַז ס'איז דורך דריי פיר וואָכן, האָבן די רעליגיעזע אין לאַנד און אויך אַפילו פרייע, ווער ס'האָט נאָך געהאַט אין זיך אַביסל אַנשטענ־

דיגקייט, געמאכט א גערואלד:

ס'טייטש! אזא הימל־שרייענדער פארברעך! וואס האלט מען די קינדער פארשפארט אין א תפיסה? זיי האבן ווייניג מיטגעמאכט ביז זיי זענען געקומען אהער?!

נאר וואס גייט אן דעם „סוכנות" מיט אירע ארויסהעלפער, וואס די קינדער ליידן. אויך מיר אן עסק. וואס איר גייט אן איז נאר איר טייוולאנישער פלאן, צורויבן וואס מער אידישע „נפשות" צו אירע „כפירה" דרכים, און צו דעם זענען אלע מיטלען כשר. דאס איז שוין ביי די כופרים א אלטער כלל.

ענדליך נאך א סאך דינגענישן און שלעפענישן, האט מען פאר־שטענדיגט דעם עולם־גולם, אז די „אויספארשונגס־קאמיסיע" איבער די קינדער, וועט זיך אוועקזעצן דעמאלס און דעמאלס... נאך אכט טאג.

פארוואס עפעס נאך אכט טאג? פארוואס נישט שוין?

ווייל די מדריכים האבן זיך דערמאנט אין דער לעצטער מינוט אז פונ'ם „ערציאונגס שטאנדפונקט" איז ראטזאם צו מאכן מיט אלע קינדער א „טיול" (שפאציר) איבערן לאנד, בעפאר מ'וועט זיי סארטירן און צעשפרייטן.

ממילא איז דאך נישט שייך צו זאגן, א זאך וואס ס'איז א טובה פאר די קינדער, איז פריער פאר אלעמען.

דער „טיול" איז געווען, ווי מ'זאגט דער „מכה בפטיש" (דער לעצטער קלאפ) פון זייערע שמוציגע פארפירערישע דרכים פון די מד־ריכים.

מ'האט ארומגעטראגן די קינדער אין א צען צוועלף מפא"י מפ"ם „קיבוצים" פון לאנד. מ'האט זיי דארט געוויזן די „שפע" דאס רייכקייט אין אלע ווינקעלעך, מ'דערקענט נישט קיין סימן פון א „מלחמה" אין דער וועלט, אלעס בלאשקעט און גלאנצט, אלעס איז לוסטיג לעבעדיג. אין לאנד קריגט מען נישט ברויט צו עסן צו דערזאט. און וואס מ'קריגט איז נאר אויף „פינטעלעך" אויסגערעכנט און אפגעמאסטן. און דא אין די „קיבוצים" וואלגערט זיך דאס ברויט ארום אין שטאל און ביי די חזירים. ס'איז דא צו פרעסן און צו זויפן וויפיל דאס הארץ גלוסט. א יעדער נאכט מאכט מען א „באל" מ'טאנצט און מ'שפרינגט. און איצט צוליב די קינדער־געסט, האט מען אוודאי און אוודאי איינגעארדנט אומעטום וואו זיי האבן גענעכטיגט א „באל", דער גאנצער קיבוץ גרויס און קליין האט דארט געטרונקען און געזונגען געטאנצט און געהאפקעט. זאלן די קינדער זען וואס הייסט א „לעבן". אין אייראפא פארברענט מען סיסטעמאטיש צענדליגע טויזנטער אידן טעגליך. דאס רירט זיי נישט אן. זיי בויען א לאנד, מיט א נייע ווירטשאפט, א נייע איינשטעל־לונג...

נאָך דעם „שפּאַציר” אין די „קיבוצים”, האָט מען געפירט די קינדער אין א פרומען דאָרף אַריין, וואָס פאַרנעמט זיך אויך לכאורה מיט „אַגריקולטור”, לאַנדווירטשאַפט, נאָר אַזוי ווי זיי דאַרפן אָנקומען צום „סוכנות” נאָך יעדע קלייניגקייט, נאָך א קאָפּעטע מיט א לאָפּעטע, א אַקער־אייזן א דרעש־מאַשין, זומען אויף אָנצובויען א.א.וו. ווײַס שוין דער „סוכנות” וויאַזוי צודערגיין זיי די יאָרן אַז דאָס לעבן זאָל זיי ווערן נמאס, מ'באַהאַנדלט זיי ווי ביי דער „דור הפלגה”, אַז מ'בעט א קאָ־פּעטע גיט מען א לאָפּעטע, אַז מ'דאַרף דעם אַקער־אייזן לייט מען זיי א דרעש מאַשין, אַז מ'דאַרף זומען פון פרי־יאָר גיט מען זיי זומען פון שפּעט־יאָר א.א.וו. האָט די לאַנדווירטשאַפט ביי זיי שוין יענעם פנים.

ווייסן די מדריכים וויאַזוי דאָס אויסצונוצן.

נו, זעט קינדער — זאָגן זיי צו די קינדער — זעט אַליין דעם אונטערשייד. מ'האָט זיי געגעבן באַדן א פעלד מיט אַלע צוגעהער זיי זאָלן דאָס בעאַרבעטן, אָבער די פרומאַקעס וואָס זענען געוואוינט צו לעבן פון שנאָר־געלד, די ווילן קיינמאָל נישט אַרבעטן, ס'איז זיי בעסער שאָקלען זיך און דאַווענען, אָדער זיצן הינטערן אויבן און שמעקן טאַבאַק.

פאַר די קינדער גייט טאַקע אַוועק דער אַפּעטיט פון אַזאַ מין ווירטשאַפט.

נאָכהער האָט מען געפירט די קינדער אויף ירושלים. וואָס דען? מ'דאַרף זיין „קאָרעקט” און „ריאַל”, מ'דאַרף זיי אַלעם ווייזן. מ'פאָרט גלייך אין „מאה שערים”. נאָר בעפאַר מ'פאָרט אַריין אין מאה שערים שטעלט מען אָפּ אַלע אויטאָבוסן מיט די קינדער, און די מדריכים האַלטן פאַר זיי א פאָרטראָג, אַלע מיט איין נוסח:

— קינדער, דאָ פאָרן מיר איצט אַריין אין'ם געטאָ פון די פּרו־מאַקעס, זייערע שולן און ישיבות. זיי וואוינען זיך באַזונדער זיי מישן זיך נישט מיט אַנדערע מענטשן, נאָר מיט אַראַבער. איר וועט דאָ איצט זען א איבערבלייב פונ'ם מיטל־אַלטער, פאַרוואָרלויזטע מענטשן מיט לאַנגע בערד און פּיאות. אַרבעטן האָבן זיי פיינט ווי דעם טויט. זיי לעבן אַלע פון שנאָר־געלט פון אַמעריקאַ. איר זאָלט אייך אַכט געבן קינדער, נישט רעדן מיט זיי, נישט האָבן מיט זיי געשעפטן, ווייל די האָבן א מנהג אַוועקצוכאַפּן קינדער, און אָך און ווי איז אַז מ'פאַלט צו זיי אַריין...

די מדריכים האָבן זיך נישט פאַרלאָזט אויפ'ן יושר פון די קינדער, זיי האָבן זיי געהיטן ביי טריט און שריט. די ענגלישע געהיים פּאָליציי וואָלט נאָך געקענט עפּעס לערנען פון זיי, וויאַזוי מ'אָרדנט איין א „שמירה”.

בקיצור, מיר וועלן נישט מאריך זיין מיט די פאָרטראָגן און אויפ־

קלערונגען וואס די מדריכים האבן געגעבן די קינדער, באזונדערס א פּאָר גאסן און פארביי גייענדיג א פאר תלמוד תורה'ס מיט ישיבות, וויזוי די אָרימקייט און הונגער פרעסט דא אויף אלעמען, אלץ דערפאר ווייל זיי ווילן די פינגער נישט אריינלייגן אין קאלט וואסער פאר'ן לאנד, א אנדערער זאל פאר זיי ארבעטן און אלעם מאכן, זייער אויסרייד איז אז מ'דארף דאַווענען און לערנען.

נאכהער, האט מען די קינדער געוויזן די מאדערנע געגנט „רחבי' — קרית שמואל" ווי אלעם בלאשקעט און גלאנצט, קיין זכר נישט פון אָרימקייט. די מדריכים האבן מוסיף געווען די געהעריגע דערקלערונג צו אלעמען, אז ס'זאל גוט אריינגיין אין די קינדער'ס הערצער אריין.

* * *

נאך דעם „שפאציר" האבן שוין די הערן פון סוכנות פארשטא־נען, אז דער „כעלעמער אויספארשונגס־קאָמיסיע" מעג זיך שוין אוועק־זעצן און מאכן די „סעלעקציע" איבער די קינדער.

ס'איז פארעפנטליכט געווארן דער דאַטום, אין א פּאָר טעג ארום, ווען די אויספארשונגס־קאָמיסיע פאנגט אָן איר ארעבט. אין אפענע פרייע לאָקאלן. פאר פארטיי־פארטרעטערס און צייטונג שרייבערס איז פריי דער איינטריט, מ'זאל זען און זיך איבעצייגן אויף די „ערליכע" ארבעט פון די קאָמיסיע.

און ווי ערליך זייער ארבעט איז געווען, זאל עס זיך זיי קלעבן צום פנים. דארט האט זיך ערשט אפגעטאן די מיאוס'טע פאר־ברעכערישע ארבעט.

ווי געזאגט, איז די קאמיסיע באשטאנען פון פינף מיטגלידער, פיר פון די פיר גרויסע פארטייען, און דער פינפטער, א „רעליגיעזער" פארדולדעטער עלעמענט. ווי קליין און נישטיג ער האט אויסגעזען א קעגן די פיר גרויסע „שישקע פילווערס" וועלכע פארטרעטן די אייגנ־טליכע בעלי בתים פונ'ם ישוב, איז איבריג צו זאגן. ער האט געדארפט זיין צופרידן וואס ער האט די זכי' צו זיצן מיט זיי אין איינעם, נישט נאך עפעס אריינרעדן אווארט און שטערן די ארדענונג. סיי ווי איז דאך זיין מיינונג לכתחילה אפגעפרעגט, אז ס'איז דא א קעגן אים „פיר" וועלכע זאגן אנדערש.

די קינדער זענען אריינגעקומען אינ'ם גרויסן זאל פון די קאָ־מיסיע איינציגווייז, פון א אנדערן זאל, וואו ס'האט געווימעט פון מד־ריכים און פארטרעטערס פון די פרייע קיבוצים. דארט האט מען זיי געלערנט געניי וואס זיי זאלן זאגן. זאלן משתדל זיין ענטפערן נעגא־טיווע ענטפערס אויף די רעליגיע אויספאָרשונגען איבער זיי, און איבער זייער היים, און זאלן שוין אנרופן דעם נאמען פון „קיבוץ" וואו זיי ווילן גיין „קיבוץ המאוחד" אדער „שומר הצעיר" „משק יגור" א.א.וו.

ס׳פאַרשטייט זיך אַז אויף דעם אַליין האָבן זיך די שליחים פון די קיבוצים גוט געאַמפּערט צווישן זיך, וואָס אַריינצולייגן אין׳ם קינד׳ס מויל אַריין. אָבער באַגרייפנדיג די ערנסקייט פון די שעה, אַז די הויפּט אויפגאַבע דאַרף איצט זיין צו ראַטעווען די קינדער פון די „רעליגיעזע פינסטערלינגען, זענען זיי צווישן זיך שנעל אַדורכגעקומען מיט אַ „פיפטי־פיפטי״ הסכם.

געוויינליך נישט אַלע קינדער האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן. די יתומים פון די לאַגערן וועלכע האָבן שוין מיט געמאַכט אַפּנאַרמאַלע זאַכן אין זייערע קינדערישע יאָרן, זענען געוואָרן רייף פאַר דער צייט, און זיי האָבן געקענט שוין דענקען ווי ערוואַקסענע מענטשן איבער זייער שיקזאַל, האָבן טאַקע אַ סאַך פון זיי באַגריפן די ערנסקייט פון די שעה, אַז אין דעם קורצן פאַרהער פאַר די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע ווענדט זיך זייער צוקונפט. האָבן זיי דווקא יאָ געוואָלט ענטפערן ווי זייער אמת׳ע טובה פאַרלאַנגט. האָט זיי אָבער די געהויבענע „קאָמיסיע״ אַזוי פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט בייזווילג — מיט זייערע שאלות — אַז זיי האָבן געדאַרפט האָבן אַ גיניאַלן קאָפּ אין דעם עומד צו זיין.

מ׳האָט אַריינגערופן אַ אינגל פון אַכט ניין יאָר וואָס ער איז שוין איבער דריי יאָר אָפּגעריסן פון זיין היים, און קיין אידישקייט איז אים נישט צוגעקומען...

דער פאָרזיצער פרעגט:

— זאָג נאָר אינגעלע, דיין טאַטע איז געווען רעליגיעז?

יאָ, שטאַרק — ענטפערט דאָס אינגל — ער האָט אַלעמאָל געדאַווינט.

שבת האָט ער געמאַכט קידוש?

דאָס קינד האָט זיך געדאַרפט שטאַרק צוזאַמען נעמען דעם זכרון, ער זאָל זיך דערמאָנען — נאָך דריי יאָר וואַנדערנישן — וואָס דאָס מיינט, סוף האָט ער געזאָגט:

יאָ, דאָס וואָס מ׳זאָגט אויפ׳ן כוס? אוודאי האָט ער געמאַכט.

ער האָט געמאַכט אויך הבדלה?

דאָס קינד איז שטיין געבליבן, ער האָט נישט געדענקט וואָס דאָס איז, ס׳איז אים אַרויס פון זכרון.

אַז ער ווייסט נישט פון הבדלה צו זאָגן — האָט דער פאָרזיצער געפּסק׳נט — איז דאָס קינד נישט פון אַ רעליגיעזע שטוב. די ערשטע פראַגן וואָס ער האָט געענטפערט פּאָזיטיוו, האָבן אים די „רעליגיעזע״ אויסגעשטעלט (ווען? וויזוי?), מ׳דאַרף זיין קאָרעקט אַ קעגן דעם „נפש הילד״ מ׳טאָר נישט שווינדלען.

די איבריגע האָבן צוגעגעבן: — ריכטיג.

„משק יגור״ — איז געווען דער פסק. (א פרייער קיבוץ נעבן חיפה).

אין דרויסן האט אויף אים שוין געווארט דער שליח פון „משק יגור״. ער האט אים אריינגעזעצט — אז מ׳דארף, מיט געוואלד — אין א טענדער, און ווען דער טענדער איז פול געווארן איז ער שוין אפגעפארן אינ׳ם קיבוץ, און ס׳איז שוין געווען גרייט אויפן פלאץ א צווייטער טענדער.

א צווייטער אינגל, אויך אין די זעלבע יארן, קומט אריין.

זאג נאר אינגעלע — פרעגט אים דער פארזיצער — ביי אייך אין שטוב אינדערהיים האט מען זיך געפירט רעליגיעז?

זיכער — ענטפערט דאס אינגל.

וויפיל צייט האט מען געווארט פון מילכיגס ביז פליישיגס עסן?

זעקס שעה — האט זיך דאס אינגל פארמישט.

ביי די קאָמיסיע איז געווארן א געלעכטער.

ס׳איז קלאר, אז ער איז פון א נישט־רעליגיעזע שטוב — פסק׳נט דער פארזיצער.

דער רעליגיעזער מיטגליד פון דער קאָמיסיע מישט זיך אריין:

— ס׳איז דאך זיכער אז ער האט געהאט א טעות, ער האט זיך פארביטן מיט פליישיגס. מ׳זאל אים פרעגן נאך עפעס.

דאס גייט נישט, — שרייען די איבעריגע.

דער פארזיצער ווערט גרויסמוטיג, ער גיט אים נאך, אבער ער באמערקט:

דאס איינע מאל חבר, נאכאמאל זאלט איר מיט אזעלכע פאדערונגען נישט קומען.

נו זאג אינגעלע — פרעגט אים נאכעמאל דער פארזיצער — דיין מאמע האט געצינדן ליכט פרייטאג צונאכטס?

יאָ, זיכער! דאס דענקט ער געווי.

זאג נאר אינגעלע, וואוהין האט די מאמע געקוקט מיט די אויגן ווען זי האט געמאכט די ברכה? אויף די ליכט אדער אויפן טיש?

דאס אינגל אביסל צעמישט: — אויף די ליכט.

כא כא כא, ס׳ווערט א פריש געלעכטער ביי די קאָמיסיע. וועלכעס אידיש קינד פון א רעליגיעזער שטוב ווייסט נישט אזויפיל אז בשעת די ברכה האט זיך די מאמע פארדעקט די אויגן מיט די הענט? נישט געקוקט אין ערגעץ. ס׳איז זיכער, אז ער איז פון א נישט רעליגיעזע״ שטוב.

דער פסק איז ארויס.

„קיבוץ „שומר הצעיר״ נעבן חדרה:

א גרעסער אינגל פון צוועלף דרייצן יאָר קומט אריין.

דער פארזיצער מאטערט אים מיט שאלות ווי א גרויסן בחור,

ער ענטפערט אויף אלעם קאָרעקט.

סוף פרעגט ער אים:

פסח האט מען ביי אייך געמאכט אוודאי א סדר?

נו אוודאי, וואס דען.

נו, זאגשע מיר דעם טעם פארוואס מ'עסט „אפיקומן"?

ער ווייסט נישט. און וויפיל עלטערע מענטשן וועלן נישט וויסן צו ענטפערן אויף דער פראגע?!

„עין חרוד" איז ארוים דער פסק.

א צווייטן אינגל פון דרייצן יאָר פרעגט דער פאָרזיצער:

זאג בחור, פארוואס איז מען מחדש די לבנה א יעדן חודש?

פון וואו זאל ער וויסן? אז ער ווייס צו זאגן פון „קידוש לבנה" איז דאך אויך שוין גענוג און גענוג.

פשוט געמאכט ליצנות אויפ'ן גראבן אופן.

די קינדער פון העכער פערצן יאר זענען שוין מעהרסטנטייל אזוי פארדארבן געווען אז ניינציג פראצענט האבן אליין פארלאנגט א פרייעם קיבוץ. א חוץ א ביסל וואס האבן זיך נאך געהאלטן עקשנות'דיג.

אבער אויף דעם ביסל האט אויך די קאָמיסיע געהאט א בייזאויג, און זיי האבן אָן שום בושה געבראכן דעם הסכם, מ'האט זיי אויך גענומען אויפ'ן פארהער, אויב זיי זענען פונדערהיים רעליגיעז, און ס'איז זיי געלונגען עטליכע „מכשיל" צו זיין.

דער באגרינדונג איז געווען א גראָבער שקר, אין וועלכן זיי האבן אליין נישט געגלויבט. נעמליך, ס'איז דא א גענויע אימפאָרמאציע אז די רעליגיעזע האבן געמאכט פראפאגאנדע צווישן די קינדער, און דער עיקר צווישן די גרויסע. מ'וועט זיך נישט לאזן פון די „רעליגיעזע שווינדלערס" ארייפירן אין זאק אריין — האבן אלע פיר פון די קאָמיסיע באשלאסן — ס'מוז זיין א ערליכע האנדלונג איבער די קינדער.

אונזער ישראל'קע איז געשטאנען אין יענעם צימער מיט א ציטער. תחילת איז ער געווען ביי זיך זיכער אז ער וועט ביישטיין די עקזאמען, אבער ווי ער האט געזען אז מ'האט עטליכע פון זיינע בעסטע חברים פארשלעפט אין א פרייעם קיבוץ, איז ער שוין נעביך גארנישט געווען ביי זיך זיכער. פאר די אויגן איז אים געשטאנען די מאמע, ווי זי בעט זיך ביי אים, ער זאל איר נישט פארשעמען... ער זאל זיך נישט לאזן פארפירן...

מ'רופט ארייַן ישראל'קען. דער „עוכר ישראל" לעדערבערג זאגט עפעס אריין אין די אויערן פונ'ם פארזיצער, קיין גוטס אוודאי נישט, זיכער האט ער אים געזאגט אז דאס אינגל איז א שאד אויסצולאזן, ער האט זעלטענע „כשרונות".

מ׳פרעגט ישראל׳קען פארשידענע פראגעס, ער ענטפערט אז ס׳איז א מחי׳. נישט ווי א אינגל פון צען יאר. ער איז דאך געווען דורכגעטריבן קלוג, האט ער נישט געווארט ווילאנג דער פארזיצער שטעלט אים די שאלות, ער האט זיי פארשוועמט מיט רייד, דערציילט פון זיין היים ווי די מאמע האט דאס געטאן די מאמע האט יענץ געטאן, און ווי זי האט מיט אים געלערנט.

מ׳וויל אים נאך עפעס פרעגן.

דא האט זיך שוין דער רעליגיעזער מיטגליד ארייגעמישט:

— נו, וויפיל איז דער שיעור?

דעם פארזיצער איז געווען איין זאך אויפאלענד, וואס דאס אינגל רעדט אלץ נאר פון די מאמען. דעם טאטן מעלדט ער אין גאנצן נישט.

נאך איין ווארט אינגעלע — זאגט דער פארזיצער.

וואס רעדסטו עפעס נאר פון די מאמען אלץ? און וואו איז דיין טאטע געווען אין די יארן פון פאר די מלחמה?

מיין טאטע איז אוועקגעפארן שוין לאנג בעפאר אויף מאסקווע.

אויף מאסקווע... וואס טוט דיין טאטע אין מאסקווע? — איז געווען די פראגע.

ער איז דארט א קאמאניסט — ענטפערט ישראל׳קע מיט תמי־מות. אזוי ווי ער האט געהערט אמאל פון די מאמען דערציילן.

המ... א טאטן א קאמאניסט? — זאגט דער פארזיצער מיט א זיגערישן טריאומף — נאך א נס מיר האבן דיך נישט געשיקט אין א פרומען קיבוץ אדער א ישיבה.

דער רעליגיעזער פרואווט זיך ארייננמישן מיט הארץ ווייטאג: דאס אינגל איז דאך בייגעשטאנען דעם עקזאמען?

וואס רעדט איר נארישקייטן? — שרייען אים אפ אלע מיט אמאל — מער פעלט אונז נישט, דער פאטער דער קאמאניסט וועט קומען, און מיר האבן זיין קינד געשיקט אין א ישיבה, ער וועט דאך מאכן א סקאנדאל וואס איז נאך נישט דערהערט געווארן. ער וועט זיכער מאכען איבער אונז א משפט! און ער וועט זיין גערעכט אויך.

מ׳מוז דאך האבן אין זיך א ביסל מענטשליכקייט, אביסל לאגיק.

דער גורל איז געפאלן:

א פרייער קיבוץ פון מפא״י נעבן „רעננה".

מ׳האט ישראל׳קען תיכף געכאפט ביי דער האנט און ארויס־געטראגן.

ישראל׳קע האט ארויסגעלאזט א געוויין מיט א גויאמער, אז הימל און ערד האבן מיטגעוויינט. ער האט זיך אראפגעווארפן אויף דער ערד, געקייקלט זיך אין די בלאטע, געשריגן געקוויטשעט, אז א

שד וואלט געווארן דערפון שאָקירט.

די „סאַדיסטן" פונ׳ם קיבוץ, האבן זיך שיעור נישט דערשטיקט פאר גרויס געלעכטער.

אוי, אינגעלע דו פארשמירסט דיר די קליידער — האבן זיי אים געזאגט מיט סאַרקאַזם.

זיי האבן אים אנגעכאפט, צוויי פעסטע יונגען, איינער ביי די פיס, דער אנדערער ביים קאפ, און מ׳האט אים ארויפגעלייגט מיט געוואלד אויפ׳ן טענדער.

ישראל׳קע איז שוין שיעור נישט אראפ פון זינען. ער האט נאר אזויפיל געזאגט מיט א כאָרכלדיגן קול, ווי מיט די לעצטע כחות:

אוי, מאמע... אוי מאמע...

דער טענדער איז שוין געפאָרן, פלוצים האט זיך ישראל׳קע געשטארקט און געוואלט זיך אראפקייקלען פונ׳ם פאָרנדיגן מאשין.

דער חלוץ האט אים אין די לעצטע סעקונדע דערכאפט. ער האט אים צוריק אריינגעשליידערט אינעווייניג, און זיך ארויפגעזעצט אויף אים, און געזאגט:

— אז דו ביסט א טיפש, וועט מען זיך מיט דיר א עצה געבן. נו, איצט שפרינג אראפ...

* * *

אנקומענדיג אינ׳ם קיבוץ, איז ישראל׳קעס לעבן געווארן פאר־זיגלט.

א פאָר חדשים האט געדויערט זיינע ראַנגלענישן און וואקלענישן. דא האט ער נישט געוואלט עסן פלייש. דא האט ער נישט געוואלט שבת אנצינדן דעם עלעקטער. ער האט דאס נישט געוואלט, ער האט יענץ נישט געוואָלט. ער האט זיך געראַנגלט ווי א צאַנקעדיגער ליכט וואס הייבט זיך אויף און לאזט זיך אראפ, ביז ס׳גייט אויס אין גאנצן. די סאַדיסטישע צינישע חלוצים האבן זיך אמוזירט אויף דעם אינגל׳ס „גסיסה" וואקלענישן, אזוי ווי א קאַץ שפילט זיך מיט די מויז, וועלכע וועט שוין פון איר נישט אנטלויפן.

אויף „יוסף הצדיק" דערציילט אונז די תורה פאר א גרויס חידוש, אז ער איז געווען צווישן די מצריים, און איז נישט קאַליע געווארן. נו, וואס קען מען האבן צום קליינעם ישראל׳קע אז ער איז נישט געווען קיין „יוסף הצדיק". איבערהויפט גענומען אין באַטראַכט אז קעגן די מצריים — דאס מיינט: א קעגן גוים — איז א סאך גרינגער צו פירן א רוחניות׳דיגע מלחמה, נישט פארגלייכן זיך צו זיי, נישט אויסמישן זיך מיט זיי, ווי צו קעמפן קעגן א זעלכע וואס רופן זיך „אידן" און זיי לעבן אלס פאַטריאָטן אויפ׳ן הייליגן באָדן פון ארץ ישראל.

נישט אזוי גרינג האט זיך ישראל'קע אונטערגעגעבן. ער פלעגט אין אנהייב פאר גרוים צער אוועקלויפן פון קיבוץ טיף אין א וואלד אריין, פארשוואונדן ווערן אויף א פאר שעה. מ'איז אים געגאנגען זוכן, ביז מ'האט אים געטראפן שלאפן אונטער א בוים. דאס האט זיך א סאך מאל איבערגעחזר'ט. ביז ער איז פון דעם אויך מיד געווארן. סוף סוף, ער האט זיך ארומגעקוקט ווי ער געפינט זיך דא, צווישן ווילדע חיות. אליין איינזאם אן שום האפנונג ער זאל אמאל פון דארט ארויס. און די קיבוץ לייט האבן גערעדט צו אים שטענדיג, גראדע שיינע ריידעלעך, פול מיט חנופה און געלעטעכצער. געקארמעט אים מיט „כפירה" רייד, וועלכע האבן זיך צוביסלעך אריינגעכאפט ווי א גיפט אין ישראל'קעס הארץ אריין.

ביז... ביז... ביז אונזער קליינער העלד ישראל'יקל איז נעביך געפאלן אין די מלחמה... אין א גייסטיגע מלחמה.

דאס וואס די מדריכים רשעים נישט עררייכט ביי אים אין טעהעראן אין איבער א יאר צייט, האבן די בלוט-צאפערס רשעים עררייכט אין צירקע דריי חדשים.

ער איז געווארן גלייך ווי זיי. דאס הארץ האט אים שוין נישט געקלאפט בשעת ער האט געגעסן א שטיק „דבר אחר". דער געוויסן האט אים נישט געפייניגט ווען ער האט געטאן אין שבת „כל דבר אסור". ער האט זיך צוביסלעך „נארמאליזירט" ווי אלע אינגלעך פונ'ם קיבוץ.

מיט די מוטער איז ער געשטאנען אין בריפליכע פארבינדונג. אין אנהייב פלעגט ער שרייבן זייער ביטערע בריף אויף זיין טראגישן מצב. האבן עם די קיבוץ לייט צענזורירט און צעריסן. די מוטער האט נעביך נישט געוואוסט וואס דאס איז אז ס'קומט נישט פון ישראל'יקל קיין שום בריף. זי האט געשטורעמט מיט בריף צום „סוכנות", מ'זאל איר — למען השם — תיכף פארשטענדיגן אין וועלכע ישיבה איר קינד געפינט זיך, און שרייבן דעם אדרעס. ס'פארשטייט זיך, אז אין „סוכנות" האט מען די אלע בריפן צעריסן, און זיך נישט וויסנדיג געמאכט. זאל די צעבראכענע מאמע דארט וואיוועןן, ס'שטערט זיי נישט דאס שלאפן און נישט דאס עסן.

ביז ענדליך, ישראל'יק האט נאך דריי חדשים אנגעהויבן שרייבן די מוטער שיינע בריף, אז זי זאל נישט זארגן, ער געפינט זיך אויף א גוט פלאץ, ס'פעלט אים גארנישט, ער „לערנט" און האט גוטע חברים א.א.וו. די בריפן האט שוין-זעלבספארשטענדליך-דער קיבוץ א דורכגעלאזט, און צו די מוטערס פרייד איז קיין שיעור נישט געווען.

נישט מער, וואס ס'איז איר געווען אויפפאלנד, אז וויפיל זי פרעגט זיך ביי אים ער זאל שרייבן דעם נאמען פון די ישיבה אדער

תלמוד תורה אין וועלכן ער לערנט, און וויזוי ער גייט פאַרויס אינ׳ם לערנען, קומען אַלץ אויף דעם אַ זעלכע וואָסערדיגע — נישט קלאָרע — ענטפערס:

— אַז ער לערנט וואָס ער דאַרף... ער גייט פאַרויס אין זיינע „אידייען" און אין זיינע אַנשויאונגען אינ׳ם לעבן... און דער עיקר זי זאָל נישט זאָרגן, ער איז געזונט ס׳פעלט אים גאָרנישט. און מ׳זאָל זיך בקרוב זען אין פריידן.

די ענטפערס האָבן די מוטער נישט צופרידן געשטעלט, דאָס האָט איר עפּעס נישט גוטע געדאַנקען אויפגעבערענגט אין מוח. אָבער זי האָט זיי פון זיך אַוועקגעשטויסן. די הויפּט זאַך, געזונט איז ער ב״ה, ס׳פעלט אים גאָרנישט. אפשר איז עפּעס זיין גייסטיגער באַלאַנס נישט אין גאַנצן אויף הונדערט פּראָצענט, ער איז דאָך נאָך אַ קינד, אַז זי וועט קומען אויף ארץ ישראל — האָט זי זיך געטרייסט — וועט זי אים שוין אויסגלייכן, און זען ער זאָל אַריינקומען אויפ׳ן ריכטיגן פּלאַץ, כדי ער זאָל קענען שטייגן ווייטער אין „תורה" און „יראת שמים". און ס׳וועט זיכער מקוים ווערן דעם רבי׳נס הבטחה, אַז זי וועט נאָך פון אים אַ סאַך נחת זען.

— יא —

אומבאַשרייבליכע גלוסטעניש און בענקעניש האָט רבקה גע־האַט צו קומען וואָס פריער אויף ארץ ישראל, און זיך זען מיט איר „אוצר" און איינציגער טרייסט אויף דעם עולם, איר בן יחיד׳ל „ישראל׳יקל״.

זי איז געזעסן אין „טעהעראַן" ווי מ׳זיצט אויף הייסע קוילן. יעדער טאָג און יעדער שעה איז ביי איר געווען ווי אַ יאָר. און דאָך האָט אַנגעדויערט גאַנצע צוויי יאָר ביז זי האָט געהאַט די זכי׳ אַרויפצו־קומען אויפ׳ן שיף וואָס וועט איר פירן אויף ארץ ישראל. איבער דער צייט האָט זי שוין אַ סאַך מאָל געמיינט אַז אָט... אָט... היינט, מאָרגן, זי גייט שוין אַוועקפאָרן. און אין דער לעצטער מינוט איז אַלץ געקומען עפּעס אַ פאַרבאָרגענע רשעות׳דיגע האַנט, און האָט קאַליע געמאַכט איר נסיעה. דערווייל קען מען נישט. ס׳איז שוין פול. דאָס נענסטע מאָל...

אַ סאַך טרערן האָט רבקה — אויסער די טרערן וועלכע זי האָט סטאַביל פאַרגאָסן טעגליך איבער איר מאַן „וועלוול", אַז דער רבונו של עולם זאָל אים צוריקבערענגען צו איר גאַנץ אין נפש און אין גוף, אַזוי ווי דער רבי האָט איר געהייסן — האָט זי אויך פאַרגאָסן אין „טעהעראַן" זייענדיג אָפּגעריסן פון איר זון ישראל׳יקל, אַז זי זאָל שוין די זכי׳ האָבן אין אַ מזל׳דיגע שעה קומען אויף ארץ ישראל.

— ענדליך — השי״ת האָט געהאָלפן — זי זיצט שוין אויף די

שיף. זי פארט שוין אויף ארץ־ישראל. זי האט זיך אין די געדאנקען פארגעשטעלט די גרויסע געוואלדיגע פרייד וואס זי וועט האבן בשעת זי וועט באגעגענען איר זון ישראל׳יקל, מיט די שווארצע קלוגע אויגע־לעך, און זיינע שווארצע געקרייזעלטע פיאות, שוין א בחור׳ל ביי די צוועלף יאר. זיכער איז ער שוין אין לערנען אויפגעשטיגן גאנץ הויעך. ער איז דאך שוין אלס קליין קינד געווען א אויסנאם מיט זיין חריפ׳ישן קאפ. אָט באלד — שוין ווייניגער פון א יאר — וועט ער מיט השי״ת הילף בר מצוה ווערן, און אנטאן תפילין. און זי וועט פון אים נחת זען, ווי דער רבי האט מבטיח געווען.

רבקה האט געשריבן אין פארויס פאר ישראל׳קען ווען זי קומט אָן, און ישראל׳קע האט געענטפערט, אז ער וועט אויף איר ווארטן ביים האפן מיט פרייד אין הארצן.

ישראל׳קע האט טאקע געווארט. אבער זי קומט אָן און שטייגט אוים צוזאמען מיט אלעמען, און זי נעמט זיך זוכן איר ישראל׳יקל, וואו איז ער? זי זעט נישט אזא אינגל, מיט אזא געשטעל ווי איר ישראל׳יקל. זי פרעגט זיך ביי אנדערע, זיי האבן אויך נישט געזען אזא סארט אינגל ווי זי מאָלט אוים.

מיטאמאל קומט צו לויפן א הויעך אינגל מיט נישקשה׳דיגע פלייצעס, אבער א גאנץ יונגען אויסזען, אויפ׳ן קאפ א גרויסע שווארצע טשופרינע, זעלבספארשטענדליך אָן א היטל. ער לויפט צו צו רבקה:

— מאמע איך בין דיין זון! דערקענסט מיך נישט?

וואו איז דער שרייבער? וואו איז די פען? וואס קען אראָפּ־שרייבן די שרעקליכע געפיל פון א צעבראכענע מאמע ביי אזא ביטערע אנטוישונג?

רבקה האט א געשריי געטאן „שמע ישראל", און זי האט גע־חליש׳ט. מענטשן זענען זיך צוזאמען געלאפן, מ׳האט געשאפט אביסל לימענע, אביסל אַלקאָהאָל צו רייבן איר, מ׳האט איר דערמונטערט.

מיין טייערער זון. מיין טייערער קרוין! וואס איז מיט דיר געשען? — האט זי זיך גענומען געוואלדעווען — דו האסט דאך מיר צוגעזאגט, אז דו וועסט מיך נישט פארשעמען... אוי ווי איז צו מיר... אוי ווי...

מאמעשו! פארפיר נישט אזוי — האט ער זיך צו איר געבעטן — ערגער דיך נישט אזוי, דו מאכסט דיך קראנק. וועסט מיט מיר אהיים קומען אינ׳ם „קיבוץ", און איך וועל דיר אלעס ווייזן און ערקלערן, וועסט אליין זען — מאמעשו — אז די זאך איז נישט אזוי שלעכט ווי דו מיינסט"...

אוי ווי, געוואלד — האט זי ווייטער פארפירט — ס׳איז נישט אזוי שלעכט ווי איך מיין? ס׳קען נאך זיין ערגער ווי איך מיין, און

ווי איך זע. וואס דו זאָלסט מיר ערקלערן קענסטו מיין אומגליק נישט קלענער מאַכן.

איך בעט דיך מאַמעשו, דערווייל שטיל זיך איין — האָט ער איר געבעטן — מיר וועלן פאָרן אַהיים.

זי איז נעבּיך שטיל געוואָרן אַזוי ווי דערשטומט רח״ל. זי האָט געפילט אַז ס'איז נישט דאָ די ווערטער מיט וואָס זי זאָל קענען איר צער אַרויסברענגען און אַביסל שטילן. אין דרויסן פונ'ם האַפן פאַר'ן טויער האָט געוואַרט אַ טענדער פונ'ם קיבוץ. אַ חבר פונ'ם קיבוץ איז געווען דער שאָפער. ער האָט רבקה'ן באַגריסט אין העברעאיש. ישראל'יק האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אַז זיין מאַמע פאַרשטייט נישט העברעאיש נאָר אידיש.

אוי, אידיש... כ'ניש קען — האָט דער חלוץ געשטאַמעלט — זיי געזונט מאַמע, זיי געזונט.

רבקה מיט ישראל'יקן האָבן זיך אויפגעזעצט, און מ'איז געפאָרן. רבקה איז געזעסן און געקוקט אין די לופטן, אָן אַ וואָרט אַרויסרעדן.

ישראל'יק האָט עפּעס גערעדט צו איר, געפרעגט איר פונ'ם וועג. זי האָט נישט געענטפערט. אַמאָל אַמאָל האָט זי געגעבן אַ שאָקל מיט'ן קאָפּ, אַנשטאָט אַ ענטפער.

ישראל'יק האָט איר אָפּגעלאָזט, טראַכטנדיג, זאָל זי זיך אַביסל אויסרוען די נערוון.

מ'איז אָנגעקומען. ישראל'יק האָט איר אַריינגעפירט אין אַ צימער וואָס מ'האָט אָנגעגרייט פאַר אירעט וועגן. ביים אַריינגאַנג האָט זי אינסטיקטיוו אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די טיר צו קושן די מזוזה.

ס'איז נישטאָ קיין מזוזה!

געוואַלד! מיין קינד וואוינט אין אַ שטוב אָן אַ מזוזה! האָט זי אַ געשריי אַרויסגעגעבן.

מאַמעשו מאַך נישט אַזאַ ליאַרעם — האָט ער זיך געבעטן — כ'האָב מורא אַז די מענטשן וועלן דאָ לאַכן. דאָ לאַכט מען אויף די אַלע זאַכן... זיי זאָגן אַז אין ארץ ישראל דאַרף מען נאָר אַרבּעטן די ערד, און רעדן העברעאיש, און... זיין אַ גוטער איד.

אוי, פינסטער איז מיין לעבן! וואו דו ביזט מיין קינד אַריינגעפאַלן! האָט זי ווייטער געשריגן — מ'קען זיין אַ „גוטער איד" אָדער אפילו אַ פּשוטער איד אָן אַ מזוזה אויף די טיר?

מאַמע מאַך נישט נאָכאַמאָל... האָט ער זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן — איך וועל דיר ברענגען אַ מזוזה, שוין, וועסטו זיין צופרידן?

ער איז אַריינגעלאָפן אינ'ם ביראוי פונ'ם קיבוץ, און דערציילט מיט אַ געוויין, אַז די מאַמע זיינע איז אָנגעקומען און זי פאַרפירט

שטארק וועגן א מזוזה, ער ווייסט נישט וואס צו טאן מיט איר.

מ'דארף די מאמען געבן א ריכטיגן אויפקלערונג אויף די איינ־שטעלונגען דא, איינמאל פאר אלעמאל — האט דער סעקרעטער פונ'ם קיבוץ געזאגט — ווען נישט וועט זי דאך וועלן א יעדע מינוט עפעס אנדערש...

דערווייל אויף איינצושטילן איר וועגן א מזוזה, דאס איז גאר־נישט. נעם א שטיקל פאפיר, און דריי דאס שיין איין, און זאג איר אז דאס איז א מזוזה, און קלאפ דאס באלד ארויף פאר אירע אויגן.

ישראל'יק האט אזוי געטאן. און זי איז געווען צופרידן.

אבי, א מזוזה אויף די טיר — האט זי שטילערהייט געשעפשעט.

ס'זענען אריינגעקומען צו איר יונגען מיט מוידן מיט א שרעק־ליכן „פריצות" ווי דער „דור המבול" צו באגריסן איר צו איר אנקומען אינ'ם קיבוץ, ס'האט זיך געשיט פון זייער מויל „מינות" און „אפי־קורסות" רח"ל, יעדעס צווייטעווארט זייערס איז געווען אדער „כפירה", אדער „ליצנות" איבער די תורה, און איבער אלעמען וואס ביי אידן איז הייליג.

זיי האבן איר געוואלט חנפ'ענען האבן זיי איר געזאגט:

מימעשו, איר האט זייער א וואויל אינגל, ס'וועט ווערן פון אים א מענטש, א נס האט איר וואס ער איז נישט אריינגעפאלן אין עפעס א ישיבה פון די „פאראזיטן" און „באנק־קוועטשערס". א סאך פאלן נעביך צו זיי אריין, און ווערן אומגליקליך.

רבקה'ן האט נעביך געשטאכן א יעדעס ווארט ווי מיט שפיזן. זי האט שוין גוט באגריפן אין וואסערע זומפ איר בן יחיד'ל איז אריינ־געפאלן, ערגער פון די ערגסטע.

פאר דעם האט זי דאך מורא געהאט — האט זי איצט ביי זיך געטראכט — בשעת זי האט זיך מיט אים געזעגנט ביי די שיף אין טעהעראן. און א פלא, זי דענקט גענוי, וואסערע שלעכטן פארגעפיל, זי האט דעמאלס געהאט. דאס הארץ האט איר עפעס נביאות געזאגט אויף שלעכטן. אבער אין דער אמת'ן אויף אזוי ווייט, האט זי זיך נישט געקענט אפילו פארשטעלן, דא לעבט מען דאך אזוי ווי „חיות" אויסגעטאן פון אלעמען.

עסן האט זי נישט געוואלט גארנישט. זי האט דאך געזען קלאר אז אלעס איז דא טריפה. „באין ברירה" האט זי זיך דערווייל דערנערט מיט עפעס גרינצייג און פירות.

זאג מיר מיין קינד — האט זי זיך געווענדעט צו ישראל'יקן — וויזוי ביזטו אזוי אריינגעפאלן, האסט דאך מיר צוגעזאגט צו גיין אין א ישיבה?

מאמעשו — האט ער זיך אנגעהויבן צו פארענטפערן — איך

האָב געוואָלט פאָרן אין ישיבה, דו ווייסט דאָך מאַמעשו ווי איך האָב געקעמפט אין טעהעראַן קעגן די מדריכים וועגן אידישקייט. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן אויך דאָ אין ארץ ישראל אין אַנהייב. אָבער זיי האָבן מיך גענומען מיט געוואַלד און אַהער געברענגט. זאָגנדיג אַ תירוץ אַז מ'האָט אַ טאַטן אַ „קאָמאָניסט" מוז מען גיין אין אַ פרייעם קיבוץ. וואָס האָב איך געקענט טאָן? זיי זענען שטאַרקער געווען פון מיר. איך האָב געשריגן, געוויינט ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, זיי האָבן מיך אַרויפגעזעצט אויף זייער טענדער און אַהערגעברענגט. און נישט נאָר מיר האָבן זיי אַזוי געטאָן, כמעט אַלע קינדער פון טעהעראַן וועלכע זענען געווען מיט מיר אין לאַגער האָבן זיי אַוועקגעשיקט אין אַ זעלכע „קיבוצים" ווי אונזערע. מ'זאָגט אַז מיט אַלע קינדער וואָס קומען אין לאַנד אַריין טוען זיי אַזוי. אין אַנהייב איז מיר געווען דאָ זייער שווער. דאָ האַלט מען גאָרנישט, אפילו נישט יום כפור. איך האָב אַ סאַך מאָל געוואָלט אַנטלויפן, אָבער איך האָב נישט געקענט. איך האָב אפילו נישט געוואוסט וואו מ'גייט. ממילא בין איך געבליבן דאָ. כ'האָב מיך צוביסלעך צוגעוויינט צו זיי. איצט איז מיר שוין גוט דאָ.

אפשר זענען זיי טאַקע גערעכט — האָט ישראל'יק אויסגעפירט — אַז דאָ אין ארץ ישראל איז מען פטור פון אַלעמען...?

חלילה! מיין קינד — האָט זי געזאָגט האַסטיג — ארץ ישראל איז דאָך אַ הייליג לאַנד. דאָ האָבן דאָך געוואוינט אונזערע אבות, און אַלע גרויסע צדיקים. דאָ איז געווען דאָס בית המקדש אין ירושלים. און אַלע הייליגקייטן. און בקרוב וועט קומען משיח, און אַלעס וועט צוריק ווערן. אָבער דערווייל דאַרף מען דאָ זיין נאָך פרומער ווי אין חוץ לארץ, זאָלסט נישט גלייבן די שקצים די הפקר־יונגען. אַז משיח וועט קומען וועט מען זיי אַלע אַרויסטרייבן פון דאַנעט, ס'וועלן נאָר בלייבן די ערליכע אידן, און די וואָס וועלן אמת'דיג תשובה טאָן.

מאַמעשו — האָט ישראל'יק געזאָגט — איך קען פון דאַנעט נישט אַוועק גיין, ס'איז מיר גוט דאָ, ס'פעלט מיר גאָרנישט, סיידן האָט מען מיר דאָ געזאָגט, אַז מ'וועט מיך פון דאָ נישט אַרויסלאָזן, סיידן מיין טאַטע — דער קאָמאָניסט — זאָל קומען און זאָל מיך אַרויסנעמען. און אַז דער טאַטע זאָל קומען און מיך אַרויסנעמען מיט אים וואָלט איך טאַקע גערן געגאַנגען אומעטום.

אוי! וולעוול וועלוול — האָט רבקה גענומען צו קרעכצן איבער איר מאַן — דו האָסט מיר צעבראָכן און דערביטערט מיין לעבן דאָס ערשטע מאָל ווען דו האָסט מיך איבערגעלאָזט און אַוועק אויף מאָסקווע. איצט האָסטו מיך צעבראָכן דאָס צווייטע מאָל, אַז דורך דיר — אַ „קאָמאָניסט" — האָט מען מיין קינד, וואָס כ'האָב אים געהאַלטן פאַר מיין איינציגע טרייסט אויף דעם עולם, אַוועקגעריסן פון מיר, אַוועק־

גערים פון באשעפער און פון אידישקייט.

אבער אז דו וועסט צוריק קומען צו מיר, מיט'ן אויבערשט'נס הילף — האט זי אזוי גערעדט צו זיך — וועט עס זיין א רפואה פאר אלע דריי, פאר דיר און פאר מיר, און פאר אונזער ישראל'יקל, וואס איז נעביך פארפירט געווארן פון אזעלכע לעצטע קלאס מענטשן, און אריינגעפאלן אין אזא מיאוס'ן זומפ.

ישראל'יק האט זיך אזוי צוגעהערט צו די מאמען ווי זי רעדט צו זיך, האט ער זיך אָנגערופן:

— מאמעשו, זאג, דו האלסט אז דער טאטע קען נאָך אמאל צוריק קומען צו אונז?

אוודאי האלט איך — האט זי אים געענטפערט — ס'איז טאקע מיט'ן שכל שווער צו פארשטיין וויזוי דאס זאל זיין, נאך אזויפיל יאָרן וואס ער איז אוועק אויף מאָסקווע, און זינט דעמאָלם האט מען פון אים נישט געהערט קיין זכר. אבער אז דער אויבערשטער וועט וועלן וועט אלעס קענען זיין. און איך גלייב „באמונה שלימה" אין רבי'נס הבטחה.

געדענקסט ישראל'יקל, דעם רבי'ן אין דערהיים מיט די לאנגע ווייסע בארד? — האט זי דערמאנט ישראל'יקן — געדענקסט ער האט דיך אמאל געבענטשט, ער איז געווען א הייליגער צדיק.

יאָ יאָ איך געדענק אים מאמעשו — האט ישראל'יק געזאגט — נו ער האט דיר צוגעזאגט אז דער טאטע וועט צוריק קומען צו אונז?

יאָ יאָ מיין קינד, ער האט מיר מבטיח געווען — האט זי אים דערציילט — אז אויב איך וועל יעדן טאג וויינען מיט „טרערן" פאר'ן אויבערשטן,און בעטן „רבונו של עולם שיק מיר צוריק מיין וועלוול גאנץ מיט'ן נפש און מיט'ן גוף" זאגט ער מיר צו אויף זיכער אז „די טרערן וועלן אים צוריק ברענגען". אבער נישט אלס „קאָמאָניסט" חלילה, „גאנץ מיט'ן נפש" מיינט אלס „ערליכער איד". און איך פאלג דעם רבי'ן, זינט דעמאלם פארגיס איך א יעדן טאג אביסל טרערן אויף דעם. בין איך זיכער אין רבי'נס הבטחה, אז ער וועט נאך צו אונז צוריקקומען. וויזוי? ווייס דער אויבערשטער.

און איך בין אין דעם אויך זיכער — האט זי פארענדיגט אירע רייד — אז דו וועסט נאך פון דאנעט ארויס, און צוריק קומען צום ריכטיגן וועג, ווייל דער רבי האט מיר דאס אויך מבטיח געווען, אז איך וועל נאך פון דיר א סאך נחת זען. און „נחת" איז נאר ווען מ'פירט זיך ווי א איד מיט „אמונה בהשם" אויפ'ן אידישן דרך פון „תורה" און „מצות". אָן דעם איז מען נישט קיין איד, און אפילו נישט קיין „מענטש".

מאמעשו — האט ישראל'יק פארזיכערט די מוטער — אויב דאס וועט אמת זיין, און דיינע טרערן וועלן צוריק ברענגען דעם טאטן צו

אונז, זאג איך דיר צו, אז איך וועל מיט אים אוועקגיין פון דאנעט, און אפילו גיין אין א ישיבה אריין, לערנען ווייטער די תורה. אבער ביז דעמאלם וועל איך בלייבן דאָ.

* * *

רבקה האט זיך געלייגט שלאפן מיט א צעבראכן שווער געמיט. זי האט געהאט שרעקליכע חלומות. ווי רויבערם האבן איר באפאלן און מ׳וויל איר קינד פון איר צורויבן, זי האט געקעמפט מיט די לעצטע כחות א קעגן זיי, און סוף האט זי זיך איבער זיי געשטארקט און גע־ראטעוועט איר קינד פון זייערע הענד.

ווען זי איז אויפגעקומען פונ׳ם שלאף האט זי געדענקט איר חלום, און ס׳האט איר געגעבן „התחזקות״ אז זי וועט סוף סוף קענען איר זון ארויסראטעווען פון די רשעים, וועלכע זענען נישט בעסער ווי רויבערם, און אפשר נאך ערגער, ווייל ס׳שטייט געשריבן, אז ווען מ׳רויבט איינעם צו די „נשמה״ איז ערגער ווי ווען מ׳רויבט צו דעם גוף, אבער די נשמה זיינע טשעפעט מען נישט.

אבער וואס הייבט מען איצט אָן צו טאָן? האָט זי ביי זיך געטראכט — דערווייל ארויסנעמען ישראל׳יקן פון דאנעט קען זי נישט — נישט מ׳וועט אים לאזן אוועקגיין, און נישט ער אליין וויל דערווייל הערן דערפון. און זי איז א שוואכע צעבראכענע אידענע פון די סאך צרות וואס זי האט שוין מיטגעמאכט. וואו זאל זי גיין? וואו זאל זי זיך ווענדן? און ווי קען זי איבערלאזן איר זון אליין דא אין דעם שמור־ציגן זומפ? ווען זי וואלט געקענט כאטש זיין דא מיט אים אין איינעם א שטיקל צייט, וואלט זי אים צוביסלעך מיט שיינע רייד א סאך געקענט ענדערן צום גוטן. דער רבי האט דאך געזאגט אמאל, אז ער האט אין זיך א הייליג נפש. נאר ליידער די „קליפות״ האבן זיך דערווייל אויף אים איבערגעוועלטיגט. און אפשר מיט דער צייט וואלט זי געפונען א וועג, וויזוי איר זון פון דאנעט ארויסראטעווען. אבער אויב זי וועט אים דא איבערלאזן אויף הפקר צווישן די באנדע רשעים, פארפירעס, הפקר יונגען, וועט ער דאך אלץ ערגער ווערן, און ס׳וועט גארנישט זיין קיין האפנונג ח״ו אז ער זאל אמאל ארויס פון דאנעט.

אבער ווי קען זי בלייבן דא? — האט זי ביי זיך ווייטער געטראכט — אז דא זענען דאך אפילו די שטיינער טריפה. און קיין זכר פון א שבת פון א יום טוב. מ׳לעבט דאך דא אזוי ווי בהמות און חיות.

אין מיטן איז ישראל׳יק ארייננגעקומען. ער האט איר באגריסט מיט א „גוט מארגן״. געבערענגט איר עפעס צו עסן, ברויט מיט גרינצייג און פירות. ער האט געוואוסט אז זי וועט עפעס אנדערש נישט עסן.

נאכהער האט ער זיך אנטשולדיגט פאר די מוטער, אז ער מוז

שוין גיין. ער גייט אלע טאג אין א שולע פון „אגריקולטור" דא אינ׳ם קיבוץ. עס לערנט זיך אים גאנץ גוט.

די מוטער האט נעביך אנגעהויבן פריש צו קרעכצן:

— אוי ווי איז צו מיר, אז דאס איז די ישיבה, תלמוד תורה, פון מיין זון. זיכער שטאָפּט מען אים דארט מיט מינות און אפיקורסות.

ווען זי איז געבליבן אליין, האט זי זיך געטראכט, אז זי וועט אביסל ארויסגיין זען ווי ס׳זעט דא אויס, און איינוועגס אביסל פרישע לופט שעפּן.

זי איז ארויס אין דרויסן, ארומגעגאנגען אינ׳ם קיבוץ, ארומגעקוקט זיך ווי ס׳זעט אויס די ווירטשאפט. אזוי אהער און אהין גייענדיג איז זי אריין אין א שטאַל, זי האט דארט געזען „חזירים". ס׳האט איר אנגע־כאפּט א ציטער. ווי אידן קענען אראפּזינקען אזוי טיף, דא אינ׳ם הייליגן לאנד, ווי קיינער שטערט איינעם נישט לכאורה צו זיין א איד. זי איז זיך ווייטער געגאנגען, האט זי באגעגנט שטייגן פון „האָזלעך". זי האט אפּגעשטעלט א יונג פון קיבוץ און געפרעגט אים, וואס טוט מען דא מיט די האָזלעך? ס׳איז איר גארנישט איינגעפאלן, אז דאס איז צו עסן.

מאמעשו —האט ער איר געענטפערט — האָזן פלייש איז זייער געשמאק צו עסן, ס׳נערט און ס׳איז גרינג צו פארדייען.

אוי ווי מיינע יארן — האט זי שטיל געקרעכצט — וואס פאר־דארבענע חברה קענען נעביך אויסקלערן צו דערצערענען דערמיט דעם אויבערשטן, רח"ל.

זי איז געגאנגען אביסעל ווייטער. זי איז שוין אנגעקומען צום עק פונ׳ם קיבוץ. דארט זענען געווען עטליכע שורות מיט ביימער.

פלוצים באמערקט זי צווישן די ביימער שפּאצירן א איד מיט א ווייסע באָרד. אין די ערשטע מינוט האט זי זיך פשוט דערשראקן פון אים: — ווי קומט אהער א איד מיט א באָרד?

זי האט אים אפּגעשטעלט און געפרעגט:

ר׳ איד, ווי קומט איר דא אהער אין דעם פרייעם קיבוץ?

וואס הייסט ווי איך קום אהער? — האט דער איד געזאגט — איך וואוין דאך דא צו זאמען מיט מיין אידענע. אט זעט דאס איז אונזער שטיבל — האט דער איד געוויזן אויף א הייזקע, וועלכעס איז געשטאנען אביסל אפּגערוקט פונ׳ם קיבוץ.

רבקה האט זיך זייער פארוואונדערט:

נו, אליין וואוינט איר דא מיט אייער אידענע? — האט רבקה געפרעגט — ווי קען א איד דא וואוינען? קיין שול, קיין שבת, קיין כשרות א.א.וו.

— אויך וואוין נישט דא אליין — האט דער איד געענטפערט —

מיר וואוינען דא א פערצן אידן אלעס עלטערע מענטשן, עטליכע האבן שוין נישט די ווייבער — נישט פאר קיינעם געדאכט — און אונזערע קינדער וואוינען דא אין קיבוץ. וואוהין זאלן מיר גיין אויף דער עלטער? געלט איינצוצאָלן אין „מושב זקנים" האבן מיר אויך נישט, מ'בעט היינט א שיינע סומע געלד פאר דעם. וואוינען מיר דא אביסל אפגערוקט פונ'ם קיבוץ, אין הייזקעלעך וואס אונזערע קינדער האבן אונז אויפגעשטעלט. ס'איז נישט אין גאנצן „לשם שמים". די ענגלישע רעגירונג פירט זיך דא, אז זי צווינגט קינדער אויסצוהאלטן די עלטערן. נו, עסן באקומען מיר פונ'ם קיבוץ. און מ'לעבט זיך אזוי אָפּ די ביסל יארן וואס מ'האט נאך אויף דעם עולם.

נו, און כשרות? — פרעגט ווייטער רבקה.

מיר האבן דא א כשר'ע קיך איינגעריכטעט פאר אונז באזונדער — האט דער איד געענטפערט — מיר האבן אפילו צווישן אונז א „שוחט" וואס ער שחט אונז. זיי די יונגעלייט אינ'ם קיבוץ — זאגט דער איד מיט א געלעכטער — ווילן נישט עסן פון זיין שחיטה, זיי זענען אליין אלע „שוחטים", און מיר ווידער עסן נישט פון זייער שחיטה, מיר האבן זיך אונזער שוחט.

נו, איצט ליבע אידענע — זאגט דער איד — איך האב אייך שוין אלעס געזאגט. איצט זאגט איר מיר ווי קומט איר אהער? איך זע דאך אז איר זענט א ערליכע אידישע פרוי. און ווייסט איר וואס, קומט אריין צו מיר אין שטוב, איר וועט זיך אדורכרעדן אביסל מיט מיין אידענע, זי וועט האבן א שמחה אז זי האט צו וועם ארויסרעדן א ווארט. מיט אונזערע „שכנות" האט זי דאך שוין אלעס הונדערט מאל אדורכגערעדט און א דורכגעקייט.

רבקה האט זיך נישט געלאזט בעטן. זי איז אריין צו זאמען מיט דעם איד אין זייער שטיבל. א עלטערע פרוי האט איר אויפגענומען זייער פריינטליך, געהייסן זיצן, מכבד געווען א גלעזל טיי. און געפרעגט איר ווי זי קומט אהער?

רבקה האט אלעס דערציילט. וויזוי איר בן יחיד'ל איז צו זיי דא אריינגעפאלן, אנקומענדיג צוזאמען מיט די טעהעראנער קינדער אויף ארץ ישראל. און ער איז דא געווארן א גוי ווי אלע. און ווי ביטער און פינסטער איז איר דאס לעבן דורכדעם, זי האט געהאפט אז ער וועט אריינגיין אין א ישיבה. ער האט א גוטן קאפ צום לערנען. צום סוף איז איר אזוי אויסגעגאנגען.

די אלטע פרוי האט איר איבערגעהאקט:

נו, מיר אלע האבן דאך דא אונזערע קינדער. מיר האבן אויך אין חוץ לארץ געשיקט אונזער זון אין די ישיבה, ער האט גוט געלערנט. מיר שטאמען פון גרויסע רבנים. צום סוף האט ער זיך איבערגעדרייט און

געווארן דא א חבר אין דעם קיבוץ, און מיר וואוינען דא נעבן אים.

איר דארפט אייך נישט אזוי צום הארצן נעמען — האט די אידענע פארגעזעצט — אונז איז אויך שווער געווען אין אנהייב. מ'געוואוינט זיך צו. אז מ'זאגט זיי נישט קיין מוסר זענען זיי גאנץ גוטע קינדער. זיי קומען אונז באזוכן ווען זיי האבן אביסל צייט. נאר אז מ'זאגט זיי מוסר ווערן זיי ווילד ווי א טיגער, זיי קענען צורייסן מענטשן. נו, זאגט מען זיי נישט. זיי פירן זיך זייער שטייגער לעבן, און מיר פירן זיך אונזער לעבן פאר זיך.

וואס הייסט? — האט רבקה נישט פארשטאנען — ווי קען מען שלום מאכן מיט'ן געדאנק אז מ'האט קינדער „גוים", נאך ערגער ווי גוים, ווארים א שטיקל אנשטענדיגער גוי גלויבט אויך אז ס'איז דא א בעשעפער אויף דער וועלט, ס'איז נישט הפקר פעטרישקע, אבער זיי גלויבן גארנישט. דאס הייסט אויך א לעבן?

איי, איר דארפט נישט אזוי רעדן אויף זיי — האט די אידענע געזאגט — זיי זענען טאקע נישט פרום ווי אונז, אבער זיי האבן „אהבת ישראל", זיי זענען זיך „מוסר נפש" צו בויען אונז א לאנד.

רבקה האט תיכף פארשטאנען, אז די אלטע איז שוין אויך א היבש ביסל „געכאפט אויף די מעשה". אז מ'וואוינט אזוי לאנג אויף אזא פלאץ, צוזאמען מיט אזעלכע קינדער, און מ'עסט זייער ברויט, איז אוממעגליך מ'זאל מיט דער צייט נישט באקומען אויך א פארדרייטן שכל.

זי האט איר געענטפערט:

— איך פארשטיי נישט וואסערע „אהבת ישראל" איז דאס? מ'נעמט אידישע קינדער וואס זענען פון פרומע היימען און מ'רויבט זיי צו מיט געוואלד אן רחמנות, מ'מאכט פון זיי גוים. און דאס טוען זיי אין די שווערע טויזנטער, זיי ווערן גארנישט זאט. אלע טעהעראן'ער קינדער זענען פון דערהיים אוים פון פולין פון פרומע הייזער, זיי ווייסן דאס גאנץ גוט. און מ'האט זיי כמעט אלע מיט געוואלד צוגערויבט און געמאכט פאר גוים. פרעסן חזיר און טוען „כל דבר אסור". איר זאגט דאך אליין אז ווען מ'זאגט זיי „מוסר" ווערן זיי ווילדע חיות. און דאס איז קענן אייגענע עלטערן, האנטשע נאך אקעגן אנדערע. זיי האבן נאר „אהבת ישראל" א קעגן אנדערע „משומדים" זייער גלייכן, און אויך נאר ווילאנג זייער אינטערעסע טראגט אוים. קוקט נאר מיט וואסערע שנאה זיי רעדן פון פרומע אידן, זיי וואלטן זיי דערטרונקען אין א לעפל וואסער.

און דאס וואס איר זאגט — האט רבקה פארגעזעצט — אז זיי זענען זיך „מוסר נפש" צו בויען אונז א לאנד, פאר אונז בויען זיי? זיי בויען פאר זיך. זיי ווילן האבן א לאנד ווי אלע גוים האבן. דער פאליאק איז זיך נישט מוסר נפש פאר זיין לאנד? דער דייטש איז זיך נישט מוסר נפש פאר זיין לאנד? אלע גוים טוען דאך דאס זעלבע.

און איבריגנס — האָט רבקה געזאָגט — דאָס לאַנד וואָס זיי ווילן בויען, וועט האָבן זייער פּנים. אַזוי ווי איר זעט דאָ אין קיבוץ זייער ווירטשאַפט. וואָס האָט מען פון זייער בויען, אַז זיי זענען גוים, און זיי פאַר׳סם׳ען אונדז אונדזערע קינדער? זיי זענען מטמא דאָס הייליקע לאַנד פון אברהם יצחק ויעקב, מיט „מינות" און „כפירה", מיט חזירים און טמאַ׳נע האָזלעך, און מיט „כל דבר אסור"!, ביי אַ פרומען איד איז דאָך דער עיקר „אידישקייט" און אַ „תורה׳דיג" לעבן", ווען נישט, וואָס האָט ער פון אַ לאַנד? וואָס האָט ער פון זיין גאַנץ לעבן?

מיר פאַרלאָזן זיך נאָר אויפ׳ן אויבערשטן — האָט רבקה אויס־געפירט — אָן דעם אויבערשטן קען מען קיין פינגער נישט רירן. און דער אויבערשטער וועט אונדז בויען, ווען ער וועט וועלן, און ס׳וועט קומען די צייט.

די אַלטע האָט זיך אַביסל פאַרלוירן פון רבקה׳ס אמת׳ע רייד, דער קאָפּ איז איר אַביסל געעפנט געוואָרן, און זי האָט געזאָגט:

— יאָ, איר זענט כשר גערעכט, נו אוודאי איז נישט גוט. אָבער וואָס קענען מיר טאָן. מיר דאַנקען ג־ט אַז מ׳לאָזט אונדז לעבן. אַז מיר וועלן זיך מיט זיי איינרייסן, וועלן זיי אונדז אַרויסוואַרפן אין די גאַס.

נו, און אַ שול וואו צו דאַווענען האָט איר אויך דאָ? — האָט זיך רבקה אינטערעסירט.

זעט איר, דאָס האָבן מיר נישט — האָט די אַלטע געזאָגט — די לייטונג פונ׳ם קיבוץ האָט אונדז פאַרבאָטן צו מאַכן אַ שול, און צו דאַווענען „בציבור". אונדזערע מענער מוזן דאַווענען „ביחידות". דאָס שטערן זיי נישט.

דאָס איז דאָך שוין פונקט ווי אין רוסלאַנד ביי די „קאָמאָניסטן". וואָסערע טעם האָט אַ שבת אַ יום טוב אָן אַ שול.

נו, וואָס קען מען טאָן? — האָט די אַלטע געזאָגט — ס׳איז אַפילו יאָ געווען אַ שול אַ שטיקל צייט, ס׳איז געווען אַ מחי׳ מ׳האָט געדאַווענט דאָרט „ערב ובוקר". און זינט די מעשה פון „שער הגולן" האָט מען עס בטל געמאַכט.

וואָס איז געווען די מעשה פון „שער הגולן"? — האָט זיך רבקה אינטערעסירט.

איר ווייסט נישט — וואונדערט זיך די אַלטע — די בלעטער האָבן דאָך עס דעמאָלס געשריבן. אַלע האָבן דערפון גערעדט.

פון וואו זאָל איך וויסן? זאָגט רבקה — איך בין דאָך ערשט געקומען אין לאַנד.

אוי, איך האָב טאַקע אין גאַנצן פאַרגעסן — פאַרענטפערט זיך די אַלטע — אַז איר זענט דאָ אַ נייע אין לאַנד. איך וועל אייך דערציילן אין קורצן וואָס דאָרט איז געווען:

„שער הגולן" איז א קיבוץ, אזוי ווי איר זעט דאָ דעם קיבוץ, פרייע חברה. האבן זיי אויך געהאט אביסל טאטעס, וועלכע זיי האבן געדארפט אויסהאלטן, ס'פארשטייט זיך, פרומע אידן, ווי מעהרסטנס אלע אידן פונ'ם עלטערן דור. אמאל איז דאך דאס נישט געווען דער אנשיקעניש פון פרייע אויסגעלאסענע חברה וואס האלטן נישט די תורה, אפשר איינס צווישן טויזנט. האט ער אויך איינגענומען „חרפות" און „בושות", ער האט נישט געוואוסט וואו זיך אהין צו טאָן. היינט זענען זיי דאך ביי זיך גאנצע מיוחסים.

נו, לאמיר שוין נישט רעדן. איך זאל נישט געשטראפט ווערן פאר די רייד. נו, האט מען די אלטע אין „שער הגולן" מסדר געווען אזוי ווי אונז, אביסל אויסער'ן קיבוץ, געלאזט זיי מאכן א כשר'ע קיך, און אלעם וואס זיי באדארפן. האבן די אידן געוואלט האבן א שול וואו צו דאווענען. האט מען זיי געזאגט פונ'ם קיבוץ, גוט, מיר וועלן אייך מאכן א שול, אבער איין „תנאי", איר זאלט קיין קינדער פונ'ם קיבוץ נישט ארייגלאזן אין שול אריין, און אוודאי נישט ארייגרופן, אדער אריינארן מיט שיינע ריידעלעך. נו, אברירה האבן זיי געהאט? האבן זיי אלעם פארשפראכן נאר מ'זאל זיי לאזן מאכן א שול און זאלן קענען דאווענען „בציבור". ס'איז דורך א שטיקל צייט, ס'האט זיך דארט גערדאוונט געשמאק. האט זיך אמאל א אינגל פארבלאנדזשעט אין יענע געגנט, האט זיך אים פארגלוסט ארייגקוקן אין שול וואס דארט טוט זיך. דער זיידע פונ'ם אינגל וועלכער איז גראדע געווען דאָרט אין שול, האט גענומען דאס אייניקל מיט א גלעט, און געוויזן אים א אלף מיט א בית מיט א גימל א.א.וו. נאכדעם איז שוין דאס אינגל געקומען א יעדן טאג אדער יעדן צווייטן טאג, ביז דער זיידע האט אים אויסגעלערנט צו זאגן „עברי" און דאס אינגל האט זיך גענומען דאווענען צו ביסלעך. דער זיידע האט אים אנגעזאגט, ער זאל אין שטוב גארנישט דערציילן. דאס אינגל האט נאכ-הער געברענגט נאך א אינגל, און דער צווייטער א דריטן א פערטן. אינדערהיים אין די שטוב פון די אינגלעך האט מען באמערקט אויף די קינדער ענדערונגען, זיי האבן ארויסגערעדט עטליכע מאל נישט ווילנדיג דעם נאמען פון „רבונו של עולם" און נאך אזעלכע זאכן. ביז מ'האט עפעס אנגעהויבן צופארדעכטיגן. איז פונקט געווען „שמחת תורה", אינ'ם שטיבל ביי די אלטע לייט האט מען געטאנצט מיט די תורה, ווי דער שטייגער ביי אידן. איז איינגעפאלן דער „סעקרעטער" פונ'ם קיבוץ צו מאכן דעמאלס א קאָנטראָלע אין די שול. ער קומט אריין טרעפט ער דארט צו זיינע צרות די פיר קינדער פונ'ם קיבוץ טאנצן מיט די תורה. נו, נו, וואס ס'האט זיך אפגעטאן נאך די מעשה אינ'ם קיבוץ, ממש א „תשעה באב". און די אלטע חברה האט מען געוואלט פשוט צערייסן. א קלייניגקייט, מ'פירט איבער דעם גאנצן קיבוץ. די קינדער זענען אומ-

שולדיגע קינדער, זיי וויסן פון גארנישט, קומען די אלטע לייט און פאַר־דרייען זיי א קאָפּ מיט א „תורה" מיט א... און מ׳וועט שוין האָבן פון זיי צו זינגען און צו זאָגן.

תיכף אין יענעם טאָג איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרמאַכן די שול. מ׳האָט באַפאַלן די שול נאָך ווען די אַלטע זענען געווען דערינען און ארויסגענומען אלע זאַכן, די בענק די טישן דעם „ארון הקודש" א.א.וו. מ׳האָט אלעם ארויפגעפּאַקט אויף א לאַסט־אויטאָ און תיכף אַוועקגעפירט עם אויף טבריא, און איבערגעלאָזט דאָרט אין א שול. די שול האָט מען שוין פאַרוואַנדלט אין א גרויסן הינער־שטייג. אוים מיט די שול.

דעמאָלם האָט זיך דער העכסטער ראַט פון די „קיבוצים" צוזאַמען געזעצט, און מ׳האָט באַשלאָסן אז מ׳לאָזט מער נישט די אלטע חברה מאַכן א שול. זיי קענען דאַווענען וויפיל זיי ווילן, אפילו א גאַנצן טאָג, עם אָרט זיי נישט, אבער נישט „בציבור" אין א שול. ווייל דאָס „פאַר־דאַרבט" זייער יוגנט. דעמאָלם האָט מען אונזער שול אויך צעשטערט.

איז, צוליב א פּאָר אלטע נערנים — האָט די אַלטע אידענע פאַר־ענדיגט אירע רייד — דאַרפן מיר אויך ליידן, און נאָך ווער ווייס וויפיל. וואָס האָבן זיי געדאַרפט אריינלאָזן קינדער פונ׳ם קיבוץ אין שול? מ׳האָט זיך דאָך אויסגענומען מיט זיי אז זיי זאָלן עם נישט טאָן. די קיבוץ וויל עם נישט פאַרליידן. אז נישט איז נישט. מ׳דאַרף זיי אויך פאַרשטיין די יונגע חברה, זיי ווילן נישט זיין פרום. מ׳קען זיי עפּעס נייטן? היינט איז א וועלט, אז יעדער איז אַזוי ווי ער וויל...

אוי, וואָס רעדט איר אַזעלכע זאַכן — האַקט איר איבער רבקה — וואָס קומט פאַר א אלטן איד, ער האָט זיך געפּלוגט און אויפגעצויגן קינדער מיט בלוט און שווייס, וואָלט ער געוואָלט אז א אייניקל זיינס זאָל וויסן א וואָרט „עברי", ער זאָל נישט אויפוואַקסן ווי א אקס וואָס קייט די גראָז. קומט אים דעם אלטן צו באַשטראָפן? לא די, וואָס די זין זייערע וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן דעם טאַטנס דרך, זיין פלוג זיין האַראָוואַניע געוואָרפן אין די בלאָטע, פירן זיך ווי געמיינע גוים, זיי דרייען זיך ארום אומבאַשטראָפט! און דעם אלטן טאַטן דאַרף מען יאָ באַשטראָפן? ווייל ער האָט מיטן אייניקל געלערנט א אידיש וואָרט. א פינסטערע פאַרדרייטע וועלט!

די אידענע האָט זיך געכאַפּט, אז זי האָט שוין ווייטער גערעדט וואָס מ׳דאַרף נישט, האָט זי עם געזוכט אויסצובעסערן:

— נו אַוודאי איר זענט גערעכט, ס׳איז קיין ספק נישט. אבער וואָס זאָל מען טאָן אז די היינטיגע חברה ווילן עם נישט פאַרשטיין. זיי זענען די חכמים. גיי מאַך מיט זיי...

לאָמיר צוקומען צום תכלית וואָס איך וויל דאָ איצט ארוים־ברענגען — האָט רבקה געזאָגט — איך האָב באַשלאָסן אז מיר איז

דאס בעסטע צו פארבלייבן א שטיק צייט דא אין קיבוץ נעבן מיין זון. איך קען נישט מיין איינציג קינד איבערלאזן דא אין גאנצן הפקר. אז ער וועט זיך געפונען נאָנט צו מיר, וועל איך דאָך עפעס משפיע זיין אויף אים. נו, האב איך דאך געהאט דעם פראבלעם וואס וועט זיין מיט'ן עסן? וואו נעמט מען דא א כשר ביסן? איז, ווי אייער מאן האט מיר געזאגט אז איר האט דא פאר אייך א באזונדערע כשר'ע קיך, האט איר אריינגעבלאזן אין מיר א שטיק חיות, וועל איך דאך יאָ האבן וואס צו נעמען אין מויל. זאגט איר טאקע אז די קיך איז כשר אויף הונדערט פראָצענט? — האט רבקה געוואלט נאכאמאל הערן פון זיי.

וואס דען? — זאגט די אלטע אידענע — מיר זענען דאך פרומע אידן גלייך ווי איר. אלע פראדוקטן אונזערע וואס מיר נוצן זענען כשר אויפ'ן בעסטן אופן. וואס מיר קענען נישט אליין ערצייגן שיקט מען אונז אריין פון רעננה, למשל, מצות, און ווין אויף פסח באקומען מיר אויך פון רעננה, דאס כשר'סטע וואס ס'געפינט זיך אין לאנד.

אוי, שמואל וואלף — האט די אלטע געשריגן צו איר מאן — מיר איז איינגעפאלן א גוטע זאך.

הערט אוים מיין ליבע פריינט — האט די אלטע געווענדעט זיך נאכאמאל צו רבקה — מיר האבן דא געהאט א „קעכערקע", א וואוילע פרוי, וועלכע האט זיך אפגעגעבן מיט די קיך, איז זי גראדע פאר צוויי טאג אוועק פון דאנעט. איר ווייסט דאך מיר זענען שוין עלטערע מענטשן, ס'איז אונז שווער זיך באלמוטשן מיט די קיך, מ'דארף דערצו יונגע כוחות, פאר א יונגן מענטש איז עס גארנישט. איר זענט דאך נאך א יונגע ווי מ'זעט אויף אייער פנים. איר וואלט עס געקענט איבערנעמען די גאנצע קיך, וואלט איר כאטש געווען זיכער ביי אייך אז אלעם איז „כדת וכדין", און פאר אונז וואלט אויך געווען גוט.

פאר'ן מאן ר' שמואל וואלף, איז אויך שטארק געפעלן דער פלאן. ער האט געפרעגט:

— נו, זענט איר מסכים? וועל איך שוין מיט אייך צוזאמען אריבער גיין אינ'ם סעקרעטאריאט פונ'ם קיבוץ, און מ'וועט די זאך ערלעדיגן.

רבקה האט געזען אין דעם א „השגחה עליונה". קודם וועט זי קענען זארגן אז די קיך זאל זיין כשר, אויף הונדערט פראצענט. און זי וועט זיין נאנט צו איר זון, זי וועט אים אויך קענען אמאל אריינגעמען עסן א כשר ביסן, כאטש פרייטאג צונאכטס זאל ער מיט איר עסן צוזא־מען, וועט זי האבן א גוטע געלעגנהייט אביסל צו רעדן צו אים אידיש־קייט. זי האט זיי געענטפערט:

נו, אז איר פארשטייט אזוי פאר גוט, האב איך נישט דערקעגן.

מיט מזל און ברכה — האט ר' שמואל וואלף געזאגט — קומט מיט מיר שוין אריבער צו זיי.

דער „סעקרעטער" האט געגעבן זיין צושטימונג. און רבקה איז געבליבן אין קיבוץ, די „קעכערקע" אין די כשר׳ע קיך, ביי די אלטע לייט.

די אלטע חברה האבן זיך באלעקט די פינגער מיט רבקה׳ס געקעכץ, זי איז געווען זייער א גוטע קעכערקע. רבקה האט געפועל׳ט ביי ישראל׳יקן ער זאל שבת בייטאג אריינקומען צו איר און עסן פון די פיינע שבת׳דיגע מאכלים, טשאלינט, קוגל, פערפל א.א.וו. פרייטאג צונאכטס האט ער נישט געקענט, ווייל דעמאלס האט די קיבוץ געמאכט איר וואכנטליכע „הוליאנקע", האט ישראל׳יקס יצר הרע נישט צוגעלאזט אז ער זאל דאס פארפעלן. און אויסערדעם וואלט געווען אויפפאלנד זיין פעלן, און וואלט מיט דעם נאך ערגער געמאכט פאר זיינע באגעגענישן מיט די מוטער. אבער שבת בייטאג האט אים קיינער נישט נאכגעקוקט. ס׳האט אים שוין געצויגן צו די געשמאקע שבת׳דיגע מאכלים. האט שוין די מוטער אויסגענוצט די געלעגנהייט און אלעמאל אריינגערעדט אין אים גוטע ווערטער פון אידישקייט. ס׳האט טאקע געמאכט אויף ישראל׳יקן א איינפלוס צום גוטן. אבער אז ער איז צוריק געקומען אין קיבוץ צו די באנדע אויסווארפן, איז אין א פאר שעה געווארן אויסגעבלאזן די מאמעס „השפעה".

רבקה האט זיך נישט באגענוגנט מיט שבת, זי פלעגט אין מיטן וואך אפקאכן אייגנס עפעס א גוטן געשמאקן מאכל, און איז געגאנגען אין קיבוץ רופן איר זון, ער זאל קומען אביסל פארזוכן פון די גוטע נערהאפטע געקעכץ. די קיבוץ לייט האבן זיך נישט וויסנדיג געמאכט, ווארים זיי האבן גארנישט פארדעכטיגט אנדערש, ווי א מאמע וויל איר בן יחיד׳ל קארמען מיט גוטע זאכן. האט זי שוין ביי דער געלעגנהייט אויך געזען עפעס א גוטן איינשפריץ מאכן פון אידישקייט אין ישראל׳קן. און אין הארצן האט זי געהאפט, אז ס׳וועט קומען דער געלעגנהייט וואס זי וועט קענען פון דארט „עוקר" זיין צוזאמען מיר איר זון.

— יב —

וועלוול איז אנגעקומען אויף ארץ ישראל, אנהייב ווינטער תש"ו לפ"ק. דער ערשטער וועג זיינער איז געווען די הייליגע שטאט ירושלים. וועלוול׳ען איז גוט געלעגן אין קאפ און אין הארץ וואס ער האט אויף זיך גענומען  אין סיביר  אז זיין תיקון הנפש וועט זיין מקרב זיין אידן אין ארץ ישראל צו די קדושה, קעמפן קעגן די ציוניסטישע כופרים, וועלכע האבן פארשפרייט זייער נעץ אין אונזער הייליג לאנד אריינצוכאפן אידן און דער עיקר יונגע קינדער, מיט זייערע פארפירערישע דרכים, אין די טומאה, רח"ל. און ער איז טאקע גרייט געווען צו ווידמען אויף דעם זיינע כחות. ער האט זיך אבער בארעכנט, אז קודם מוז ער אביסל זיך צוריקכאפן צום לערנען כאטש א פאר חדשים, תשובה

טאן צו השי"ת מיט תורה און תפלה אין איינעם. צו דעם צוועק האט ער זיך אויסגעוועלט ירושלים וואו ס'געפונען זיך אזויפיל ערליכע אידן תלמידי חכמים און א סאך גרויסע ישיבות. האט ער ביי זיך באשלאסן דעם ווינטער צו בלייבן אין ירושלים, און עוסק זיין בתשובה און לערנען פלייסיג. און נאכהער פון נאך פסח אנגעפאנגען וועט זיין תשובה זיין אריינלייגן אלע זיינע כחות צו ראטעווען אידן פון די „חיצונים" און מקרב זיין צו אידישקייט. ס'פארשטייט זיך אז ווען ער וועט נאר האבן א ביסל פרייע צייט וועט ער ווייטער לערנען און „קובע עתים לתורה" זיין.

וועלוול האט דעם ווינטער זייער שיין פארברענגט. די קדושה איז אים שוין געלעגן אויפ'ן פנים. ער פלעגט א סאך וויינען פאר'ן אויבערשטן אויף זיין ביטערן „עבר". און בשעת ס'האט זיך אים געגאסן די זודיגע טרערן פון די אויגן, פלעגט ער דאס אויך אין זינען האבן אז דער אויבערשטער זאל אים העלפן — אפשר לעבט נאך זיין ווייב רבקה מיט זיין ישראל'יקל ערגעץ — זאל ער זיי צוזאמענברענגען מיט אים. וויזוי? אויף וואסערע אופן? דאס איז דעם אויבערשטנ'ס זאך. מ'דארף אים כביכול נישט געבן עצות.

וועלוול האט געפילט גרויס „סיעתא דשמיא" אין לערנען, ווי ער האט נאר אנגעהויבן אביסל צו פארטיפן זיך אין די הייליגע תורה, האט ער זיך דערמאנט אלעם וואס ער האט געלערנט אין די יונגע יארן ביז נאך די חתונה. און דאס ווייסן מיר דאך אז וועלוול איז אמאל געווען מפורסם פאר א גרויסן „עילוי" אין לערנען און געהאט אויך „סמיכה" אויף רבנות.

אז ס'איז געקומען פסח, איז שוין וועלוול געווען „מלא וגדוש" אין תורה און אין יראת שמים. און אזוי ווי ער איז דאך געווען אלעמאל א שיין געשטעל, איצט אז די תורה און יראת שמים איז אים געלעגן צוריק אויפ'ן פנים ווי אמאל אלס בחור, האט ער געהאט א „הדרת פנים" מיט א שיינע שווארצע בארד און חסידישע בגדים. מ'האט אים שוין גערופן „ר' וועלוול" מיט א רי"ש.

תיכף נאך פסח האט זיך וועלוול פארבונדן מיט א חברה יונגע-לייט, וועלכע פלעגן ארום פארן אין ארץ ישראל אין די לענג און אין די ברייט אין אלע דערפער און „מושבות" ראטעווען אידישע קינדער צו תורה און יראת שמים. דאס ערשטע מאל איז וועלוול געווען אויף שבת אין א דארף נעבן חיפה, וואו ס'איז געווען א מחנה פון נייע עולים. וועלוול איז געווען באשאנקען מיט אלע „סגולות" אויף מקרב צו זיין אידן. ער האט געהאט א שיינע שטארקע שטימע, געזונגען זייער געשמאק א ניגון, און אויך איז ער געווען א גוטער רעדנער, ער האט געקענט רעדן צום הארץ פון די מענטשן. ער האט טאקע דעם ערשטן שבת שטארק מצליח געווען. ער האט געברענגט פון דארט עטליכע קינדער

וועלכע זענען שוין געווען דריי פערטל אריינגעכאפט צו די „חיצונים", מ'האט זיי מסדר געווען אין ירושלים אין פרומע אַנשטאַלטן.

אין מיטן וואך האט ער באזוכט עטליכע „מושבות" און „קיבו־צים", און האט געהאלפן אויפשטעלן דארט אויף'ן אָרט א „תלמוד תורה". און ער האט זיי מחזק געווען מיט עטליכע ווארימע דרשות, ס'איז געווען גרויס התעוררות צווישן די איינוואוינער פון דעם מקום. די יונגעלייט מיט וועלכע וועלוול האט זיך פארבונדן האבן זיך מיט אים מחי' געווען, זיי האבן געזען א גרויסן „צוקונפט" אין די ארבעט זיינע פאר'ן „דרך התורה והאמונה".

* * *

ל"ג בעומר האט זיך דערנענטערט. ל"ג בעומר אין מירון איז געווען א באזונדערע געלעגנהייט פאר פעאיגע עסקנים אויפצוטאן פאר אידישקייט. ס'איז זיך צונויפגעקומען אין מירון, אויף די הילולא פון דעם גרויסן תנא רבי שמעון בן יוחאי, עטליכע צענדליגע טויזנטער מענטשן פון אלע סארטן און אלע שיכטן. אשכנזים, ספרדים, חסידים, דייטשן, אין די לעצטע יאָרן האבן זיך גענומען די פרייע אויך צו פאָרן אויף מירון אין ל"ג בעומר, גאנצע קיבוצים מיט יונגווארג גאנץ פרייע אפילו פון די לינקע „שומר הצעיר" פלעגן מאכן א אויספלוג אין דעם טאג אויף מירון. פאר סתם ערליכע אידן איז עס געווען א קנאפע געווינס זייער באזוכן דארט, פארקערט ס'האט צוגענומען דעם גאנצן חן פונ'ם פאר־ברענגען אין מירון ווי מ'האט זיך געדרייט און געקוקט האט מען זיי באגעגנט. אין מערה זענען זיי דאך נישט געזעסן, דאוועגען תהלים זאגן, א זעלכע זאכן האט דאך זיי נישט אינטערעסירט, זענען זיי ארומ־געגאנגען די גאנצע צייט וואס זיי האבן דארט פארברענגט, ממילא ווי מ'איז געגאנגען האט מען זיך אין זיי אנגעשטאָלפערט. ווער שמועסט נאָך די „פריצות" וואָזוי זייערע מיידן פלעגן קומען אהין אין דעם מקום קדוש, האט דאס איינעם אין גאנצן פארשטערט די שמחה. אבער פאר די יונגע־לייט וועלכע האבן געהאט אין זיך די פעאיגקייטן [redacted] איז זיי מירון געווען א געלעגנהייט וואו מ'האט געקענט אמאל ארויסראטעווען א פארבלאנדשעטע נשמה פון א קיבוץ אדער א דארף.

דער עיקר ארבעט אין מירון איז געווען דאס רעדן צום עולם, מעורר זיין בתשובה, בעטן די מענטשן פון די דערפער און קיבוצים, זאלן געבן א אידישן חינוך פאר זייערע קינדער. און אזוי ווי וועלוול איז געווען דער גוטער רעדנער מיט א שיינע לויטערע שפראכע, און געהאט בכח איבערצייגן יעדעם מיט א איידעלע „הסברה", האבן די יונגעלייט אויסגעקלערט א פלאן, אויסצונוצן זיינע „כשרונות" אויף צו רעדן צו מענטשן „דברי התעוררות" וועגן חינוך פון קינדער. און אפשר אויך

ראטעווען א פאר דערוואקסענע „נפשות" צו די קדושה.

זיי האבן איינגעארדנט אין דרויסן פונ'ם טויער, דארט ווי די מענטשן קומען ארויף פונ'ם שטראז אביסל אין זייט א שטיקל געשטעל אין פארם פון א בימה, צוגעטשעפעט א מיקראפאן, דארט זאל ר' וועלוול שטיין ל"ג בעומר בייטאג און צוציען אן עולם מיט זיינע שיינע ניגונים און זינגעכצער, נאכהער זאל ער צו זיי רעדן און מעורר זיין צו אידישקייט און צו ערליכן חינוך פאר די קינדער.

פאר וועלוול'ען איז דאס געווען דאס ערשטע באזוך זיינער אין מירון. ער איז געווען שטארק בעאיינדרוקט און באצויבערט פון דעם גרויסן „הרגש קדושה" וואס האט זיך געפילט דארט. באזונדערס בייגאכט ביי די „הדלקה" (מ'האט אנגעצונדן א גרויס פייער צוליב די הילולא) דעמאלס זענען נאך די פרייע נישט געווען דארט זיי האבן ערשט פארטאג אנגעהויבן צוקומען. ממילא איז געווען אלעם פול מיט קדושה. טויזנטער אידן האבן געטאנצט אין רינגען לאנגע שעה'ן מיט איבערמענטשליכע כחות און התלהבות. אלעם איז איצט געווען דארט אין א הויעכן „קדושה" עקסטאזים. וועלוול איז מיטגעריסן געווארן מיט'ן עולם ער האט געטאנצט און געזונגען. דער עולם האט דערהערט אז ער האט א שיין הויעך קלינגעדיק קול, האט מען אים מכבד געווען פארצוזאגן דעם שיר „בר יוחאי", דער עולם האט געפאטשט און נאכגעזונגען.

שפעט נאך האלבע נאכט האט זיך וועלוול ערגעץ ארויסגעזוכט א ווינקל וואו ער האט זיך אויסגעבעט א שטיקל געלעגער, צו כאפן א דרימל א פאר שעה, און זאמלען זיך כוחות אויפ'ן מארגנדיגן טאג.

קוים ער האט געשלאפן א פאר שעה, איז ער אויפגעשפרונגען פונ'ם געלעגער, געמאכט זיך פארוואורפע „נישט שלאפן בין איך געקומען אהער", ער איז אריין צוריק אין די מערה און גענומען זאגן תהלים.

גאנץ פרי האבן אנגעהויבן צו קומען אויך די פרייע. ביי זיי איז דאס געווען אזא ספארטיווער אויספלוג. ס'זענען אויך געקומען קינדער פון די קבוצים מיט זייערע לערערס און מדריכים.

דער קיבוץ פון מפא"י נעבן רעננה, וואו ישראל'יק מיט זיין מאמען זענען געווען, האט אויך די לייטונג באשלאסן היי יאר, מאכן מיט די קינדער, און אויך מיט די גרעסערע אינגלעך, א אויספלוג אין מירון. צווישן זיי אויך ישראל'יקל. די מוטער האט זיך איינגעבעטן ביים סעקרעטער פונ'ם קבוץ אז זי זאל אויך קענען מיט ישראל'יקן מיטפארן. ס'זענען מיטגעפארן נאך עטליכע דערוואקסענע. זיי זענען אנגעקומען אינדערפרי אין א גרויסן פארמאכטן לאסט-אויטא.

דער מדריך זייערער האט זיך נישט געאיילט ארייננשטופן זיך אינ'ם הויף פון די מערה, די בערג אין דרויסן האט אים נישט ווייניגער אינטערעסירט, צו געבן איבער זיי דערקלערונגען פאר די קינדער, געוויינליך

לויט זייערע אפיקורסישע אנשויאונגען.

רבקה׳ן האט אינטערעסירט דער עיקר די מערה, דער הייליגער ציון פון רבי שמעון בן יוחאי. זי האט זיך תיכף ארייגעשטופט אינעווייניג, אין דער זייט ווי די פרויען שטייען, און זי האט זיך גענומען אויסגיסן איר הארץ מיט א אויסערגעוויינליכן „קדושה״ געפיל. אזא געהויבענע מאמענט האט זי נאך קיינמאל אין לעבן נישט געהאט. זי האט אויסגענוצט די געלעגנהייט. פארגיסן זודיגע טרערן אויף איר טאפעלטן געשלאגענעם מצב. דעם מאן האט זי פארלוירן א יאר נאך די חתונה, זי איז א לעבעדיגע אלמנה. האט זי מיט שווערע צרות דערצויגן א קינד, וואס זי האט געמיינט אז ער וועט זיין איר טרייסט, האבן אים הפקר־יונגען צוגערויבט ביי איר, און זי איז געבליבן ביי גארנישט. זי האט איבערגעחזר׳ט איר טעגליכן געבעט מיט הייסע טרערן „רבונו של עולם גיב מיר צוריק מיין וועלוול גאנץ מיט׳ן נפש און מיט׳ן גוף״ דער רבי האט דאך איר צוגעזאגט אויף זיכער אז „די טרערן וועלן אים צוריק ברענגען״ נו, וויפיל איז דער שיעור פוןווארטן? די כוחות לאזן זיך איר אויס פאר צרות, זי מוז צוקוקן ווי איר „בן יחיד״ גייט צו גרונד צווישן די רשעים אפיקורסים. ווי קען זי דאס איבערהאלטן. ווען וועט שוין אן עק נעמען צו אירע צרות? זי איז דאך א שוואכע פרוי, קוים זי לעבט. ווען דער אויבערשטער זאל איר העלפן און וועלוול זאל צו איר צוריקקומען, וואלט עס איר געהאלפן מיט איינמאל אויף ביידע זאכן, זי וואלט צוריק באקומען איר מאן, און זי וואלט אויך צוריק באקומען איר זון, וועלכער איז אוועק וויט ווייט פון איר, כאטש זי איז מיט אים אין איינעם אין קיבוץ.

דאס זענען א טייל פון די ווערטער וואס רבקה האט גערעדט מיט א געיאמער און געוויין, ביים ציון פון הייליגן תנא רבי שמעון בן יוחאי. און זי האט צום ענדע נאכאמאל געבעטן אז דער הייליגער תנא זאל זיך מיען פאר איר און פאר איר זון ישראל׳יק, ס׳זאל מקוים ווערן דעם רבי׳נס ווערטער אז זי וועט נאך ביי אים א סאך נחת זען. און דער הייליגער תנא זאל זיך אויך מיען פאר איר מאן „זאב בן זעלדע״ אויב ער לעבט ערגעץ זאל אים דאס הארץ איבערגעקערט ווערן צום גוטן און זאל געפונען דעם וועג צוריק צו איר.

נאך די הייסע „תפלות״ און „בקשות״ אירע האט זי געפילט א פארגרינגערונג אין הארץ, ווי זי וואלט געוואוסט אויף זיכער אז דער אויבערשטער האט צוגעהערט איר געבעט.

אין דער זעלבער צייט איז געשטאנען איר מאן וועלוול אין דער אנדערער זייט פון די מערה, ביי די מענער זייט, און געזאגט תהלים מיט גרויס געוויין. ביים פארענדיגן גאנץ תהלים, איז געווען פארטאג צייט. די קדושה געפיל איז געווען ביי וועלוול׳ען זייער גרויס.

האט ער זיך א נידערגעשטעלט ביים פענסטער אין די מערה און געקוקט ארוים אויף די הייליגע סודות'פולע בערג, ווי ס'ליגן די „בית הילל" און די „בית שמאי" און נאך א סאך הייליגע תנאים און צדיקים. אזוי שטייענדיג דארט האט ווערלוול געטראכט, איצט איז אים די פאסיגע צייט פאר א „חשבון הנפש" אָפּרעכענען מיט זיך אליין. ער האט אנגעהויבן אריינטראכטן וואס איז איבער אים דורך אין זיין לעבן. ער האט זיך דערמאנט די יונגע בחור'ישע יאָרן נעבן רבי'ן אין ג... איי, ווי גוט איז אים דעמאלס געווען, געלערנט און געדאווינט געפילט א טעם אין לעבן. נאכהער ער האט חתונה געהאט, און ס'האט זיך אנגעהויבן זיין טראגעדיע. אוי, די מאמע, די מאמע... ס'זאל איר נישט גערעכנט ווערן איר נארישקייט, דער אויבערשטער זאל איר מוחל זיין, איר נשמה זאל האבן א תיקון. ווי נאַריש זי האט נעביך געהאנדלט, וואס זי האט אים איבערגערעדט און גערייצט אקעגן זיין שווער, און א קעגן זיין אייגן ווייב, ווענגן אביסל נארישע „געלט", וואס ס'האט סייווי קיין שטאנדהאפטיגקייט, היינט איז עס ביי דעם, מארגן איז עס ביי יענעם. און ווענגן אביסל כבוד, ס'טייטש, איר „זון" האט מען אויסגענארט, נישט באקומען דעם גרויסן נדן. נו, וואס האט זי דורכדעם גורם געווען, זי האט מיך צוגרונד געלייגט און מיין שטוב צוגרונד געלייגט. איך האב נעביך מיין יונגע ווייב אזויפיל מצער געווען. און זי איז דאך געווען א אמת'ע כשר'ע נשמה, זי האט אלעם מקבל געווען באהבה. איך האב איר געלאזט שטיין מיט א פיצל קינד. די גרויסע בושה וואס זי האט געליטן איבער מיר. און ווער ווייס וואס זי האט מיטגעמאכט, ווי שווער זי האט זיך געפלוגט אליין מיט א קליין קינד. אוי וויי, אוי וויי, ווי האב איך געקענט זיין אזא אכזר א קעגן מיין אייגן ווייב און קינד? ס'שטייט אין די ספרים אז מ'דארף טאָן „תשובת המשקל" די תשובה זאל זיין לויט ווי דער „חטא" איז געווען. נו ווי קען איך טאָן „תשובת המשקל" אויף דעם וואס איך האב איר אזוי מצער געווען, אז זי איז נישט דא. ווער ווייס אויב זי לעבט נאָך? אין אזא ווילדע אונטערגאנג וואס מיליאנען זענען אומגעקומען. געווייינליך די מאמעס מיט קינדער האט מען גלייך געשיקט אין פייער. אפשר איז דאך געשען מיט איר א נס און זי לעבט ערגעץ מיט מיין טייער קינד ישראל'יק? אוי, ישראל'יקל ישראל'יקל, נאך אביסל וואָלט ער שוין געדארפט בר מצוה ווערן. אבער וואו איז ער? ווער וועט אים אָנטאָן תפילין? ווען השי"ת זאל מיר העלפן און ער זאל מיר צוריקגעבן מיין רבקה'ן מיט מיין ישראל'יקן, וואלט איך כאָטש געקענט טאָן „תשובת המשקל" איך וואלט איר אפגעצאלט פאר די אלע „בושות" און צער וואס איך האב איר גורם געווען. זי וואלט מיר

זיכער געהאָלפן אין מיין הייליגע אַרבעט „מקרב זיין אידן צום הייליגן באַשעפער, און צו זיין הייליגע תורה", איך וואָלט זיך אָפּגעגעבן מיט אינגלעך און מענער, און זי מיט מיידלעך און פרויען. זי וואָלט מיר געהאָלפן תשובה טאָן, מתקן זיין מיין „עבר". אָבער איז אַזאַ זאַך נאָך מעגליך? קען דאָס נאָך זיין? אוודאי ביים אויבערשטן איז אַלעס מעגליך. וועלוול'ס אויגן האָבן געטרערט אָן אויפהער.

וועלוול האָט זיך אויך דערמאָנט פון זיין פאַרגאַנגענהייט אַלס קאָמאַניסט און אין סיביר אַ קאָמיסאַר, דער סאַדיסטישער שלעכטער קאָמיסאַר. ער קוקט זיך איצט אָן, ער קען זיך אַליין נישט גלויבן אַז ער איז דאָס געווען. וואָסערע נס דער אויבערשטער טוט מיט איינעם אַז מ'קען זיך אַזוי ענדערן. אַ קעגן די סאַך שלעכטס וואָס ער האָט געטאָן פאַר מענטשן, דאַרף ער איצט שטרעבן צו טאָן נאָר גוטס און גוטס בלי שיעור. השי"ת זאָל אים העלפן דערצו. איי הלוואי הלוואי...

אין מיטן איז שוין געוואָרן זעקס, האַלב־זיבן. וועלוול האָט זיך געטראַכט, מ'דאַרף שוין קלערן אויף צוגרייטן זיך צום דאַווענען. אָבער צוערשט וועט ער זיך אַראָפּכאַפּן אונטן און טובל'ן זיך אין דעם טייכל „מי מגידו". ער האָט זיך שוין געלאָזט גיין באַרג אַראָפּ אינ'ם ריכטונג פונ'ם טייכל. אויפ'ן וועג האָט ער באַגעגנט אַ חברה אינגלעך אין עלטער פון 12־13 יאָר פון אַ פרייעם קיבוץ מיט זייער „מדריך" צוזאַמען. זיי זענען געשטאַנען אונטער אַ אַלטן גרויסן בוים. דער מדריך האָט זיי געגעבן אַ ערקלערונג אויף די גרויסע מלחמה פון „דבורה הנביאה" און „ברק" וועלכעס איז פאַרגעקומען דאָ אין „עמק מגידו". אויך האָט ער גערעדט פון „שמעון בן יוחאי" וואָס ער האָט רעוואָלטירט אַ קעגן די רוימישע אימפּעריע... וועלוול האָט זיך ווי אינסטיקטיוו אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע און איינגעהערט זיך צו די ערקלערונגען פונ'ם מדריך. ער האָט זיך אַריינגעמישט און געזאָגט צו אים:

— פאַרוואָס דערציילסטו פאַר די קינדער, נאָר האַלבע זאַכן? וואָס דערציילסטו זיי נישט וואָס ס'שטייט בעפאַר און דערנאָך אין תנ"ך. אַז דבורה הנביאה איז געווען אַ ג־טס פאַרכטיגע צדיקת און זי האָט מקרב געווען איר פאָלק צום אויבערשטן און צו די הייליגע תורה. וואָס רעדסטו נישט פון אליהו הנביא וואָס ער האָט זיך אַרומ־געדרייט דאָ ביי די בערג, פון די גרויסע תנאים וועלכע האָבן צוזאַמען געשטעלט דעם תלמוד. פאַרוואָס רעדסטו פון דעם הייליגן תנא רבי שמעון ווי פון אַ רעוואָלאָציאָנער רח"ל, ער האָט זיך דאָך מוסר נפש געווען נאָר וועגן „תורת השם" און וועגן „קיום המצות", ער איז דאָך געווען בלויז קדושה. מיר אַלע לערנען דאָך זיין תורה. פאַרוואָס פאַר־דרייסטו געשיכטע? פאַרוואָס ליידיגסטו אויס אונזער גרויסע בריליי־

אנטענע היסטאָריע פון איר הייליגן אינהאַלט?

דער מדריך וואלט נישט געווען פארשוויגן וועלוול'ען די רייד. ער וואלט אים באצאלט מיט'ן פויסט ווי זייער שטייגער. ער האט אבער א קוק געטאן אז א קעגן אים שטייט א ריז מיט א פּאָר ברייטע פּלייצעס, און ער איז דא אליין, מיט בלויז אינגלעך, פאר פיזישע גבורה האבן זיי דרך ארץ. האט ער געענטפערט וועלוול'ען:

מיש דיך נישט אריין אין מיינע זאכן, דו דאַרפסט מיך נישט לערנען וואס צו זאגן די אינגלעך, איך בין שוין אין מיין פאַך מער ווי צוואנציג יאָר.

איך זע יאָ אז מ'דאַרף דיך יאָ לערנען — האט וועלוול געזאגט — נאָר דו לאָזט דיך נישט לערנען. נו, אוודאי שוין מער ווי צוואַנציג יאָר פארסמ'סטו די הערצער פון אידישע קינדער.

די אינגלעך האבן אלע אָפּגעלאַכט פון דעם מאָדנעם איד מיט די פּעך שווארצע באָרד. נאר איין אינגעל מיט שיינע שווארצע אויגן האט נישט געלאכט, פארקערט, ער האט געזאָגט צו די אנדערע:

— וואס לאכט איר? אמאל זענען אלע אידן אזוי געווען. און ער האט געזאָגט גאנץ גוטע זאכן. איך ווייס... איך האב אויך גע־לערנט אמאל די זאכן...

און צום מדריך האט זיך דאס אינגל געווענדעט:

פארוואס ענטפערט איר אים נישט צו דער זאך...? יעדער מענטש מעג פרעגן...

דער מדריך האט א קוק געטאן אויף דעם אינגל מיט א פּאָר בייזע אויגן פון א רוצח...

זיי שטיל! „ישראֵל" — האט דער מדריך געשריגן.

וועלוול האט זיך דערנענטערט צו דעם אינגל, און געגעבן אים א צוויק אין די באַקן.

אוי, אינגעלע, ג־ט זאל דיך בענטשן — האט צו אים וועלוול געזאגט — הלוואי זאלסטו דיך ארויסרייסן פון דעם פאלשן וועג און פון די פארפירערס, און געפונען דעם ריכטיגן וועג צום הייליגן באשעפער און צו זיין ליכטיגע תורה, וועט פון דיר ווערן א מענטש.

וועלוול האט זיך שוין נישט געוואלט מער פארזוימען, ער איז שנעל אראפ צום טייכל, אויסגעטאן זיך און געטובל'ט אין די קאלטע ריינע וואסער. ער איז שנעל צוריק ארויף אין די מערה אויפגעפריש־טערהייט. ער האט זיך געשטעלט דאווענען „בצבור" און געדאוונט מיט חשק און התלהבות.

נאָכ'ן דאווענען און עפעס אפעסן, האט זיך וועלוול גענומען צו די ארבעט. דער עולם איז געווען זייער גרויס. אלע בערג ארום די מערה זענען געווען שווארץ פון מענטשן. שווער האט זיך וועלוול

צוגעשטופּט צו דעם אָרט, וואו ס׳איז אים געווען צוגעגרייט א שטיקל בימה צו זיין פּראָגראַם.

וועלוול האט געזונגען „בר יוחאי". דערנאך האט ער גערעדט א פּאָר ווערטער צו די הערצער פון די אידן. ער האט אויך געזונגען דעם אנדערן „שיר" פון ל״ג בעומר „ואמרתם כה לחי" און אויך „אמר רבי עקיבא", און האט ווייטער אפּעלירט צום עולם וועגן א ערליכן אידישן חינוך פאר די קינדער, מ׳זאל זיך נישט לאזן פארפירן פון די כופרים, אפּיקורסים א.א.וו. ער האט געזונגען שיינע פאָלקס-ניגונים, דורכ׳ן מיקראָפאָן האט עס אפּגעקלונגען זייען שיין איבער׳ן גאנצן שטח פון מירון.

* * *

רבקה האט פארברענגט לאנגע שעה׳ן אין די מערה מיט „תפי־לות" און „תחנונים" צו השי״ת. זי איז שוין געווען שטארק אויסגע־מאטערט, און דאס דישעניש איז געווען גרוים אין די מערה, פון דעם געדרענג פון די מענטשן, און פון די סאך ליכט וואס מ׳האט אנגעצונדן, קיין ביסל ריינע לופט, רבקה איז ארוים אין דרויסן שעפּן אביסל פרישע לופט.

ס׳איז דערגאנגען צו אירע אויערן עפּעס א שיין געזיינגעכץ מיט א שיינעם קלינגענדיגן קול, דורך א מיקראָפאָן.

אוי ס׳איז מיר זייער באקאנט דער קול — האט זיך רבקה געטראכט — ווער קען דאס זיין?

זי האט זיך אפּגעשטעלט גוט איינצוהערן, זי קען נישט דערגיין, אבער ס׳איז זיכער אז דאס קול איז איר א באקאנט קול. ס׳דאכט זיך איר אז זי פילט צו דעם קול עפּעס א באזונדערע סימפּאטיע. און די אנדערע מינוט דוכט זיך איר פארקערט, אז זי האט צו דעם קול א אַנטיפּאַטיע, און עפּעס א מין פארדרוס. אוי, ווער איז דאס דארט ווער ס׳זינגט? דא גלעט איר דער קול, דא בייסט איר דער קול.

דאס הארץ הייבט איר אָן עפּעס מאָדנע צו קלאַפּן. זי פילט עפּעס אונטערן באוואוסטזיין, אז דער דאזיגער קול וועט איר ברענגען א שטארקן אויפטרייסלונג אין איר לעבן. זי הייבט אָן צו גיין אין דעם ריכטונג פונ׳ם קול. זי שטופּט זיך דורך צווישן די מענגע מענטשן.

לאזט מיך...! לאזט מיך...! שרייט זי.

וואס זוכט איר אידענע? — פרעגט מען איר.

איך וויל דערגיין פון וואו דער קול קומט. ווער ס׳זינגט אזוי שיין — ענטפערט זי נערוועז.

איר גייט דאך גאר אין א פארקערטע ריכטונג — זאגט מען איר — דארט דארפט איר גיין, אויף יענע זייט.

נעמט זי זיך צו שטופן צוריק: — אוי געוואלד, לאזט מיך א דורך...

און דער קול זינגט אלץ שענער און העכער.

ס'גנב'עט זיך איר אריין א געדאנק אין הארץ:

— אוי ווי! איז דאס נישט... דוכט זיך מיר... אוי, איך האב מורא צו זאגן.

זי פילט אז זי האלט ביים אנידערפאלן.

דער קול הערט אויף צו זינגען, ס'ווערט שטיל.

וועלוול האט זיך אפגערוט. מענטשן שטעלן אים שאלות. ער ענטפערט. דער פרייער קיבוץ וועלכער ער האט אינדערפרי באגעגנט זענען אנגעקומען אהער אָן דעם מדריך. דער מדריך האט זיי אפגעלאזט אויף א ווײַלע. דאס אינגל מיט די שווארצע אויגן שטעלט זיך ארויס פון פאַרנט און זאגט צו וועלוול'ען:

— איר האט דאך קריטיקירט אונזער מדריך, נו זאגט איר אונז איצט א שטיקל ערקלערונג, ווי איר פאַרשטייט, אויף די אלע היסטאָרישע זאכן.

וועלוול ענטפערט גערן, ער דערציילט זיי פון די גרויסע הייליג־קייט פונ'ם תנא רבי שמעון בן יוחאי, וועלכער איז דרייצן יאָר געווען באהאלטן אין א מערה, און האט נישט אויפגעהערט צו לערנען. און נאך און נאך...

אוי, מענטשן דערבארעמט אייך — בעט זיך רבקה צו מענטשן — אפשר ווייסט איר וואו האט מען פריער אזוי שיין געזונגען? זאגט מיר גענוי דאס ארט.

דארט אין דרויסן פונ'ם טויער, אביסל אויף רעכטס — ענט־פערט מען איר.

וואו, וואו? ווײַזט מיר, איך האב נישט קיין כח צו גיין — בעט זי זיך ביי א יונגערמאן.

מ'האט דאך אייך שוין געזאגט, פאר'ן טויער אין דרויסן אויף רעכטס.

מענטשן דערבארעמט אייך, לאזט מיך א דורך — בעט זי זיך ווייטער — און קוים זי קען ווייטער קומען מיט א פאָר טריט.

אפשר ווייסט איר — פרעגט זי א יונגערמאן — דעם נאמען פון דעם ווער ס'האט פריער געזונגען?

איר מיינט ר' וועלוול'ען?

אוי! מענטשן פירט מיך צו ר' וועלוול'ען, אוי געוואלד! איך פאַל אנידער!

וואס איז מיט אייך ליבע פרוי — פרעגט איר א אידענע?

„למען השם" אויב איר האט א ג־ט אין הארצן, פירט מיך צו

צו דעם ר׳ וועלוול׳ען וואס האט פריער געזונגען.

איך אליין ווייס אויך נישט פינקטליך — זאגט די אידענע.

א יונגערמאן רופט זיך אָן: — נעמט איר ביים אָרעם, און איך וועל אייך ווייזן וואו צו גיין.

נו, העלפט מיר — זאגט די אידענע צו א צווייטע פרוי.

צוויי פרויען נעמען אָן רבקה׳ן ביים ארעם, און מ׳פירט איר.

אָט, דאס איז ער! זאגט דער יונגערמאן נאך פון צען מעטער ווייט.

זי דערזעט אים, זיין הויכן שטערן, זיין שווארצע באָרד, זיינע שווארצע ברענענדיגע אויגן.

אוי, דאס איז ער! נו, נאך אביסל נענטער — בעט זי זיך ביי די פרויען.

זי זעט, ארום אים שטייען די אינגלעך פונ׳ם קיבוץ. און ער פארפירט א שמועס מיט ישראל׳יקן.

זי קומט נאָנט א דריי פיר מעטער, גיט זי א געשריי, מיט די פינגער ווייזנדיג אויף ישראל׳יקן:

וועלוול! וועלוול! דאס איז אונזער ישראל׳יק!

ישראל׳יקל! דאס איז דיין טאטע!

די כחות האבן זיך איר אויסגעלאזט. זי פאלט אנידער אין חלשות. מענטשן מינטערן איר.

וועלוול איז געווארן ווי צעמישט.

נישט מער ווי א מינוט האט געדויערט ווילאנג וועלוול האט זיך אָריענטירט, און געוואוסט געָנוי וואס ס׳קומט פאָר.

ער גיט א כאַפ ישראל׳יקן פעסט מיט דער רעכטער האנט, און מיט דער צווייטער האנט העלפט ער צו מינטערן רבקה׳ן.

ישראל׳יק מיט זיין קלוגן קאפ, האט אויך זיך משער געווען וואס ס׳קומט פאר, און אז דער איד איז ווארשיינליך זיין געפונענער טאטע.

דער מדריך קומט אונטער, ער שרייט אויף די קינדער, צו גיין נאך אים.

ישראל׳יק בלייבט איינגעקלאַמערט אינ׳ם פאטערס האנט. דער מדריך שרייט אויף אים:

— גיין!

וועלוול זאגט:

— דאס איז מיין קינד! ער קומט מיט מיר.

ס׳איז נישט ריכטיג — שרייט דער מדריך — ביי אונז איז פארשריבן, אז זיין פאטער איז א „קאָמאָניסט" אין מאסקווע.

איך בין דאס טאקע דער געוועזענער „קאָמאָניסט" פון מאסקווע — זאגט וועלוול.

מ׳דארף דאס פעסטשטעלן — זאגט דער מדריך — דערווייל גייט ער מיט מיר אין קיבוץ, איר וועט איינגעבן א ביטגעזוך מיט א מעמוראנדום איבער דער גאנצער זאך. מ׳וועט עס שטודירן. און דאן באשליסן וואָס צו טאָן.

ס׳איז איבעריג א יעדעס ווארט! — פסק׳נט אָפּ וועלוול.

דער מדריך האט זיך געקווענקלט א שטיק צייט. סוף האט ער איינגעזען אז ער וועט דא גארנישט מאכן. ער האט ארויסגענומען א צעטל און אָויפגעשריבן:

איך... דער און דער... האב צוגענומען מיט געוואלד דאס אינגל ישראל... מיט דעם באגרינדונג, אז איך בין זיין פאטער.

דער מדריך האט געבעטן וועלוול׳ען ער זאל זיך אונטערשרייבן. וועלוול האט דאס גערן געטאָן. און ישראל׳יק איז געבליבן מיט זיין טאטן.

אין מיטן האבן מענטשן דערמינטערט רבקה׳ן, זי איז שוין צו זיך געקומען אין גאנצן, נאר אויסערגעוויינליך אפגעשוואכט.

וועלוול האט געמאכט א הויעכע ברכה:

ברוך אתה ה׳ אלקינו מלך העולם שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה.

וואו איז דער שרייבער? וואו איז דער פעדער? וועלכער זאל קענען אראפשרייבן די פרייד וואס ס׳האט זיך אפגעטאָן אין די הערצער פון וועלוול׳ען און רבקה׳ן?

וועלוול האט געהאלטן אין איין חזר׳ן דעם פסוק:

— „הודו לה׳ כי טוב, כי לעולם חסדו".

און רבקה האט געשעפשעט, מיט ביידע הענט צום הימל:

— איך דאנק דיר פאטער מיינער, איך דאנק דיר...

ישראל׳יקנס הארץ איז געווארן אזוי איבערפולט פון דעם געשעעניש, אז ער האט נישט געוואוסט וואס צו טאן. ער האט זיך געטוליעט צו די מוטער, און געהאלטן אין איין זאגן:

— מאמעשו! איך וויל גיין אין א ישיבה מיט׳ן טאטן. איך וויל נישט צוריק אין קיבוץ. איך וויל גיין אין א ישיבה...

* * *

מענטשן האבן זיך דערוואוסט וואס דא איז פארגעקומען אז מאן און ווייב האבן זיך דערקענט נאך צירקע צוועלף יאר זיין ענ־פערנט, נישט וויסנדיג איינער פון צווייטן אז ער לעבט. די מוטער האט אויך געהאט מיט זיך זייערס א אינגל.

די יונגעלייט מיט וועלכע וועלוול איז געווען פארבונדן, האבן

תיכף גענומען א אויטא, אריינגעזעצט אלע דריי, און אוועקגעפירט אויף ירושלים.

מ'האט וועלוול'ען געדונגען א פאסיגע דירה. און באשטימט אים א געהאלט אויף אויסצולעבן, ער זאל ווייטער פארזעצן די ארבעט פון מקרב זיין אידישע קינדער צו תורה און יראת שמים. דער עיקר אין די „עולים" לאגערן און אין די „מושבות" און שטעטלעך. ער האט אין דעם עוסק געווען א שטיק צייט מיט גרויס ערפאלג. רבקה האט אים אין דער זאך צוגעהאָלפן. שפעטער מיט א צווייאָר איז וועלוול געווארן א ראש ישיבה אין א פראָווינץ שטעטל.

ישראל'יקן האבן זיי תיכף ווי זיי זענען אנגעקומען אויף ירושלים, אריינגעגעבן אין א חסיד'ישע ישיבה. ער האט זייער גוט געלערנט, און איז געשטיגן אין תורה און אין יראת שמים פון טאג צו טאג. ער איז אויסגעוואקסן א גדול בתורה. זיינע עלטערן וועלוול מיט רבקה'ן האבן ביי אים גרויס נחת געזען. און אויך ביי די איבריגע קינדער וואס דער אויבערשטער האט זיי נאך געגעבן.

און אז וועלוול האט אמאל געזאגט צו זיין ווייב רבקה, זיצנדיג פרייטאג צונאכטס ביים טיש:

— גלייב מיר, איך ווייס נישט באמת, וואסערע זכות האט מיך צוריקגעברענגט צו דיר? איך בין עס נישט ווערט.

האט רבקה געזאגט:

מיינע „טרערן" האבן דיך צוריקגעברענגט צו מיר.

אונזער רבי אין ג... האט מיר נאך אין אָנהייב פארזיכערט, אז אויב איך וועל א יעדן טאג בעטן מיט טרערן:

— „רבונו של עולם, גיב מיר צוריק מיין מאן וועלוול'ען, גאנץ מיט'ן נפש און מיט'ן גוף", איז ער מיר מבטיח אָן שום ספק, אז די „טרערן וועלן דיך צוריק ברענגען".

ביזט געערעכט רבקה — האט וועלוול צוגעגעבן — „טרערן" ברעכן דורך אלע מויערן.

---

דער דאָזיגער „סיפור" איז אַראָפּגעשריבן געוואָרן צום ערשטען מאָל אין קורצן, דורך דעם באַגאַבטן שרייבער הרבני הנכבד . . . **שלמה בן דוד** אין ירושלים, אין לשון הקודש. מיר האָבן דאָס איבערגעאַרבעט און איבערגעזעצט אין אידיש, אין אַ פאַרברייטערטן פאָרם, אויף וויפיל ס'האָט זיך געפאַדערט אַרויס־צוברענגען — ווי ווייט מעגליך — אַלע פאַקטן און איינצלהייטן אינ'ם דערציילונג. דאָמיט ס'זאָל זיין אַ „מוסר השכל" אינ'ם אידישן לעבן.

**אלישב כהן**

# אַז מ'הייסט פון הימל טאַנצן . . .

רבי אלימלך און רבי זישא, א גאנצן טאג געוואנדערט
אין דרויסן האט א תמוז'דיגער זון געגליט
אנגעקומען צו א קרעטשמע פארמאטערט
דער קרעטשמער איז געווען א איד

זיי בעטן דעם קרעטשמער, איבערצונעכטיגן
זאגט דער איד ; כ'בין מסכים נאר אזוי
אויב איר זענט גרייט אין די קרעטשמע צו ליגן
אויסגעבעט אויף שטרוי

א ברירה האבן זיי געהאט צו זאגן ניין ? !
אין די נאנט איז נישט דא, וואו נעכטיגן דארט
מיד און צובראכן, פון א גאנצן טאג גיין
געלייגט זיך שלאפן, אין א ווינקל־ארט

אין מיטן נאכט, א חברה פויערן אנגעקומען
דער שענקער האט פון זיי גוט געגאסן
זיי האבן זיך צו שיכור'ן גענומען
ווייַן ווי וואסער, האט זיך געגאסן

באמערקן זיי צוויי אידן, אויף דער ערד ליגן
פארגלוסט זיך זיי צו מאכן א געשפעט
זיי נעמען זיך, רבי'ן ר' זישא'ן צו בריקן
העי ! שטיי אויף פון דיין בעט

מאשקע, מוזט מיט אונז, טאנצן און זינגען
אויב ס'איז דיר טייער, דאס לעבן דיינער
זיי האבן מיט אים, געהאפקעט און געשפרינגען
צוטרעסעט אים אלע ביינער

רבי זישא א אויסגעשעפטער און א מידער
לייגט ער זיך צוריק אויף זיין געלעגער
זיי נעמען אים צו טאנצן, ווידער
א האלבע שעה שפעטער

שטארק צובראכן, צוגריזשעט אין גאנצן
קומט ער צוריק, צו זיין שטרוי־זאק
ער האט מורא, פונ׳ם דריטעמאל טאנצן
האט ער צו זיין ברודער א פארשלאג

כ׳האב מורא — מיילעך — כ׳וועל האבן דעם עק
לאמיר מאכן מיט אונזער ליג ארט א בייט
רבי אלימלך לייגט זיך אויף זיין ארט אוועק
רבי זישא, אין די אינעווייניגסטע זייט

די גוים רעדן, מיר האנדלען נישט קלוג
דער משפט מוז זיין, איבער ביידע אייניג
דער פון די זייט, האט געטאנצט שוין גענוג
איצט וועט טאנצן, דער פון אינעווייניג

ווידער רבי זישא׳ן גענומען צום טאנץ
ביי יעדן קער פילט ער, אז ער בלייבט דארט
קוים ער איז ארויס, מיט׳ן לעבן גאנץ
צוגעשלעפט זיך צו זיין ארט

רבי אלימלך אים טרייסט, קלאפט אים אין פלייצע
ברודער, מ׳דארף זיך פארלאזן אויף השי״ת אין גאנצן
ס׳העלפט נישט קיין חכמה, און קיין עצה
אז מ׳הייסט פון הימל, מוז מען טאנצן



## געשפילט זיך מיט פייער . . . .

(אַן אינטערעסאַנטע טראַגישע דערציילונג. אין פאָרם פון אַ ליד. וואָס דער פּערפּאָסער אַליין האָט בייגעוואוינט. וועלכעס דאַרף דינען פאַר אַ גרויס מוסר השכל)

ביי אונז אין שטעטל, איז א שטיקל שמחה
א נייעם מלמד, האט מען אויפגענומען
מ׳זאגט אויף אים, ער איז א מומחה
די קינדער וועלן צו תכלית קומען

א מופלג אין לערנען, און דערצו א בר דעת
איז געווען דער מלמד, ר׳ ברוך בינדער
געשטעלט אים, איבער די העכסטע קלאַס
איבער, גמרא תוספות קינדער

געווען צו די קינדער, איבערגעגעבן, געטריי
די טאטעס האבן צו אים, נישט געהאט קיין טענות
ער האט נישט געלאזט, די קינדער פריי
אפילו חול המועד און אסתר תענית

איך בין אויך, אין ר׳ ברוך׳ס חדר אנגעקומען
ער האט מיך אין לערנען, גוט אוועק געשטעלט
ביי מיין טאטן, געלט נישט גענומען
ס׳זאל אים ביישטיין, אויף יענער וועלט

געווען א הויעכער איד, מיט א ברייטע פלייצע
דערצו א קלוגער, אלעס פארשטייט ער
מענטשן האבן גערן געהערט זיין עצה
נאכן רב, געווען דער צווייטער

אויך איז ער געווען, א שיינער בעל תפלה
א תענוג געווען, אים צו הערן ביים ברעטל
געהאט פון אלע זייטן כבוד וגדולה
געווען דאס שפיגעלע פון שטעטל

א שיינע בארד מיט א לאנג רעקל, האט געהאט ר׳ ברוך
אבער א חסיד איז ער נישט געווען, ניין
ער פלעגט זאגן, כ׳האב גענוג דעם שולחן ערוך
א קאַטשע-לאַפּניק *) דארף מען נישט זיין

דעם געדאנקען גאנג, האט ער אויך ארויסגעוויזן
ביים לערנען מיט די קינדער, ביים טייטשן
יעדעס ווארט מוז מען, דעם טייטש פינקטליך וויסן
נישט סתם עפעס אריין קנייטשן

ער פלעגט זאגן, דאס איז נאר א חסיד׳ישער בלאָפער
ווער ס׳טייטשט "בהמה" א בהמה "קרבן" א קרבן
ווען מ׳טייטשט בהמה "פי", קרבן אן "אָפּפער"
פון דעם, ווערט מען נאך נישט פארדאָרבן

*) א שלאָך, א כניאָק

פון עפעס א אלטן טייטש־חומש, א דיקן
פלעגט ער לערנען, חומש רש״י מיט די קינדער
דארט פלעגט ער אלעמאל אריינקוקן
און באלעקן זיך די פינגער

וואס דער אלטער צופאלענער חומש איז
האבן מיר קינדער, קיין השגה נישט געהאט
נאר פאר ר׳ ברוך׳ן איז געווען צוקער זיס
יעדעס וואָרט דאָרט, און א יעדער פשט

קינדער האט ר׳ ברוך געהאט, נאר דריי זכרים
טעכטער האט ער נישט געהאט אין גאנצן
נאר אזויווי אלע דריי, זענען געווען מובחרים
האט ער זיך נישט גענומען, אזוי צום הארצן

געווען די דריי אינגלעך, פאר ג־אט און פאר לייטן
מעגן זיך וואונשן א זעלכע, אלע פעטער
גוט געלערנט, איינער בעסער פון צווייטן
מיר וועלן נאך רעדן, פון זיי שפעטער

*

אין יענע צייטן, אין מיינע קינדערישע יאָרן
פלעגן חשוב׳ע אידן, זיין מחזיר על הפתחים*)
יורדים, געוועזענע גבירים, פלעגן ארום פארן
אדער סתם א שיינער איד, א תלמיד חכם

פאר פדיון שבוים, פון די מיליטער אויסצולייזן
פאר הכנסת חתן וכלה, אונטער די חופה צו פירן
זיי פלעגן זיך אויך, אין אונזער שטעטל באווייזן
אנגעקלאפט, אין די רייכע טירן

געוויינליך , איז ביי די אורחים געווען דער סדר
די וואס פלעגן אליין גיין, איבער די הייזער
פלעגן קומען צו בעטן, ביי ר׳ ברוך׳ן אין חדר
א אינגל פאר א וועגווייזער

מאכט זיך אמאל, אזא מעשה טוט פאסירן
ס׳קומט א אלטער איד, מיט א לאנגן באָרד א ווייסן
ער בעט א אינגל, וואס זאל אים פירן
די אדרעסן פון די נדיבים ווייזן

ר׳ ברוך האט געהאלטן, אין מיט ן חומש ערקלערן
ער בעט דעם אורח זיצן, נעבן זיך אויף דער באנק
באלד וועט ער מיט דעם ענין, פערטיג ווערן
ס׳וועט נישט געדירן לאנג

---

*) גיין איבער די הייזער, בעטן געלט

זיצט זיך דער אורח, נעבן מלמד אויף דער באַנק
ער קוקט אריין אין חומש, זען ווי ער האַלט
פלוצים ווי ס'וואלט אים, א ביס געגעבן א שלאַנג
גיט ער א שפרונג מיט א געוואַלד

וואס איז מיט אייך ר' ברוך, ווי טוט מען אזוי ? !
איר האט דן געוועזן אייער נשמה לשריפה
לערנען מיט מענדלסאָן'ס "ביאור" ימח שמו וזכרו *)
איז פונקט ווי צו עסן נבילה וטריפה

ר' ברוך ווערט בלאס, און ענטפערט אים בייז
נארישער איד! וואס קען דאס מיר שאַדן ? !
אז איך נעם ארויס א טייטש, נישט מאכן א גרייז
אדער א פשט א גלאַטן

דער אלטער איז מסביר : — הערט ר' ברוך בינדער
פונקט ווי חמץ בפסח, איז דאס שעדליך
ס'וועט זיך דערקענען אויף אייך, און אייערע קינדער
ס'זאל נישט שאַדן, איז נישט מעגליך

גיפט לייגט אַן אפיקורס, אין זיינע ווערק אריין
צדיקים, ערליכע אידן, האבן געוואָרנט דערויף זייער
אייערס און אייערע קינדערס נשמה, שטעלט איר איין
געדענקט ! איר שפילט זיך מיט פייער ! ! !

מיט מיינע קינדער, בין איך זיכער און שטארק
שרייט ר' ברוך, פון זיך גאנץ אויסן
און דעם אלטן, כאפט ער אן ביים קאַרג
און ווארפט אים ארויס אין דרויסן

א קאַטשע-לאַפניק ! א שוטה ! בעטלערט און שנאָרט
באגלייט אים ר' ברוך, מיט א פאָר גוטע שבחים
ווייל כ'נעם פון "ביאור" ארויס א טייטש וואָרט
מוז איך שוין גיין אין זיינע דרכים ? !

מיר קינדער האָבן נישט געוואוסט, וואס קומט פאָר
מיר האבן זיך געפילט, זייער שלעכט
אבער אלע קינדער, האבן געהאלטן קלאָר
אז דער רבי איז אוודאי גערעכט

איך איינער, האב אנדערש געהאלטן באלד
קען איך אייך איצט געבן אויף דעם די האנט
כ'האב אין אלטנס רייד, געפילט א אינהאלט
און ס'האט מיר ווי געטאָן זיין שאַנד

---

*) א באוואוסטער אפיקורוס (שנה ופירש) אין דייטשלאנד, וואס ער האט איבערגעזעצט אויף אידיש-דייטש גאנץ תנ"ך.

כ׳האב מיר דעם אלטנס רייד, איינגעקריצט אין זכרון
פארנאכט האב איך זיך ערקונדיגט, וואו ער איז דא
ער האט שוין געוואלט, מיט גארנישט אוועקפארן
איך האב אים ארומגעפירט א פאר שעה

*

ר׳ ברוך איז מיט זיינע זין, געווען באגליקט
געווען אלע געראטענע און שיינע
זיין ווייב האט זיך, צו מיין מאמען אויסגעדריקט
ווי פאר גלייכט איר אייערע קינדער צו מיינע!?

ר׳ ברוך אליין האט זיך געלאזט אמאל הערן
אז ער האט אלע רעכטן, צו האלטן און מיינען
דאס זיינע קינדער וועלן, גדולי תורה ווערן
זיי וועלן די וועלט, פארשיינען

ר׳ ברוך׳ס עלטסטער זון, איז געווען „עוזר״
עלטער פון מיר, מיט א דריי יאָר
א קאפ צו לערנען, און א מתמיד א גרויסער
און אויך א ירא שמים ביז גאָר

צו די פערצן יאר, איז ער אוועק אין די פרעמד
אין מהרש״ג׳ס ישיבה, אויף סעמיהיי
דארט האט שוין זיין נאמען געשם׳ט
אין תורה ויראת שמים, אלע צוויי

נאך צוויי יאר קומט ער אהיים, אין טאטנס הויז
מיט א פאָר צושטרויבעלטע לאנגע פיאות
א גאנצן טאג, איז ער געזעסן אין קלויז
געלערנט מיט גרויס חיות

אריינגעטאן אין לערנען, מיט אלע חושים
געשריבן חידושי תורה, וואס ער איז מחדש אליין
כ׳האב געקוקט מיט קנאה, וואס ער איז מחדש חידושים
און געקלערט, איך וועל אויך אזוי זיין

דער צווייטער מיט א יאר יונגער, איז געווען „מנחם״
א טייער קינד, פאר אלע אידן געזאגט
געהאט צום לערנען, א קאפ א גלייכעם
און האט גרויס תמימות פארמאָגט

א מעשה דערמאן איך זיצט איצט, פון יענער צייט
וואס האט מנחם׳ס יראת שמים, געוויזן ארויס
ער האט אמאל תשעה באב געחליש׳ט, פאר שוואכקייט
ער איז געווען, באוואוסטלויז

מ׳האט אים געוואלט איינגעבן, עפעס צו דערקוויקן
מ׳האט זיך באמיט צו עפענען, זיין מויל און ציין
ער האט געטאן זיין מויל, פעסט צודריקן
און געוואונקען מיט די אויגן, אז ניין !

די זאך האט אויף מיר געמאכט, א שטארקן רושם
א אינגל פון פערצן יאר, אזוי פעסט אין זיין זין
ס׳פאסט אזא זאך, פאר צדיקים וקדושים
זיך מוסר נפש זיין, מער ווי דער דין

מנחם איז אויך אין ישיבה, אוועק געפאָרן
די בעסטע גריסן פון אים אפגענומען
אויסן געווען, עטליכע יאָרן
נאר אמאל אמאל, אהיים געקומען

ר׳ ברוך׳ס אינגסטער זון, איז געווען קלמן
מיט מיר געווען אין די זעלבע יאָרן
חברים געווען, געלערנט צוזאמען
ביז מיר זענען אין ישיבות געפאָרן

כ׳האב אים באגעגנט, דריי יאר שפעטער
איז ער שוין געווען א בחור, מיט א חתימת זקן
ער האט מיר פארציילט, פון זיינע פלענער
אז פון לערנען, וויל ער זיך נישט אפזאגן

★

איך האב מיך אויך, פון מיין היים אפגעזעגנט
צו די פערצן יאר, בין איך אין די ישיבה געפאָרן
אין א אנדער לאנד, א ווייטע געגנט
בין איך אפגעוועזן, עטליכע יאָרן

ווען איך בין שוין צו־מזל א חתן געווען
נאָענט פאר מיין חתונה, עטליכע וואכן
בין איך געפארן אהיים, מיינע עלטערן זען
אויפ׳ן וועג האב איך עוזר׳ן געטראפן

געטראפן אין דעברעצין, אין א קאַפל מיט א שמיטשיק
אויסגעזען פארהאָרעוועט און פארשוויצט
זיין אנגעטועכץ, פארלאזט און שמוציג
און די פיאות שטארק פארקירצט

כ׳בין געווארן איבערראשט ביז גאָר
כ׳האב פאר מיר געזען, אן עוזר א נייעם
ס׳איז נישט דער מתמיד פון בעפאָר
נישט דער פנים פון יראת שמים

ער האט פאר מיר געהאלטן, א רעפעראט א געוויען
עס איז געקומען אנדערע צייטן
מ׳דארף פאָרן ארץ ישראל בויען
און ער טוט זיך צו דעם צוגרייטן

ער האלט נישט חלילה, ביי אראפ פון אידישקייט
און ביינאכט עפנט ער אלעמאל א גמרא
איבערן טאג ארבעט ער פעלד-ארבייט
דאס רופט זיך אָן ״הכשָרה״

ער האט נאך א סאך גערעדט, אריין אין מיין אויער
ער האט עפעס געוואלט, אין מיר אויך איינפלאנצן
אבער מיר האט ווי געטאן, אזא כלי מפואר
גייט קאפוט אין גאנצן

איינס צוויי האב איך דעם געשפרעך געטאן שליסן
איך זאל נאר אין מיין שטעטל, וואס פריער אָנקומען
פאר ר׳ ברוך וועל איך, מיין הארץ אויסגיסן
וואסערע דרך עוזר האט זיך גענומען

קומענדיג אין שטעטל, האב איך באקומען א אָנזאָג
אז מנחם דער צווייטער, לערנט שניידעריי
געטראפן מיך ווי א דינער אין העלן טאָג
כ׳בין געווען ממש פארביי

כ׳בין אריין צו ר׳ ברוך, מיט זייער א שווער הארץ
ער זאל מיר ענטפערן, א תירוץ א גלייכעם
וואס קומט דא פאר, אלץ
מיט עוזר און מנחם ?

א זעלכע טייערע כלים, האב איך געטאן פרעגן
מ׳האט געהאָפט, זיי וועלן גדולי תורה ווערן
זאלן זיך פארטאָן, אויף אנדערע וועגן
פון לימוד התורה אזוי אָפקערן ? !

ר׳ ברוך האט מיר געענטפערט, אויף מיין פראַגע
דווקא עוזר׳ס אידייע איז גארנישט אזוי קרום
מ׳מוז אביסל פארשטיין, די היינטיגע לאַגע
ס׳איז נישט קיין מצו׳ה צו זיין דום

דער אנטיסעמיטיזם, טוט זיך אומעטום שטארקן
אזא לעבן איז אונז שוין נמאס
מ׳דארף בויען דאס לאנד, דעם געגאַרטן
זיין גלייך ווי אלע אומות

ר׳ ברוך — זאג איך — אפשר איז עס מעשה שטן ?
און עוזר ווערט קאַליע, כ׳האב מורא
ווי קען שוין עוזר׳ס אידייע געראָטן
אז ער האט אוועק געווארפן די תורה

נארישקייטן ! גיט זיך ר׳ ברוך א זאָג
עוזר וועט נישט די תורה אוועקווארפן
אבער רבנים, האבן מיר שוין גענוג
א שטארקן יוגנט, מיר דארפן

אונזער ערליכן יוגנט, קען מען געטרויען
זייער אָפפער גרייטקייט, איז א גרויסער
זיי וועלן אונז ארץ ישראל בויען
צווישן זיי, וועט זיין מיין עוזר

א פלא, ס׳איז נישט דער ר׳ ברוך פון פריער
כ׳האב זיך נישט געגלייבט, מיינע אויערן
ער פלעגט רעדן פון תורה אָן א שיעור
און אז פאר דעם איז מען געבוירן

ער האט געארבעט, אויף אהבת התורה איינפלאנצן
אין זיינע תלמידים און קינדער
און איצט רעדט ער אנדערש אין גאנצן
ס׳איז מיר א גרויס וואונדער

מיין פארוואונדערונג, האט נאך געטאן שטייגן
ווען — וואס איז מיט מנחם ? — האב איך אים געפרעגט
אזא טייערע נשמה, צוגרונד לייגן
האט ער מיר געענטפערט אויפגערעגט : —

איך זע אז דו מיינסט נאר, מיר צו געבן עצות
נישט סתם, וואס דו ווילסט האבן א תירוץ
מיינע קינדער, פארלאז אויף מיינע פלייצעס
דו מעגסט האבן א ביסל דרך ארץ

א בחור א בר דעת מנחם, קלערט אריין טאקע
וואסערע תכלית, וועט אים ברענגען די ישיבה ?
ער וועט ווערן א מלמד ווי זיין טאטע ? !
נו, וואס גיט מען אויף דעם תשובה ?

דאס אז מנחם גייט צוגרונד, דאס איז א ליגנט
ער וועט זיך ווייטער פירן, אינ׳ם זעלבן דרך
אָבער אַ פאַך וואס מ׳לערנט אין די איגנט
האט גאר אן אנדערן ערך

מיין עוזר און מנחם — האט ער זיך געטרייסט אליין —
איך בין אין אלע הינזיכטן, פון זיי צופרידן
גענוג תורה און יראת שמים, געזאַפּט אין זיך איין
אז זאלן בלייבן, תורה טרייע אידן

כ'בין ארויס, נישט געוואלט אים ברענגען אין צאָרן
מיין אנטוישונג, האב איך געהאלטן אין מיר
ס'איז קלאָר, ר' ברוך איז אנדערש געוואָרן
ער איז נישט דער זעלבער וואס פריער

וואס וואלט געווארן חלילה, מיט לימוד התורה
ווען יעדער זאל אזוי דענקען
און וואו איז "בטחון" אין גרויסן בורא ? !
וואס ער טוט דאס לעבן שענקען

וואס כ'האב געהערט, וואלט איך נישט געקענט גלייבן
ר' ברוך אליין, זאל אזוי ווערן פארגרייזט
אבער קלמן, וועט ביים לערנען בלייבן
האט מיך ר' ברוך געטרייסט

★

די יאָרן לויפן, איינע נאכ'ן אַנדערן
דער היטלעריזם, האט שוין גאנץ ווייט געהאלטן
און איך האב געמוזט, ארום וואַנדערן
פון מיליטער זיך אויסבאהאלטן

אין מיין וואַנדערן, אין גלות אין פלאָג
בין איך אויף בודאפעסט אנגעקומען
איך גיי אין גאס, אין מיטן טאָג
הער איך רופן מיין נאָמען

כ'דריי זיך אויס זען, ווינקט צו מיר איינער
ער רופט מיך ביים נאמען, כ'זאל זיך אומקערן
כ'זע אין הוילן קאפ, א יונג מיט ביינער
מיט א גרויסע טשופרינע אויפ'ן שטערן

ער שרייט צו מיר : — ווייסט נישט ווער בין איך ?
זאג איך : — איך זאל אזוי וויסן פון צרות
זאגט ער : — דערמאן זיך נאר אויף גיך
איך בין מנחם ר' ברוך'ס

אוי וויי ! א בראָך אויף שונאי ישראל
שריי איך, ווי איך דאס הער
ווי ביזטו אזוי געווארן מיטאמאל ?
און ווי קומסטו דא אהער ?

ער ענטפערט מיר רואיג און קאַלט
עס איז גאנץ א פשוט'ע זאַך
מאך נישט אזא געוואלד
איך ארבעט דא אין מיין פאַך

נו דארף מען אוועקווארפן, אידישקייט דערפאַר !?
פרעג איך אים ברודערליך אזוי
אוי ! ביזט נעביך דיין טאטן מצער
זעסטעך אויס ווי א גוי

אראפשטעכן מיין טאטן, וואלט איך מיר ערלויבט
האט מנחם געענטפערט געמיין
מיינע בעסטע יונגע יאָרן, מיר צוגערויבט
איך קען אים נישט מוחל זיין

מיט אלעם האט ער נאר געמיינט, עגאָאיזם
ער זאל קענען פאר מענטשן, שטאלצירן, ווייזן
היינט איז מיין אידישקייט, דער קאָמאָניזם
און דער חבר "סטאלין" וועט אונז אויסלייזן

אוי ! מנחם מנחם, ס'פאלט פון מיר שטיקער
האב איך גענומען קרעכצן, אין מיטן גאַס
דו האלסט אזוי, פון א רוצח א שיכור
א מנוול פון די לעצטע קלאַס

באלד וועסטו זען אָשר, וויזוי איך בין געפאַלן
האט מנחם, מיט א רציחה גענומען שרייען
אז דו רעדסט נאך אווארט, אויפ'ן חבר סטאלין
וועל איך דיר דעם קאפ אראפדרייען

כ'האב זיך ממש דערשראקן, פון זיין צורה משונה
ווי פאר א חי' רעה די אויגן אים שטייט
פון פאָרנט אויף הינטן, געוואָרפן די טשופרינע
געזען ער איז צו אלעמען גרייט

ג-אט זאל זיך אויף דיר דערבארעמען, מנחם
איז מיינע לעצטע ווערטער געווען
און ער זאל זיין, אויף דיין טאַטן מרחם
וואס ער האט דערלעבט דאס צו זען

איך פארטראכט זיך, א מענטש זאל זיך אזוי בייטן
מיילע ווערן א קל, ליידער פאַסירט אזא זאַך
אבער אזוי, פ'ן איין עק אויפ'ן צווייטן !?
דאס איז שוין גארנישט איינפאַך...

*

דאס אנטיסעמיטיזם, האט זיך געשטארקט אין אונגארן
היטלער ימ״ש איז שוין געווען אין טשעכיי
מ׳האט א סאך אידן געטאן פארשיקן, פארשפארן
כ׳האב זיך נישט געקענט, ארום דרייען פריי

אהיים פארן האב איך נישט געקענט, ביי קיין פאל
האט מען מיר פון מיין שטוב, א באריכט געגעבן
אויף ארץ ישראל, צו פארן אומלעגאל
האב איך באשלאסן צושטרעבן

בעזר השם, האט מיר נישט לאנג גענומען
אין גאנצן, נישט מער ווי א חודש
כ׳בין אויף ארץ ישראל אנגעקומען
קיין ירושלים עיר הקודש

דעמאלס ביים ענגלישן מאנדאט, האט זיך געפירט
די פאליצאנטן, וואס האבן די ארדנונג געהיט
האבן אלעמאל, פער־דריי פאטרולירט
אן ענגלישער, אן אראבער, א איד

איינמאל, כ׳שטיי אין מאה שערים-מארק
אנטקעגן מיר קומען, די דריי פאליזן
איינער נעמט זיך צו לאכן שטארק
מיט די פינגער אויף מיר געוויזן

תחילת האב איך נישט געגלייבט, דאס ער מיינט מיך
וואסערע עסק האב איך, מיט א פאליצאנט ? !
אבער ער דערנענטערט זיך צו מיר גיך
און רייכט מיר א האנט

מיט א געלעכטער טוט ער מיך, פאר זיי פארשטעלן
אט, דאס איז מיינער א לאנדסמאן, אשר
און זאגט שוין א ליצנות, זיי צו געפעלן
דיינע ציצית זענען כשר ?

ער לאכט און קראכט אויף מיר אלץ מער
און פרעגט, איך ווייס נישט ווער ער איז ?
איך זאג : — איך ווייס נישט וואס און ווער
וואס האב איך מיט א פאליז ? !

וואס איז אשר ? דו האסט, דאך א גוטן זכרון
איך בין ר׳ ברוך בינדער׳ס עוזר
זעסט, כ׳בין אזא גוי געווארן
דו האלטסט, כ׳בין א רחמנות א גרויסער

אבער א רחמנות זענט איר, פינסטערלינגען
און גלייכצייטיג אויך צום לאַכן
איר טוט, שיינע יונגע יאָרן פארשלינגען
מיט אייערע פאַנאַטישע זאַכן

ער וואלט נאך געווען געלאַכט, און געשפעט
ווען די צוויי קאָלעגן, וואלטן אים נישט געטריבן
און איך האב געשוויגן, גארנישט גערעדט
כ׳בין אָן לשון געבליבן

פאר מיינע אויגן שטייט זיין העפט מיט די חידושים
וואס ער האט, צו זעכצן יאר אנגעשריבן
און איצט איז ער ווי א גוי מגושם
גארנישט איז אים געבליבן

אוי! א רחמנות אויף דיר, ר׳ ברוך בינדער דאָרט
האסט געזאזט, עוזר׳ס אידייע איז גארנישט קרום
אבער די אלע אידייען בלייבן נישט אויף איין אָרט
זיי גייען ווייטער מיט׳ן שטראָם

און איך פארטראכט זיך, א מענטש זאל זיך אזוי בייטן?!
מיילע ווערן א קל, לײדער פאַסירט אזא זאַך
אבער אזוי, פון איין עק אויפן צווייטן?!
דאס איז שוין גארנישט איינפאַך...

*

די מלחמה האט געפלאַקערט, שוין יאָרן
אין פוילן האט מען אידן פארברענט
אידן זענען קיין ארץ ישראל געפאָרן
אויף וועגן וואס מ׳האט נאר געקענט

אלעמאל, בעפאָר א שיף איז אנגעקומען אין לאנד
די סוכנות, האט זיך אזא מנהג גענומען
אין אָפיס איז געהאנגען, א ליסטע אויף דער וואַנט
אלע נעמען, פון די וואס קומען

איך פלעג פילמאל גיין, די ליסטע אפליינען
איך זאל זען, ווער די אנגעקומענע זענען
אפשר וועט מיר אויך, א קרוב ערשיינען
געראטעוועט פון היטלער׳ס גיהנם

מאכט זיך אמאל, כ׳גיי די ליסטע זען
אָט, איך טייטל מיט די פינגער
א נאָמען אויף די ליסטע, איז געווען
קלונימוס קלמן בינדער!

אוי! דאס איז דאך ר׳ ברוך׳ס זון, דער דריטער
מיין חבר, אין איין חדר געגאנגען
ווער ווייס, וואס איז איבער אים פאריבער
איך דארף אים, געהעריג ענטפאנגען

דערזעענדיג זיין פנים, האט עס מיר געגעבן א חיות
מיין צופרידנהייט, האב איך נישט באהאלטן
פארט א בחור, מיט א שטיקל פיאות
אפילו ס׳איז הינטערן אויער באהאלטן

אוי, ר׳ ברוך בינדער, געלערנט מיט די קינדער געטריי
קען דאס נישט אפפרעגן קיינער
כ׳דערמאן זיך פון די עלטערע זין, צוויי
מ׳קען שוין נישט זיין געמיינער

וועט אים כאטש איין זון, איבערבלייבן
וועלכער, וועט אין דרך התורה גיין
איך פארשפרעך אים, ער זאל מיר גלייבן
כ׳וועל אים ביי דער האנט שטיין

אין ירושלים האב איך טאקע, משתדל געווען
ער איז אריין, אין א ישיבה פון פליטים
פון צייט צו צייט, האב איך אים געזען
געפרעגט, ווי ס׳גייט אים

די ישיבה איז געווען, אן אינטערנאַט
וואס מ׳האט געטאן, פאר פליטים איינרישן
פאר גרויסע בחורים, יונגעלייט
מיט אלע באדערפענישן

די הנהלה, האט באלד געשריגן געוואלד
דער בחור איז נישט קיין ישיבה׳אישע סחורה
ער איז בכלל אין אידישקייט קאַלט
און האלט נישט, ביי לימוד התורה

איך האב פארשטיין געגעבן, די הנהלת הישיבה
אויסהאלטן אים בלויז, איז אויך נישט קיין עבירה
דערווייל געפינט ער זיך, אין א ערליכע סביבה
אין די ירושלים׳ער אטמאָספערע

נאך א פאָר חדשים, אפזיין דארט
האט מיר, קלמן אליין געלאזט הערן
ער וויל אוועק פון דעם אָרט
ער מוז אויף א תכלית קלערן

ס׳איז זעלבסטפארשטענדליך, האט ער באשלאסן
אז ער דארף, אן עקסיסטענץ אין די האנט
ער וועט ירושלים, איבערלאזן
זיך ארומקוקן אין לאנד

א בחור אין די יאָרן, שוין נישט יונג געווען
ביים לערנען האט ער נישט געהאלטן
ער זאגט, ער דארף אַן עקסיסטענץ זען
מ׳קען אים נישט אָפּהאלטן

געדענק קלמן ! זאלסט נישט פארגעסן
האב איך צו אים געזאגט ביים אָפּשיד
תפילין, שבת, כשר׳ס עסן
פירן זיך ווי א איד

דער יצר הרע, איז זייער גרויס אין ארץ ישראל
מ׳דארף זיין שטארק ווי אייזן
און מיר זענען דאך, חברים פון אמאל
מיר זאלן זיך נישט אפרייסן

דו ווייסט אָשר, איך בין דאך ר׳ ברוך׳ס א זון
האט ער געזאגט, און אין די אויגן טרערן
צוליב מיין טאטן, וואלט איך עס נישט געטאן
איך זאל א פושע ישראל ווערן

זעסט די תפילין, וואס מיין טאטע האט מיר געגעבן
האט קלמן פארגעזעצט זיינע רייד
דאס וועט מיך באגלייטן, איבער מיין גאנץ לעבן
ווייל דאס האט מיך, ביז היינט באגלייט

כ׳האב זיך פון אים געשיידט, שלעכטמוטיג אין גאנצן
מיין פאַרגעפיל, איז נישט געווען דאס בעסטע
כ׳האב אים געוואונשן, ער זאל ג־אט פילן אין הארצן
ווייל דאס איז, פון די ברכות דאס גרעסטע

*

א לאנגע צייט נישט געהערט, ווי אריין אין וואסער
כ׳האב מיך אינטערעסירט, וואו איך שטיי און גיי
ביז איך האב געהערט, א קול מבשר
ער ארבעט אין חיפה אין בעקעריי

ארבעט ער שבת ? כ׳האב דעם איד געפרעגט גלייך
ער ענטפערט : — פּרָטים, ווייס ער נישט זייער
אבער דאס ווייס ער, ס׳האט צו זאגן א סאך
אז זיין בעל הבית איז א פרייער

די מלחמה האט זיך געענדיגט, זענען אוועק יאָרן
איך האב געארבעט, פאר אונזער ישיבה אין ירושלים
כ׳פלעג אמאל אויף שבת ארויספאָרן
אין א ישוב א אלטן, א נייעם

איך פאָר אמאל אין א שטעטל, אין ארץ ישראל
נישט ווייט פון חיפה, ס׳וואוינען א סאך פרומע
געהאט דארט ידידים, אין א באדייטענדן צאָל
טאקע געזאמלט, א שיינע סומע

זונטיג געגאנגען מיט מיר, צוויי גוטע פריינד
ביי די נדיבים, אנגעקלאפט אין די טיר
אויפן וועג גערעדט, פונ׳ם מצב השבת היינט
אז ס׳איז א סאך ערגער ווי פריער

דערציילט איינער, פון א אָנשיקעניש א פרייעם
א מפ״ם׳ניק האט זיך באזעצט, א רשע להכעיס
געעפנט אין שטעטל, א בעקערי א נייעם
און ער האלט אָפן אין שבת

וויפיל מ׳האט אים שוין געבעטן, איז אלעס אומזיסט
ער וויל נישט ביי קיין אופן, שבת פארמאַכן
ער זאגט, ער איז א שטארקער סאָצאָליסט
און האלט נישט פון די זאַכן

לעצטן שבת, זענען אלע שול-אידן געגאנגען
אנגעטאן אין די טליתים, געמאכט א מחאה
ער און זיינע חברים, האבן גענומען דערלאנגען
געשפאלטנט קעפ, מיט א באזונדערע הנאה

און אזוי גייענדיג רעדנדיג, גיבן זיי זיך א שטעל
אט דאס איז דער רוצח ! ווייזט אויף אים איינער
דער רשע איז געשטאנען, ביים בעקערי אויפ׳ן שוועל
א גרויסע טשופרינע, א יונג מיט ביינער

אוי ! איז מיר קענטיג דער פנים, פון דעם רשע בן נח
ווער איז דאס ? געוואלד ! כ׳דערמאן זיך געשווינדער
גיב א געשריי ארויס מיט׳ן גאנצן כח
אוי ! קלמן בינדער !

איך בין צו זיך געקומען, זיך דערנענטערט צוביסלעך
מיט א אנגעשטרענגטן שמייכל, וויל איך עפעס זאָגן
ער גיט א געשריי : — גיי דו לא יוצלח !
זאלסט דיך פון דאנעט אָפטראָגן !

ער מאכט אוודאי א ווערטל, רעד איך מיר איין
איך וויל דאך פרובירן, עפעס א שמועס אָנקניפן
ס׳איז דאך פאָרט קלמן, עס קען דאך נישט זיין
און איך זאג עפעס מיט די ליפן

ער שרייט ווייטער: — דו עקלהאַפטיגע בריאה!
זאָלסט דא א מינוט, נישט פארבלייבן
מ׳דאַרף אייך אַלע ארויפציען אויף די תּלי׳
אדער פון לאנד ארויס טרייבן
מיינע באַגלייטערס וויסן נישט, וואס זיך דא האנדלט
און איך שטיי און קוק, ווי איינער איז צומישט
קען א מענטש אזוי ווערן, פאר א חי׳ פארוואַנדלט?!
איך האב זיך אויף דעם נישט גערישט
און איך פארטראכט זיך, א מענטש זאל זיך אזוי בייטן
מיילע ווערן א קל, ליידער פאַסירט אזא זאַך
אבער אזוי פון איין עק אויפ׳ן צווייטן?!
דאס איז שוין גארנישט איינפאַך...
און אזוי טראכטנדיג, מאַך איך צו די אויגן
כ׳זע אין דמיון אן אלטן, מיט א באָרד ווייסע
אוי! ווער איז דאס נאר? בין שטארק אנגעצויגן
איך דערמאַן זיך אַן אלטע מעשה
צוריק צו א מעשה, פאר פינף און צוואנציג יאָר
האבן מיך מיינע געדאנקען צוריק געטראגן
אוי! די ווערטער פון דעם אלטן, זענען וואָר
ווען ער האט גערעדט אזוי צוזאגן: —
"וואס איז מיט אייך ר׳ ברוך! ווי טוט מען אזוי!
"איר האט דן געווען אייער נשמה לשריפה
"לערנען מיט מענדלסאן׳ס ביאור, ימח שמו וזכרו
"איז פונקט ווי צו עסן נבילה וטריפה
"גיפט לייגט דער אפיקורס, אין זיינע ווערק אריין
"צדיקים ערליכע אידן, האבן געוואָרנט דערויף זייער
"אייערס און אייערע קינדערס נשמה, שטעלט איר איין
"געדענקט! איר שפּילט זיך מיט פייער...
און דאס פייער האט פארצערט, מ׳ברויך מער נישט קיין ראַיות
ר׳ ברוך האט זיינע דריי זין פארלוירן
ס׳איז נישט דא, ווער ס׳זאל פאר אים לערנען א פרק משניות
הלוואי, וואלט ער זיי נישט געבוירן
און זאל דאס זיין א מוסר השכל, א חשבון הנפש זיך מאכן
צו פאָלגן צדיקים, פאָלגן ערליכע אידן
א ספר פון א אפיקורס, אפילו ס׳שטייט גוטע זאכן
ווי פון פייער, זאל מען זיך דערפון היטן
און א מלמד פון קינדער, א סאך גרעסערן אחריות
טוט ער אויף זיך טראָגן
און איך וועל לערנען פאר ר׳ ברוך, א פרק משניות
און א קדיש אויך אמאל זאָגן

# „מירון" אַמאָל און היינט

ווי וואויל איז אונז געווען אַמאָל —
ווי ליכטיג איז געווען מיט יאָרן.
ווען ל"ג בעומר אין ארץ ישראל —
פלעגט מען אויף „מירון" פאָרן.

יעדן מ'האָט אייזעלעך געדונגען —
נישט אויף אויטאָ'ס מאַשינען.
אויפ'ן גאַנצן וועג געזונגען —
און דעם בורא געהאָט אין זינען.

נאָך פסח שוין גענומען גרייטן —
אָנגעפּאָרט אַ ביסל עסן.
אויף די אייזעלעך געטאָן רייטן —
פון די הבלי עולם פאַרגעסן.

מען האָט נאָך געפילט אַ טעם אין וועג —
און מ'האָט זיך גוט געפונען דאָרט.
פאַרברענגט געשמאַק אַ פּאָר טעג —
ווי ס'פּאַסט אויף אַ הייליג אָרט.

מען האָט גוט זיך אויסגעוויינט —
ס'איז אויפ'ן האַרצן געוואָרן לייכט.
דער אור פון רבי שמעון האָט געשיינט —
זיך געפילט ווי אַלץ עררייכט.

ס'איז דערהויבן געוואָרן די השגה —
נישט געדרייט זיך גלאַט.
און ווי שייך איז געווען די „הדלקה" —
אויף יעדן אַ השפעה געהאָט.

און ביים „בר יוחאי" זינגען —
האָט מען זיך געפילט ממש אין הימל.
ס'האָט אַ גאַנצע נאַכט געקלינגען —
מ'האָט נישט געגעבן קיין דרימל.

און די אינגעלעך ביי די חלאַקע —
געמאַכט זיי שיינע פּאות.
אויף די פּלייצע גענומען דער טאַטע —
געטאַנצט מיט זיי מיט חיות.

ס'האָט געהאָט אַ אידישן פנים —
ס'איז ווערט געווען די נסיעה.
ביי רבי שמעון געווען מחותנים —
און אַהיים געברענגט אַ ישועה.

אַזוי איז אויך געווען דאָס גיין
אויף אַלע מקומות הקדושים.
ס'איז געווען אַלץ מלא חן —
געמאַכט אַ טיפן רושם.

ווי אַנדערש איז היינט ליידער —
די פרייע האָבן אַלץ פאַרכאַפּט.
ס'פאָרן אידן נאָך ווייטער —
אָבער דעם טעם איז שוין פערקלאַפּט.

אריין געברענגט אַזאַ תערובות —
אויף אַזוי אַ הייליג אָרט.
ס'דרייען זיך חצופים וחצופות —
מ'קען נישט זאָגן אַ גוט וואָרט.

און אַזוי איז אין גאַנצן לאַנד —
וואָס מ'ליידט פון די פושעים וקלים.
אומעטום געלייגט אַ האַנט —
און געמאַכט אַ תל פון אַלעם.

אָבער בקרוב וועט אַנדערש זיין —
האָפן מיר און גלייבן.
ר' שמעון בן יוחאי וועט אויפשטיין —
און וועט זיי אַלע אַרויס טרייבן.

ס'וועלן נאָר בלייבן ערליכע און פרומע
און די וואָס וועלן תשובה טאָן.
כפירה, מינות און טומאה,
וועט זיך פון לאַנד אָפּטאָן.

און ס'וועט ערהויבן ווערן דער גייסט —
ווי אַמאָל אין די גוטע יאָרן.
און נאָר אידן ווי די תורה הייסט
וועלן אויף „מירון" פאָרן.

